


ביכער-סעריע

# דאָס פּוילישע ייִדנטום

## 165

רעדאַקטאָר:
מאַרק טורקאָוו
פאַרלאַגס-לייטער:
אַבֿרהם מיטלבערג

די רשימה פון די דערשינענע ביכער צום סוף פון בוך

ישעיה טרונק

# געשטאלטן
# און
# געשעענישן

(היסטאָרישע עסייען)



אַרויסגעגעבן דורכן
צענטראַל־פאַרבאַנד פון פּוילישע יידן אין אַרגענטינע
בוענאָס־איירעס 1962 — ה׳תשכ״ג

# אינהאַלט:

ערשטער טייל:



צווייטער טייל:



דריטער טייל:

# אַ וואָרט פאָרויס

די דאָזיקע זאַמלונג פון היסטאָרישע עסייען איז געשריבן געוואָרן במשך אַ ריי יאָרן. הגם איר טעמאַטיק איז אַ פאַרשידנאַרטיקע, איז איר גרונד־מאָטיוו איין און דער זעלבער: דאָס פאַרגאַנגענע לעבן און אומקום פון מזרח־אייראָפּעיִשן, בעיקר, פּוילישן ייִדנטום — דעם שפּעריש צווייג פון ייִדישן פאָלק פאַר די לעצטע דורות.

דער מחבר באַטראַכט זיי ווי אַ צושטייער צו דער געשיכטלעכער פאָרשונג פון דעם גרויסן און טראַגיש־פאַרשניטענעם מזרח־אייראָפּעיִשן צענטער.

מחמת טעכנישע טעמים איז אין בוך נישט אַריין דער א״ג וויסנשאַפטלעכער אַפּאַראַט, די מראי־מקומות און באַמערקונגען.

ביי דער געלעגנהייט וויל איך אויסדריקן אַ דאַנק דעם ייִדישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט, וואָס האָט מיר דערמעגלעכט צו טאָן די דאָזיקע פאָרש־אַרבעט, ווי אויך דעם פאַרלאַג „דאָס פּוילישע ייִדנטום״, וואָס האָט נישט געקאַרגט קיין מי אַז דאָס בוך זאָל דערשיינען אין דרוק.

דער מחבר

ניו־יאָרק, יולי 1962.

# שמעון דובנאָוו און די מזרח־אייראָפּעישע היסטאָריאָגראַפיע

אין 1960 האָט די יידישע וועלט געפייערט די דאַטע פון דעם 100סטן געבוירנטאָג פון אונדזער גרויסן היסטאָריקער שמעון דובנאָוו. דאָס יאָר 1860 האָט פאַר דער יידישער מזרח־אייראָפּעישער היסטאָריאָגראַפיע נאָך א באַטייט. עס איז כמעט ווי סימבאָליש: אין דעם זעלביקן יאָר ווען עס איז געבוירן געוואָרן דובנאָוו איז דערשינען די ערשטע היסטאָרישע מאָנאָגראַפיע וועגן אַ יידישער קהילה אין מזרח־אייראָפּע — שמואל יוסף פינס „קריה נאמנה" וועגן דער יידישער ווילנע.

פינס נישט איבעריק געלונגענער פּרוּוו פון אַ קהלשער מאָנאָגראַפיע, וואָס אַנטהאַלט אייגנטלעך נאָר רוי־מאַטעריאַל פאַר דער געשיכטע פון דער יידישער קהילה אין ווילנע, היות דאָס בוך באַשטייט כמעט אויסשליסלעך פון העתקות פון אַלטע ווילנער פּנקסים, מצבות־אויפשריפטן און גענעאַלאָגיעס פון ווילנער רבנים און אַנדערע פּערזענלעכקייטן, האָט במשך 20 יאָר נישט געהאַט קיין נאָכפאָלגער.

אין דעם דאָזיקן פרי־פּעריאָד פון דער יידישער היסטאָרישער וויסנשאַפט אין רוסלאַנד שטייט ווי אַ בולטער גרענעץ־סלופּ די פּערזאָן פון בערשאַדסקין.

עס איז בכלל אַביסל אַ קוריאָזער פאַקט, אַז די אָנהייבערס, אַזוי צו זאָגן „פאָטערס" פון דער יידישער היסטאָריאָגראַפיע סיי אין פּוילן, סיי אין רוסלאַנד, זענען געווען נישט קיין יידן: אין פּוילן — דער עקאָנאָמיסט און פּאָליטישער טוער טאַדעוש טשאַצקי און אין רוסלאַנד דאָס גלחישע אייניקל סערגיי אַלעקסאַנדראָוויטש בערשאַדסקי (1850—1896). טשאַצקיס „אָפּהאַנדלונג וועגן יידן און קאַראַימער" דערשינען אין 1806, איז אין פּוילן געווען דאָס ערשטע בוך, וואָס זיין מחבר האָט געשריבן וועגן יידן, מער ווייניקער אין אַן אָביעקטיוון טאָן, אויפן סמך פון געשיכטלעכע דאָקומענטן.

נאַטירלעך האָט היינט דאָס בוך נאָר דעם ווערט פון אַ היסטאָרישן דאָקו־מענט, וואָס כאַראַקטעריזירט די באַציִונג פון געוויסע מער ליבעראַלע פּוי־לישע קרייזן צו ייִדן. טשאַצקי האָט במשך פון כמעט אַ האַלבן יאָרהונדערט נישט געהאַט קיין נאָכפאָלגער אויף דעם געביט — ביז אַלעקסאַנדער קראַוס־האַר מיט זיין „געשיכטע פון ייִדן אין פּוילן״ (1865־1866), וואָס ער דער־פירט ביז דעם טויט פון לעצטן יאַגעלאָנער אויפן פּוילישן טראָן.

(פריִערדיקע פּרוּוון פון האָלענדערסקי (1846) און שטערנבערגן (1860) זענען איבערפלעכלעכע קאָמפּילאַציעס מיט אָן אַ שיעור היסטאָרישע טעוּ־תים). אויך קראַוסהאַרס ווערק ליידט פון מעטאָדאָלאָגישע חסרונות אין דער באַנוצונג און אינטערפּרעטאַציע פון די מקורים און איז טענדענציעז אין זיינע היסטאָרישע מסקנות, וואָס ער מאַכט אין גייסט פון דער אַסימילאַציע־אידעאָלאָגיע, וואָס ער איז געווען איינער פון אירע אויסגעשפּראָכנסטע אָנ־הענגער.

ווידער אין רוסלאַנד איז בערשאַדסקי געווען דער ערשטער היסטאָרי־קער פון ליטוויש־ווייסרוסישן ייִדנטום, וואָס האָט געלייגט די פונדאַמענטן פון אַ ייִדישער היסטאָרישער וויסנשאַפט, דער ערשטער וואָס האָט געשריבן אָן אַפּאָלאָגעטישע און אַקטועל־פּאָליטישע כוונות, נאָר צוליב היסטאָרישער פאָרשונג לשמה.

ביז בערשאַדסקין איז קיין ייִדישע היסטאָריאָגראַפיע אין דעם אייגנט־לעכן זין פון וואָרט נישט געווען. דאָס וואָס מען האָט ביז אים אויף דעם געביט געשריבן איז געווען אייגנטלעך געשיכטע פון דער „ייִדן־פראַגע״ אין רוסלאַנד, געזען פון איר אויסערלעכן, רעכטלעך־פּאָליטישן אַספּעקט מיט אַקטועלע אונטער־טענער פון לויפיקע ענינים, אָדער היסטאָרישע הילפס־וויסנשאַפטן אויפן געביט פון דער ייִדישער עטנאָגראַפיע, פילאָלאָ־גיע ווי האַרקאַוויס היסטאָריש־פילאָלאָגישע אָפּהאַנדלונג „היהודים ושפת הסלאַווים״ (1867), אָדער זיינע פאָרשונגען וועגן די כוזרים און קאַראַימער אין שייכות מיט די ערשטע ייִדישע ישובים אויף דער רוסישער טעריטאָ־ריע, וואָס שמעקן מער מיט אַרכעאָלאָגיע ווי מיט געשיכטע.

צו דער עיקר־אויפגאַבע פון דער ייִדישער היסטאָריאָגראַפיע אין רוס־לאַנד — צו שאַפן פאַר איר, ווי אַ תנאי־קודם, די אַרכיוואַלע באַזע, האָט זיך

קיינער ביז בערשאַדסקין נישט צוגערירט. איך מיין די דריי בענד פון „רוס־קאַ־יעוורעיסקי אַרכיוו" דערשינען צווישן 1882—1903.

אויב בערשאַדסקי איז געווען דער פונדאַמענטן־לייגער איז שמעון דוב־נאָוו געווען דער אַרכיטעקט פון דעם בנין פון דער ייִדיש־רוסישער היס־טאָריאָגראַפיע, וואָס האָט זיך במשך אַ קנאַפּן פערטל־יאָרהונדערט פונאַנ־דערגעבויט אין אַן אימפּאָנירנדיקן פאַרנעם. דובנאָוו געהערט אָבער צו יע־נע אַרכיטעקטן, וואָס טראָגן אַליין צו ליים און ציגל צום בנין.

דובנאָוון געהערט קודם־כל דער פאַרדינסט, וואָס ער האָט געשאַפן אַ געזעלשאַפטלעכע באַוועגונג אַרום דאָקומענטן־זאַמלונג און פאָרשונג פון דער געשיכטע פון ייִדן אין רוסלאַנד (רוסלאַנד מיינט דאָ אויך פוילן, די אַמאָ־ליקע מזרח־פּראָווינצן פון היסטאָרישן פוילן, ווי ליטע, ווייסרוסלאַנד, וואָ־לין און פּאָדאָליע).

אין 1891 האָט דובנאָוו פאַרעפנטלעכט אין „וואָסכאָד" במשך די חדשים אַפּריל־סעפּטעמבער אַ סעריע אַרטיקלען „וועגן פאָרשן די געשיכטע פון די רוסישע ייִדן", אין וועלכע ער שטרייכט אונטער דעם באַטייט פון געשיכטע־קענטעניש פאַרן נאַציאָנאַלן פאַלקס־באַוווּסטזיין און, אַנאַליזירנדיק דעם צו־שטאַנד פון דער ייִדישער היסטאָרישער וויסנשאַפט אין מערב־אייראָפּע, שטעלט ער די פראַגע: צי איז פאַראַן אַזעלכעס אין רוסלאַנד? אויף דער דאָ־זיקער פראַגע ענטפערט דובנאָוו אין נעגאַטיוון זין. ער וואַרפט גלייכצייטיק אָן אַ פּלאַן פון אופנים און מיטלען ווי אַזוי אַזעלכע צו שאַפן. גיט אָן איבער־בליק איבער אַלע מעגלעכע מקורים, פון וואַנען די געשיכטע פון ייִדן אין רוסלאַנד קען שעפּן אירע מאַטעריאַלן. די דאָזיקע פאַרנעמיקע אָפּהאַנדלונג (91 זייטן) פאַרענדיקט דובנאָוו מיט אַ הייסן רוף צו גרינדן אַ ייִדישע היס־טאָרישע געזעלשאַפט.

אַ יאָר שפּעטער איז אַרויס אין העברעיִש אַ פּאָפּולערער קיצור פון דער רוסישער אָפּהאַנדלונג א"נ „נחפשה ונחקורה", אין וועלכער ער אַפּע־לירט צו דער ייִדישער אינטעליגענץ זיך צו פאַראינטערעסירן מיטן ייִדישן עבר אין רוסלאַנד און צו זאַמלען כלערליי היסטאָרישע מאַטעריאַלן פאַר דעם צוקונפטיקן בנין פון דער רוסיש־ייִדישער היסטאָריאָגראַפיע. די דאָ־זיקע העברעיִשע בראָשור האָט פיל מער ווי איר רוסישער פּראָטאָטיפּ (עס

איז אויך אַרויס וועגן דעם ענין אַ רוסישע בראָשור) געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויף צו וועקן אינטערעס פאַר געשיכטע און היסטאָרישע דאָקו־מענטן ביי ברייטע קרייזן פון דער יידישער פאָלקס־אינטעליגענץ.

שמעון דובנאָוו מאָטיווירט זיין רוף נישט מיט אַבסטראַקטע, וויסנ־שאַפטלעכע פאָרש־צילן, נאָר מיט אַקטועלע געזעלשאַפטלעך־נאַציאָנאַלע מאָמענטן, וואָס דרינגען אַרויס, לויט אים, פון דעם שווערן מצב פון רוסישן יידנטום, וואָס דאַרף זוכן אין זיין עבר טרייסט און חיזוק פאַר זיין טראַגישן הווה. דובנאָווס קול־קורא האָט זייער גיך געבראַכט קאָנקרעטע רעזולטאַטן. אין דעם זעלביקן יאָר, אין 1892, האָט אַ גרופּע יידישע אינטעליגענטן גע־גרינדעט די „יידישע היסטאָריש־עטנאָגראַפישע געזעלשאַפט ביי דער חברה מפיצי השכלה אין פּעטערבורג". די קאָמיסיע איז צוגעטראָטן צו רעאַליזירן אַ וויכטיקע אויפגאַבע: צונויפזאַמלען צווישן די טאָוולען פון אַ סעריע בי־כער די דאָקומענטאַציע וועגן יידן, וואָס איז געווען צעזייט און צעשפּרייט אין די צענדליקער בענד פון די מלוכהשע און געזעלשאַפטלעכע דאָקו־מענטן־אויסגאַבעס, וואָס זענען דערשינען במשך פון כמעט אַ האַלבן יאָר־הונדערט.

אַזוי זענען אַנטשטאַנען די „רעגעסטי אי נאַדפּיסי", דער ערשטער באַנד אין 1897, דער צווייטער אין 1910, דער דריטער אין 1913 (די לעצטע צוויי בענד זענען שוין אַרויסגעגעבן געוואָרן פון דער „היסטאָריש־עטנאָגראַפי־שער געזעלשאַפט", וואָס האָט סוף 1908 פאַרטראָטן די „היסטאָריש־עטנאָ־גראַפישע קאָמיסיע ביי דער חברה מפיצי השכלה").

די דריי בענד „רעגעסטי אי נאַדפּיסי", צונויפגעשטעלט פון ווינאַווער, האַרנפעלד, סעוו, סירקין און ווישניצער (פון 2טן באַנד) זענען אַ גרויסער אויפטו פון דער יונגער רוסיש־יידישער היסטאָריאָגראַפיע. אין זיי זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן העכער 2450 רעגעסטן און פראַגמענטן פון אויפ־שריפטן, דאָקומענטן און ווערק, וואָס אָריענטירן דעם פאָרשער אין דער ריי־כער געדרוקטער דאָקומענטאַציע וועגן דער געשיכטע פון יידן אויף דעם שטח פון דער גרויסער רוסישער אימפעריע. דובנאָווס קול־קורא האָט אויך געבראַכט אין רעזולטאַט צו דער אַנטשטייונג פון אַ היפשן אַרכיוו ביי דער „היסטאָריש־עטנאָגראַפישער קאָמיסיע", וואָס איז בהדרגה געוואַקסן פון צו־

געשיקטע, אָדער אויף אַן אַנדערן אופן דערוואָרבענע פּנקסים פון קהילות און חברות (אין אָריגינאַלן און קאָפּיעס), פון איינצלנע דאָקומענטן, בריוו, גענעאַלאָגיעס אאַז״וו, און פון אַ רייכער זאַמלונג פאָלקלאָריסטישן מאַטע־ריאַל — פאָלקס־לידער און פאָלקס־מעשיות, — וואָס אַ טייל פון זיי האָבן שאול גינזבורג און מאַרעק אַפּגעדרוקט אין יאָר 1901.

עס וואָלט אָבער געווען אויבערפלעכלעך און סימפּליפיצירט ווען מיר וואָלטן איין פערזאָן, אַפילו ווען דאָס איז געווען דובנאָוו, צוגעשריבן די אויסשליסלעכע סטימולאַטאָרישע ראָל פון וועקן דעם אינטערעס פאַר גע־שיכטע־פאָרשונג אין דער יידישער געזעלשאַפט. דובנאָוו האָט נאָר אויף זיין איבערצייגעוודיקן אופן, אין זיין וואַרעמען און פּאַטעטישן סטיל, און אַנטשפּרעכנדיק צו די דעמאָלטיקע שטימונגען אין דער יידישער געזעל־שאַפט אין רוסלאַנד, פאָרמולירט דעם נאַציאָנאַלן פּראָגראַם פון געשיכטע־פאָרשונג אויף אַ מאָדערנעם וויסנשאַפטלעכן אופן.

עס איז כמעט אַ כלל אין דער קולטור־געשיכטע פון פעלקער, אַז האַנט ביי האַנט מיט נאַציאָנאַלן אויפברויז און אויפלעבונג גייט אַן אויפ־שוווּנג אין דער היסטאָריאָגראַפיע פון געגעבענעם פאָלק. די דאָזיקע דער־שיינונג אָבסערווירן מיר, למשל, ביי די פּאָליאַקן נאָכן אויפשטאַנד פון 1863, ביי די טשעכן נאָך דער דורכגעפאַלענער רעוואָלוציע פון 1848, ביי די אוקראַינער פּאַראַלעל מיט דער פאַרשטאַרקונג פון דער נאַציאָנאַלער באַוועגונג אין דער צווייטער העלפט פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט. זייט ביי זייט מיטן נאַציאָנאַלן פערמענט, וואָס די דאָזיקע פעלקער האָבן דעמאָלט אַדורכגעמאַכט, איז פאָרגעקומען אַן אויפלעבונג אין זייער היסטאָרישער לי־טעראַטור.

אויף אַן ענלעכער שטרעמונג שטויסן מיר זיך אָן ביי די רוסישע יידן תחילת אַכציקער יאָרן, ווען אונטער די קלעפּ פון פּאָגראָמען פון די יאָרן 1881־1882 האָט דאָס רוסישע יידנטום איבערגעלעבט אַ תקופה פון אַ שטאַר־קער נאַציאָנאַלער אויפטרייסלונג. די פּאָגראָמען האָבן, געוועקט די נאַציאָ־נאַלע ענערגיע, סיי אין דער ריכטונג פון געדאַנק, סיי אין דער ריכטונג פון טאַט. חיבת־ציון, „בילו״ און „עם העולם״־באַוועגונג, עמיגראַציאָניזם, סאָ־ציאַליזם — זיי אַלע וואָרצלען אין די שטורמישע אַכציקער יאָרן.

דער אויפגעוואַכטער אינטערעס פאַר געשיכטע איז, חוץ דעם, געווען דיקטירט פון אַקטועלע פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע מאָמענטן, וואָס האָבן געוואָרצלט אין דעמאָלטיקן מצב פון רוסישן און פּוילישן ייִדנטום. אַטאַקירט פון אָפיציעלן און געזעלשאַפטלעכן אַנטיסעמיטיזם, וואָס האָט אָפּגעפרעגט דאָס רעכט פון דער ייִדישער באַפעלקערונג אויף גלייכבאַרעכטיקונג, האָט די נאַציאָנאַל־דערוואַכטע רוסיש־ייִדישע אינטעליגענץ געזוכט ראיות פון ווייטן עבר אויף צו באַווייזן איר היסטאָרישן יחוס, איר געשיכטלעכע פאַרוואָרצלטקייט אין רוסישן באָדן און איז אויסן געווען צו שאַפן איר אַפּאָלאָגעטיש געווער פאַר דעם שווערן קאַמף, וואָס זי האָט געפירט.

דער הויכפּונקט פון דער דאָזיקער אַנטוויקלונג איז דאָס אַנטשטיין פון דער ייִדישער היסטאָריש־עטנאָגראַפישער געזעלשאַפט אין 1908 און פון איר אָרגאַן דער „יעווריעיסקאַיאַ סטאַרינאַ". די געזעלשאַפט, וואָס בראש פון איר זענען געשטאַנען שמעון דובנאָוו, מאַקס ווינאַווער, מיכאל קולישער, מאַרק ווישניצער, ס. גאָלדשטיין, האָט סטימולירט און אָרגאַניזירט דאָס זאַמלען דאָקומענטן און היסטאָרישע מאַטעריאַלן, פלעגט איינאָרדענען עפנטלעכע וויסנשאַפטלעכע לעקציעס, האָט פינאַנסירט די היסטאָרישע און פאָלקלאָריסטישע עקספּעדיציעס פון אַנ־סקי אין יאָר 1911 אאַז״וו.

די „יעווריעיסקאַיאַ סטאַרינאַ" אונטער דובנאָווס רעדאַקציע, איז געווען די ערשטע פאַר עקסעלאַנס ייִדישע היסטאָרישע צייטשריפט אין רוסלאַנד און האָט געשפּילט די זעלביקע ראָל ווי די „מאָנאַטשריפט פיר געשיכטע און וויסנשאַפט דעס יודענטומס" ביי די דייטשע און „רעווי דעז עטיוד זשוויף" ביי די פראַנצויזישע ייִדן. זי האָט זיך אָבער אונטערשיידט פון די לעצטע מיט איר נאַציאָנאַלן און סעקולערן כאַראַקטער. זי איז אויסן געווען צו „רעווידירן קריטיש דעם אייגענעם עבר, נישט בכדי אים צו פאַרלייקענען, נאָר כדי אים צו פאַרשטיין און דיאַלעקטיש אַנאַליזירן" (י. שאַצקי).

אין סך־הכל זענען אונטער דובנאָווס רעדאַקציע במשך די יאָרן 1909־1918 דערשינען 10 בענד פון דער „יעוו' סטאַרינאַ". דער 11טער באַנד איז 1924 איז דערשינען ווען דובנאָוו האָט זיך שוין געפונען מחוץ די גרענעצן פון ראַטנפאַרבאַנד.

די דאָזיקע פּרוכטבאַרע 10 יאָר אין דער עקזיסטענץ פון דער היס־טאָריש־עטנאָגראַפישער געזעלשאַפט און פון איר אָרגאַן אונטער דובנאָווס רעדאַקציע, האָבן אַרויסגעבראַכט אַ שלל נייע דאָקומענטן, אָפּהאַנדלונגען, מאָנאָגראַפיעס און מעמואַרן, וואָס זענען נישט אָפּגעשטאַנען, און אין פּרט פון נייע אויסבליקן און מעטאָדישע חידושים, איבערגעשטיגן די מערב־אייראָפּעיִשע ייִדישע היסטאָריאָגראַפיע.

אַן אַנאַליטישע ביבליאָגראַפיע פון 12 בענד „יעווריעיסקאַיאַ סטאַרינאַ" (דער 12טער באַנד איז דערשינען אין 1928 און דער 13טער, דער לעצטער, אין 1930, אונטער דער רעדאַקציע פון צינבערגן), פאַרעפנטלעכט פון אברהם דוקער אין באַנד 8־9 פון „היברו יוניאָן קאָלעדזש אַננואַל", ווייזט אויף אַן עשירות פון פּובליקירטע שטודיעס, דאָקומענטן, לעקציעס, רעצענזיעס אאַז"וו, וואָס ציילן צוזאַמען 594 פּאָזיציעס פון געשיכטע, עקאָנאָמיק און סטאַטיסטיק, עטנאָגראַפיע און פאָלקלאָר, שפּראַך און ליטעראַטור־געשיכ־טע, קולטור־באַוועגונגען, אַרכעאָלאָגיע, קונסט און מעמואַריסטיק. דאָס איז אַן אוצר פון ייִדישן וויסן, וואָס זיין ווערט קען מען גאָרנישט איבערשאַצן. אין דער „יעוו' סטאַרינאַ" האָבן פאַרעפנטלעכט זייערע שאַפונגען איבער 140 מחברים, צווישן זיי די קאָריפייען פון דער ייִדיש־רוסישער און ייִדיש־פּוילישער היסטאָריאָגראַפיע. אַ גרויסע צאָל היסטאָרישע, גרעסערע און קלענערע אַרבעטן, זענען אַרויס פון אונטער דובנאָווס פּעדער. וואָס פאַר אַ ריזיקע רעדאַקציאָנעלע אַרבעט דובנאָוו האָט אַריינגעלייגט אין די דאָזיקע 10 בענד איז זיך נישט שווער פאָרצושטעלן.

וואָס עס צייכנט אויס דעם רוב פאָרשונגען פּובליקירטע אין דער „יעוו' סטאַרינאַ", איז זייער היסטאָרישער אָביעקטיוויזם. די אַמאָליקע אַפּאָלאָגע־טישע טענדענצן זענען כמעט אין גאַנצן פאַרשווונדן. מען שרייבט נישט מיטן פּנים צו דער רוסישער געזעלשאַפט, וואָס פאַר איר דאַרף מען זיך ר'עכטפאַרטיקן און אויספּיינען, נאָר מיטן פּנים צום אייגענעם פאָלק, צו זיינע אינעווייניקסטע קולטור־היסטאָרישע ווי אויך עקאָנאָמישע פּראָצעסן און אַנטוויקלונגען. די אויסנווייניקסטע, פּאָליטיש־יורידישע געשיכטע, וואָס האָט פריִער פאַרנומען דעם אויבנאָן אין דער היסטאָרישער פאָרשונג ווערט בלויז איין קאַפּיטל פון דער ייִדישער געשיכטע אין רוסלאַנד בכלל. אַנשטאָט

דער אַזוי־גערופענער „ייִדישער פראַגע“, וואָס מען האָט געקייט און איבערגעקייט אויף אַלע אופנים אין דער „יעווריעיסקאַיאַ ביבליאָטעקאַ“ און אין „וואָסכאָד“ אין די ערשטע יאָרן פון זיין דערשיינען, האָבן מיר אין דער „יעוור׳ סטאַרינאַ“ היסטאָרישע אַרבעטן, וואָס פּרוּוון רעקאָנסטרויִרן דעם עבר קולטור־היסטאָריש און פון אַ סאָציאַלן,ווירטשאַפטלעך־געשיכטלעכן שטאַנדפּונקט. נאָך אין דער ציטירטער רוסישער בראָשור פון 1891 האָט דובנאָוו קריטיקירט דאָס באַנוצן זיך אויסשליסלעך מיט אָפיציעלע יורידישע מקורים אין דער געשיכטע־פאָרשונג, היות זיי שפּיגלען אָפּ בעיקר די באַציִונגען מיט דער דרויסנדיקער וועלט און ער פאָדערט, אַז זי זאָל געבן „אַן אויספירלעכע שילדערונג פון די סאָציאַלע פאַרהעלטענישן, פון דעם אינעווייניקסטן און שטוביקן לעבנס־שטייגער, פון דעם גייסטיקן און רעליגיעזן לעבן, בקיצור פון דעם עבר אין זיין פולער גאַנצקייט“.

עס ענדערט זיך אויך סיי דער מאַטעריאַל, סיי די מעטאָדע, מיט וועלכער די היסטאָריקערס אַרבעטן. זיי נעמען אַריין אין זייער אַרבעט־וואַרשטאַט, זייט ביי זייט מיט אָפיציעלע מלוכיש־יורידישע מקורים, ייִדישע קוועלן, ווי פּנקסים, בריוו, מיטצייטלערישע זכרונות, אויפרופן אאַז״וו. עס קומט פאָר אַ וויסנשאַפטלעכע ספּעציאַליזאַציע (אַנשטאָט יוריסטן — געשולטע היסטאָריקערס). עס מערקט זיך אויך אַ שטאַרקערע ווי ביז איצט אַקצענטירונג פון נאַציאָנאַלן מאָמענט, וואָס איר ענטוזיאַסטישער פריידיקער איז געווען איר רעדאַקטאָר — דובנאָוו.

נאָך אין 1891, אין דעם אויבנדערמאָנטן אַרטיקל וועגן „פאָרשן די ייִדישע געשיכטע אין רוסלאַנד“ האָט דובנאָוו געשריבן: „...מיר דאַרפן און טאָרן נישט פאַרמשפּטן זיך אויף גייסטיקער סטאַגנאַציע... מיר טאָרן זיך נישט אָפּזאָגן פון דעם דאָזיקן אינעווייניקסטן כוח, וואָס נאָר זעלבסט־דערקענטעניש איז ביכולת צו געבן. טראַכטן אַנדערש, וואָלט געהייסן פּענטעווען בידים די נשמה פון פאָלק, פאַרשמעלערן און פאַרטונקלען די נאַציאָנאַלע אידייע, וואָס איז אין איר עצם אידענטיש ביי אונדז מיט דער היסטאָרישער דערקענטעניש“.

אין זיין פּראָגראַם־רעדע, וואָס דובנאָוו האָט געהאַלטן דעם 21סטן פעברואַר 1910 אויף דער סעסיע פון דער היסטאָריש־עטנאָגראַפישער גע־

זעלשאַפט אין פּעטערבורג, האָט ער געגעבן אַ קריטישע אָפּשאַצונג פון די דערגרייכונגען פון דער ייִדישער מערב־איראָפּעיִשער היסטאָריאָגראַפיע, וואָס אירע חסרונות זענען, לויט זיין מיינונג, אַ קאָנסערוואַטיווע פאַרגליווערונג און אומפעיִקייט צו סיסטעמאַטיזירונג און צוו' אַנד' דערקלערט: „די ענדערונג פון דער היסטאָרישער מעטאָדאָלאָגיע שטייט אין ענגן שייכות מיט דער נאַציאָנאַלער באַוועגונג, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט דאָס ייִדנטום אין דער לעצטער צייט. אויב די תקופה פון „רעליגיעזע רעפאָרמעס” אין מערב־איראָפּע האָט פאַרוואַנדלט די געשיכטע פון ייִדישן פאָלק אין אַ געשיכטע פון יודאַיִזם, איז די אויפגאַבע פון דער נייער נאַציאָנאַלער באַוועגונג צו רעקאָנסטרויִרן די געשיכטע פון פאָלק אין אַלע אירע מאַניפעסטירונגען. מען קאָן פעסטשטעלן אַ קעגנזייטיקע ווירקונג צווישן דער דערוואַכונג פון נאַציאָנאַלן גייסט און דער נייער אויפפאַסונג פון דער ייִדישער געשיכטע. מיר וועלן זיין די שעפער סיי פון אַ נייער (תקופה אין דער) געשיכטע, סיי פון אַ נייער היסטאָריאָגראַפיע („יעוור' סטאַרינאַ” 1910, ב' 1, ז"ז 157—158).

די ווייטערדיקע אַנטוויקלונג האָט באַרעכטיקט דובנאָווס שטאָלצן רוף, ווי עס ווייזט די גרויסע צאָל ווערק סיי פון אַ מאָנאָגראַפישן, סיי פון סינטעטישן כאַראַקטער, וואָס זענען דערשינען אין רוסלאַנד און אין פוילן ביז דעם אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה.

איך וועל נאָר אויסרעכענען די וויכטיקסטע: מאַרעקס „שטודיעס צו דער געשיכטע פון בילדונג ביי די רוסישע ייִדן” (1910), ישראל ציגנבערגס „געשיכטע פון דער ייִדישער פרעסע” (1915), וואָס איז מער ווי אַ געשיכטע פון דער פרעסע און איז אייגנטלעך אַ פרווו פון דער געשיכטע פון השכלה אין רוסלאַנד; טשעריקאָווערס „געשיכטע פון דער חברה מפיצי השכלה” (1863—1913); יולי העססען: „ייִדן אין רוסלאַנד” (1906) און „געשיכטע פון ייִדן אין רוסלאַנד און פוילן” (1914). דאָס סאַמע וואָגיקסטע אויף דעם געביט איז געווען דער פראַכטפולער 1טער באַנד פון דער „געשיכטע פון ייִדן אין רוסלאַנד” (אייגנטלעך אין פוילן, ווייל ביז 1795) — אַ גרויס קאָלעקטיוו ווערק אין וועלכן עס האָבן זיך באַטייליקט די בעסטע ייִדישע און נישט־ייִדישע ספּעציאַליסטן־היסטאָריקערס אויף די שייכותדיקע געביטן.

דער דאָזיקער באַנד איז נאָך ביזן היינטיקן טאָג דאָס סטאַנדאַרט־ווערק וועגן דער געשיכטע פון ייִדן אין פוילן ביזן סוף 18טן י״ה. אין פוילן זענען ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה דערשינען אַזעלכע וואָגיקע ווערק ווי באַלאַבאַנס מאָנאָגראַפיעס וועגן דער געשיכטע פון ייִדן אין לעמבערג און קראָקע (1906, 1913), שאָרס וועגן דער אָרגאַניזאַציע פון די פוילישע ייִדן ביזן סוף 18טן י״ה (1901) און זיין מאָנאָגראַפיע וועגן דער „געשיכטע פון ייִדן אין פרעמיסל״ (1903). שיפּערס שטודיעס צו דער ווירטשאַפט־געשיכטע פון ייִדן אין פוילן בעתן מיטלאַלטער (1911) אאז״וו.

אין 1912 האָט אין וואַרשע אויך אָנגעהויבן דערשיינען אַ פּערטליאַר־שריפט געווידמעט דער פאָרשונג פון ייִדישן עבר אין פוילן.

אַזוי איז פון דער זריעה, וואָס איז פאַרזייט געוואָרן אין די יאָרן 1891־1892 אין אַ גרויסער מאָס אַדאַנק דובנאָוון אויפגעגאַנגען אויף דעם פעטן און פרוכפּערדיקן באָדן פון רוסיש־פּוילישן ייִדנטום די רייפע און שפעדיקע פרוכט פון היסטאָרישער פאָרשונג.

.2

דובנאָוו האָט דעביוטירט מיט אַ היסטאָריאָזאָפישן עסיי אין „רוסקי יעווריי״ אין 1881, אין וועלכן עס איז נאָך שטאַרק קאָנטיק די השפעה פון גרעצס בליקן אויף ייִדישער געשיכטע, ווי אַ געשיכטע פון „דענקען און ליידן״. די דאָזיקע השפעה האָט לאַנג נישט אָנגעהאַלטן. איך וויל זיך דאָ נישט אָפּשטעלן אויף דער עוואָלוציע פון דובנאָווס היסטאָריאָזאָפישער שיטה. דאָס איז אַ טעמע, און אַ ברייטע טעמע, פאַר זיך. אונדז אינטערעסירט דאָ קודם־כל דובנאָווס גרויסער בייטראָג צו דער ייִדישער מזרח־אייראָפּעיִשער היסטאָריאָגראַפיע. אויף דעם דאָזיקן געביט איז דובנאָוו דער זעלבסטשטענדיקער פאָרשער און אַנטדעקער פון היסטאָרישע מאַטעריאַלן און דאָקומענטן, וואָס פיל פון זיי האָט ער דער ערשטער אַרויסגעבראַכט אויף דער ליכטיקער שיין.

מיט אַ שלל פון פּרטימדיקע, אויף נייע מקורים באַזירטע פאָרשונגען, וואָס ער האָט פּובליקירט בעיקר אין „וואָסכאָד״ און „יעווריעיסקאַיאַ סטאַ־

רינאַ״, האָט דובנאָוו אויפגעבויט פיל שטאָקן אין דעם בנין פון דער ייִדי־
שער געשיכטע אין פוילן און רוסלאַנד.

צוויי געביטן פון געשיכטלעכן עבר האָבן באַזונדערס צוגעצויגן זיין
וויסנשאַפטלעכע פאָראינטערעסירונג: 1) די רעליגיעז־סאָציאַלע דיסידענ־
טישע באַוועגונג, ווי די שבתי־צבי באַוועגונג און באַזונדערס איר פוילישע
נאָכווייעניש, די פראַנקיסטישע באַוועגונג, און בעיקר די געשיכטע פון
חסידות, פון איין זייט, און די קהילה־אויטאָנאָמיע אין אַמאָליקע פוילן, פון
דער אַנדערער.

די התחלה מיט דער ערשטער טעמע האָט דובנאָוו געמאַכט אין 1882
אין „וואָסכאָד״ מיט אַן אָפּהאַנדלונג וועגן שבתי־צבי. אין דעם פאָלגנדיקן
יאָר קומט די ריי אויף יעקב פראַנק, וועמען ער האָט געווידמעט אַן אומ־
פאַנגרייכע אַרבעט, וואָס האָט זיך געדרוקט אין „וואָסכאָד״ במשך כמעט
דעם גאַנצן יאָר.

מיט דער געשיכטע פון דער פראַנקיסטישער באַוועגונג האָט זיך דוב־
נאָוו נאָך באַשעפטיקט אין אַ צאָל קלענערע אָפּהאַנדלונגען אין דער פאָרם
פון אויסשעפיקע רעצענזיעס איבער די ווערק וועגן די פראַנקיסטן פון סו־
לימאַ און אַלעקסאַנדער קראַוסהאַר.

דער וויכטיקסטער היסטאָרישער אויפטו דובנאָווס אויף דעם געביט
פון רעליגיעז־סאָציאַלע באַוועגונגען ביי די מזרח־אייראָפּעיִשע ייִדן איז
זיין געשיכטע פון חסידות.

מיט דער געשיכטע פון חסידות האָט זיך שמעון דובנאָוו באַשעפטיקט
העכער 40 יאָר פון זיין שעפערישן לעבן, אָנהייבנדיק מיט זיין ערשטער
אַרבעט וועגן חסידות אין יאָר 1888, אין דער פאָרם פון אַן אַלגעמיינעם
אַריינפיר צו דער געשיכטע פון דער דאָזיקער באַוועגונג, ווו מיר זעען שוין
אין אַלגעמיינע שטריכן דובנאָווס היסטאָרישן בליק אויף איר מהות און
אַנטוויקלונג, ביז די יאָרן 1930־1931 ווען עס איז דערשינען די געשיכטע
פון חסידות אין דריי בענד — דאָס איינציקע גרויסע ווערק, וואָס דובנאָוו
האָט לכתחילה געשריבן אין העברעיִש, לויט דעם באַקאַנטן צוזאָג וואָס ער
האָט געגעבן אחד־העמען.

מיט דער כאַראַקטעריסטישער פאַר אים התמדה האָט דובנאָוו במשך

יאָרצענדליקער געשאַפן די מקורים־באַזע אויף וועלכער ער האָט אויפ־געשטעלט דעם גאַנצן היסטאָרישן בנין פון די פונדאַמענטן ביזן דאַך.

מיט אַ טיפן אַנאַליטישן חוש האָט ער באַוויזן אויסצושיילן דעם גע־שיכטלעכן קערן פון דעם געדיכטן געוויקס פון לעגענדעס, וואָס האָבן מיט טראָפּישער שפע אַרומגעפלאָכטן דעם קערן.

דובנאָוו איז צוגעטראָטן צו דער פאָרשונג פון חסידות אָנגעגורט מיט טיפן ערנסט, חריפות, און התמדהשער פאָרשערישקייט. ער באַמיט זיך צו זיין גערעכט צו איר, ער שטרייכט אונטער אירע פּאָזיטיווע זייטן און פאַר־הוילט נישט אירע נעגאַטיווע.

עס דאַרף אָבער באַמערקט ווערן, אַז דובנאָוו האָט זיך נישט אין גאַנצן באַפרייט פון דער משכילישער ירושה אין דער אָפּשאַצונג פון חסידות. אויף איין אָרט גיט דובנאָוו אַזאַ משכיליש אָנגעהויכטע כאַראַקטעריסטיק פון דער דאָזיקער באַוועגונג, אַז דורך חסידות איז דעם יידן „ליכטיקער געוואָרן אין האַרץ און פינצטערער אין מוח" (איך ציטיר לויט דער יידישער אויס־גאַבע, ב. 1, ז' 75).

נישט רעדנדיק וועגן „תניא" און חב"ד, וואָס געהערן צו אַ ביסל אַ שפּעטערדיקער תקופה, גיט נישט דאָס קלאַסישע ווערק וועגן בעש"טס שיטה, דער „דגל מחנה אפרים", פון זיין אייניקל ר' משה חיים אפרים פון סודיל־קאָוו, וואָס איז אין זיך כולל אַ סך אויטענטישע תורהס פון בעל־שם־טוב, קיין שום גרונט פאַר אַזאַ איינזייטיקער פעסטשטעלונג. פון זיי איבערציינג מיר זיך אַז חסידות איז אויך עלול געווען ליכטיקער צו מאַכן אין די מוחות פון די, וואָס זענען מסוגל אויפצונעמען אינטעלעקטועלע ליכטיקייט.

דובנאָוו האָט אויך איינזייטיק אַקצענטירט דעם אינדיווידואַליסטישן מאָמענט אין חסידות און קומט צום נישט־ריכטיקן אויספיר, אַז עס איז „פאַראַן דאָ (ד"ה אין חסידות) אַ שטרעבן מתקן צו זיין דעם יחידס נשמה, פאַראַן ליבע צו גאָט, אָבער דאָ איז נישטאָ קיין ליבע צו מענטשן, די מענטש־לעכע מאָראַל איז פאַרשטויסן אין אַ ווינקעלע" (באַנד 3, ז' 18 פון דער יידישער אויסגאַבע).

איך מיין, אַז יעדער אָביעקטיווער אָבסערוואַטאָר פון דעם חסידישן לעבנס־שטייגער האָט געקאָנט פעסטשטעלן דעם היפוך: דאָס שטאַרקע קאָ־

רעקטיוויסטישע געפיל פון אחדות, ברידערלעכער הילף און אינעווייניק־סטער דעמאָקראַטיע וואָס האָט באַהערשט די חסידישע מאַסע אַפילו אין די שפּעטערדיקע פּעריאָדן אין דער געשיכטע פון חסידות. על־פּי־רוב זענען די דאָזיקע געפילן געווען באַגרענעצט צו די אָנהענגער פון דעם זעלביקן רבין, און מען קאָן זאָגן אַז זיי זענען נישט געווען אוניווערסאַל, אָבער פון אַזאַ באַגרענעצונג ביז דובנאָווס זאָג, אַז „דאָ איז נישטאָ קיין מענטשן־ליבע", אַז „די מענטשלעכע מאָראַל איז פאַרשטויסן אין אַ ווינקעלע" איז אַ ווייטער מהלך.

אין שייכות מיט דעם איז נאָך כדאי אָנצווייזן אויף דער אַטמאָספער פון פּשוטער, פּאָלקסטימלעכער דעמאָקראַטיע וואָס איז געלעגן אין יסוד פון דער חסידישער תורה און פון חסידישן לעבנסשטייגער, די פּאַקטישע גלייכהייט צווישן רייכן און אָרעמען חסיד, לכל־הפּחות אין רבישן „הויף". אין געוויסע רבישע „הייף", ווי, למשל, צווישן די קאָצקער, איז די מערכה פון גבירים נישט געווען קיין איבעריק געהויבענע און זיי האָבן געהאַט אַפילו אויסצושטיין חוזק און שפּאָט מצד די חסידישע „סאַנקילאָטן".

אָבער דאָס געהערט שוין צו דער שפּעטערדיקער געשיכטע פון חסי־דות אין דער ערשטער און צווייטער העלפט פון 19טן י"ה, וואָס האָט גע־ווירקט אין אַ סאָציאַל מער דיפערענצירטן יידישן קיבוץ, און וואָס דובנאָוו האָט שוין אין זיין ווערק נישט אַריינגענומען.

אָבער דעם געשיכטלעכן פּסק האָט ער אויף דעם שפּעטערן חסידות אַרויסגעגעבן שוין אין ערשטן באַנד. און דער פּסק איז אויסגעפאַלן איב־גאַנצן נעגאַטיוו.

איך מיין אַז ערשט אַן אַלזייטיקער גרינטלעכער היסטאָרישער אַנאַליז פון דער געשיכטע פון חסידות אין 19טן י"ה, וואָס איז נאָך ביז היינט נישט געמאַכט געוואָרן (מיר פאַרמאָגן וועגן איר: אָדער האַגיאָגראַפישע אַפּאָלאָ־געטיק פון גלייביקע אָדער פּאַמפּלעטיש־מיליטאַנטישע ליטעראַטור פון קעגנער), וועט זיין ביכולת אַרויסצוברענגען דעם היסטאָרישן אמת וועגן דער דאָזיקער שפּעטערער תקופה אין דער געשיכטע פון חסידות. דובנאָוו האָט געהאַט אין זיינע פּלענער ממשיך צו זיין די געשיכטע פון חסידות אין 19טן י"ה אָבער ער האָט שוין דאָס נישט רעאַליזירט און די דאָזיקע

תקופה אין דער געשיכטע פון חסידות האָט צום באַדויערן נישט געהאַט ביז איצט אַ היסטאָריקער פון אַזאַ פאַרנעם ווי שמעון דובנאָוו.

דאָס צווייטע געביט פון ייִדישער געשיכטע אין מזרח־אייראָפּע, וואָס דובנאָוו האָט אים געשאָנקען זיין גרעסטע אויפמערקזאַמקייט איז געווען, ווי דערמאָנט, די קהילה־אויטאָנאָמיע אין אַמאָליקע פּוילן.

אין 1894 האָט דובנאָוו אָנגעהויבן צו פאַרעפנטלעכן אין „וואָסכאָד" אַ סעריע דאָקומענטן און תקנות פון קהילות און קהילה־ועדים אין ווייס־רוסלאַנד און וואָלין. ער קערט זיך אום אָפט צו דער דאָזיקער טעמע און ווען עס האָבן זיך אָפּגעזוכט די גראָדנער, בריסקער און ווילנער קאָפּיעס פון פּנקס פון „ועד מדינת ליטא" האָט אים דובנאָוו פאַרעפנטלעכט מיט אַ רוסישער איבערזעצונג פון ד"ר יצחק טובים. פריִער ווי אַ הוספה צו אַ דריי־יאָרגענג פון דער „יעווריעיסקאַיאַ סטאַרינאַ" (דערשינען אויך שפּעטער אין אַ באַזונדערער 2־בענדיקער אויסגאַבע אין 1912 און 1924) און אויפסניי־שוין אויף עמיגראַציע אין בערלין אין יאָר 1925, וואָס איז די בעסטע אַקאַ־דעמישע אויסגאַבע פון טעקסט.

אין דער זעלבער „יעווריעיסקאַיאַ סטאַרינאַ" האָט דובנאָוו אויך פּוב־ליקירט די תקנות פון „ועד ד' ארצות" פון די יאָרן 1621־1699, וואָס האָבן זיך אויפגעהיט ווי העתקות אין טיקטינער קהלשן פּנקס.

די דאָזיקע טעמע האָט דובנאָוו אויך אויספירלעך באַהאַנדלט אין דער דריי־בענדיקער געשיכטע פון ייִדן אין רוסלאַנד און פּוילן (דערשינען אין ענגליש אין פילאַדעלפיע צווישן 1916 און 1920) אין זיינע פאַרשידענע אויסגאַבעס פון דער וועלט־געשיכטע פון ייִדישן פאָלק, ווי אויך אין פאַר־שידענע ענציקלאָפּעדיעס ווי אשכול, אין דער „דזשויִש ענסייקלאָפּידיאַ", „ענציקלאָפּעדיאַ יודאַיִקאַ", „יודישער לעקסיקאָן" און אין ספר־היובל לכבוד נחום סוקולוב, דערשינען אין 1904.

וועגן דער אַמאָליקער ייִדישער קהילה־אויטאָנאָמיע אין פּוילן האָט מען געשריבן אויך פאַר דובנאָוון (הרכבי, דעמביצער), אָבער דובנאָוו איז געווען דער וואָס האָט אַריינגעוועבט די קהילה־אויטאָנאָמיע אין דעם אַלגע־מיינעם בילד פון דער ייִדישער געשיכטע. אין זיין אַריינפיר צו דער בער־לינער אויסגאַבע פון פּנקס ועד מדינת ליטא שרייבט דובנאָוו: „אין דער

געשיכטע פון יידישן פאָלק ציט זיך די קייט פון אויטאָנאָמישע אינסטיטו־ציעס, פון די טעג פון סנהדרין אין יבנה און די נשיאים אין גליל, דורך דער תקופה פון די ראשי־הגולה און די גאונים אין בבל, די הערשאַפט פון די קהילות, „אַלדזשאַמאַס" אין שפּאַניע, דורך די צוזאַמענפאָרן פון רבנים און וועלטלעכע פּרנסים אין פראַנקרייך און אַשכנז (תקנות שו"ם), ביזן ועד ד' אַרצות אין פּוילן און דעם ועד פון מדינת ליטע". אין דער זעלביקער הקדמה שרייבט ער ווייטער: „ווען נישט די דאָזיקע קייט, וואָס נעמט אַרום אַלע תפוצות פון גלות, וואָלט דאָס יידישע פאָלק, אין די דורות נאָכן אונ־טערגאַנג פון דער מלוכה, נישט געהאַט קיין קיום. דער סוד־הקיום פון דעם פאָלק ליגט אין דעם קאַטעגאָרישן אימפּעראַטיוו פון דער גאָר אַלטער נבואה „לא יסור שבט מיהודה"...

בכן איז דער אויטאָנאָמיזם אויסגעוואַקסן ביי דובנאָוון צו אַן עיקר־יסוד פון קיום פון יידישן פאָלק אין זיין צעשפּרייטקייט, וואָס אָן אים וואָלט נישט געווען מעגלעך קיין נאַציאָנאַלע יידישע עקסיסטענץ.

עס איז דער גרויסער היסטאָרישער פאַרדינסט פון דובנאָוו, וואָס ער האָט דעם אויטאָנאָמיזם אַריינגעפירט אין דער יידישער געשיכטע, ווי אַ גרונט־פּרינציפּ אינעם לעבן פון די יידן אין די תפוצות.

גלייכצייטיק דאַרף אָבער באַמערקט ווערן אַז דובנאָוו האָט אונדז גע־געבן נישט קיין פול בילד פון דער יידישער קהילה־אָרגאַניזאַציע אין אַמאָ־ליקן פּוילן, ער האָט בעיקר באַהאַנדלט אירע אַדמיניסטראַטיוו־געזעצגע־בערישע טעטיקייט און ווייניק אויפמערקזאַמקייט געשאָנקען איר סאָציאַלן און עקאָנאָמישן תוך. אַוודאי קאָן מען אויף דער טענה, אַז די קהילה איז נישט געווען קיין דעמאָקראַטישע אינסטיטוציע, אַז אין איר האָבן, מחמת איר אייגנאַרטיקער וואַל־אָרדינאַציע, געהערשט די גאַנצע צייט כמעט פון פאַרויס שוין באַשטימטע משפּחה־קלאַנען פון גבירים, מיוחסים, ענטפערן, אַז אין ערגעץ (אין סיים, אין די אָרגאַנען פון דער שטאָטישער זעלבסט־פאַרוואַלטונג, אין די צעכן) איז אין דעם פּרט נישט געווען בעסער, הגם דאָס פּראָסטע פאָלק אין די שטעט האָט זיך אַ סך פריער, ווייל שוין אין 16טן י"ה, דערשלאָגן בפרט אין גרעסערע שטעט, צו האָבן זיינע פאָרשטייער אין דער שטאָטישער אַדמיניסטראַציע (א"ג „ראַדצי פּאָספּולסטוואָ") בעת

אין די קהילות איז דאָס געשען, נאָך שווערע קאַמפן, ערשט אין דער צווייטער העלפט פון 18טן י״ה אין אייניקע קהילות, ווי ליסע, לובלין, טיילווייז אין ווילנע און מינסק.

דער דאָזיקער אַנטי־דעמאָקראַטישער, אָליגאַרכישער כאַראַקטער פון דער ייִדישער קהלשער זעלבסט־פאַרוואַלטונג, אָנהייבנדיק פון נידעריקסטן שטאַפּל פון דעם היעראַרכישן לייטער, פון דער קהילה, און ענדיקנדיק מיט די צענטראַלע ועדים, איז געווען דער מקור פון אַ סך סאָציאַלע עוולות אין די קהילות, אָבער דובנאָוו שטעלט זיך ווייניק אָפּ אויף די נעגאַטיווע זייטן פון דער ייִדישער אויטאָנאָמיע. בפרט איז דאָס געקומען צום אויסדרוק ווען דובנאָוו באַרירט די סיבות פון איר פונאַנדערפאַל און ירידה אין 18טן י״ה.

דובנאָוו אַקצענטירט בעיקר די אויסנווייניקסטע סיבות, די אַנאַרכיע אין דער זיך פונאַנדערפאַלנדיקער פּוילישער מלוכה, דעם שווערן פיסקאַלן דרוק אויף די קהילות, וואָס האָט גורם געווען „אַז קהל האָט געדריקט דעם ייִדן, דעם יחיד, וואָס ער איז געווען פאַר אים ערב אַנטקעגן דער מאַכט", אַז „וואָס מער עס איז געפאַלן דער עקאָנאָמישער מצב פון די ייִדן אין פּוילן, אַלץ מער האָבן זיי גענומען שפּירן, אַז די קהל־אָרדענונג דריקט זיי און שטיקט זיי, מער ווי זי פאַראייניקט זיי"... (פון דער הקדמה צו דער געשיכטע פון חסידות, ב' 1, ז' 33).

פון דער מיטצייטלערישער ליטעראַטור פון 18טן י״ה, בפרט פון דער רייכער מוסר־ליטעראַטור — נישט בלויז פון דער חסידישער, ווייל זי, וואָס איז געשטאַנען אין ביטערן קאַמף מיט קהל, קאָן מען חושד זיין אין פניות פון אַ נוגע בדבר — קען מען זיך איבערצייגן אַז דער שווערער קריזיס אין די קהילות און די ועדים איז געלעגן אַ סך טיפער, אַז ער האָט אָנגערירט די סאַמע סאָציאַל־מאָראַלישע יסודות, אויף וועלכע דער גאַנצער בנין איז געשטאַנען. פון די דאָזיקע און אַנדערע מיטצייטלערישע מקורות באַקומט זיך אַ בילד פון אַ טיפער געזעלשאַפטלעכער און סאָציאַל־עטישער ירידה אין די הערשנדיקע קרייזן, וואָס האָבן געשאַלטעט אין די קהילות און די ועדים בעיקר אין די מזרח־פּראָווינצן פון דער פּוילישער רעפּובליק, ווי ווייס־רוסלאַנד, וואָלין און פּאָדאָליע — אַ ירידה וואָס האָט אָנגעשטעקט

אויך אַנדערע שיכטן און האָט נישט אויסגעמיטן אַפּילו די גייסטיקע מנהי־גים — די רבנים.

מען דאַרף גאָטירלעך נישט אַריינפאַלן אין אַן איבערגעכאַפּטער גע־נעראַליזאַציע, אָבער ווי עס האָט באַמערקט דער באַוווסטער קראָקעווער מוכיח ברכיה בירך בן אליקום גץ, דער מחבר פון „זרע ברוך שלישי״, וואָס אין אים שילדערט ער די מאָראַלישע קאָרופּציע, וואָס האָט געהערשט אין זיין צייט (סוף 18טן י״ה) אין קראָקעווער קהל און אין די צענטראַלע ועדים, אַז „הגם איך האָב געזען אויך גוטע רבנים און מדינה־עלטסטע, וואָס בעמען נישט קיין מתנות און שוחד, אָבער איך האָב געשריבן וועדליק דעם רוב פון זיי״ (ז׳ 15).

זיך ברייטער אָפּצושטעלן אויף דעם קאַפּיטל אינעם לעבן פון די פּוי־לישע יידן אין 18טן י״ה וואָס איז אָנגעלאָדנט מיט אַ הויך־געשפּאַנטער סאָציאַלער און רעליגיעזער דינאַמיק, געהערט נישט צו דער טעמע פון אונדזער אָפּהאַנדלונג. דעם דאָזיקן קאַפּיטל האָט לעצטנס בן־ציון דינאַבורג (היינט — דינור) געווידמעט אַן אויסשעפּיקע און טיפע שטודיע אין זיין „במפנה הדורות״ (אין דעם קאַפּיטל וועגן די „התחלות פון חסידות און זיינע סאָציאַלע און משיחישע יסודות״).

אויף זייט 95־96 פון במפנה הדורות שרייבט בן־ציון דינור: „די דער־קלערונג וואָס איז נוטה צו זען, ווי דעם מקור פון אַנאַרכיע אין די קהילות, דעם פאַקט, וואָס דער קהילה־רעזשים איז געווען אָפּהענגיק פון דעם אַל־געמיינעם געזעלשאַפטלעכן סדר פון דער פּוילישער מלוכה, און היות די צענטראַלע רעגירונג, די מלוכה־באַאַמטע און די שטאָטישע מאַגיסטראַטן האָבן געדריקט קהל, דעריבער איז קהל, פון זיין זייט, געווען געצוווּנגען אָנצוווענדן דעם דאָזיקן שווערן דרוק כלפּי יחידים און מיט דעם אַרויס־גערופן פּראָטעסטן פון דער קהילה קעגן דעם שווערן יאָך — די דאָזיקע דערקלערונג דערקלערט, לויט מיין מיינונג, גאָרנישט, הגם די פאַקטן אויף וועלכע זי איז זיך סומך זענען ריכטיקע און קלאָרע. די באַשווערונג פון דער שטייערן־לאַסט אויף דער יידישער באַפעלקערונג איז נישט געווען קיין פאַראייניצלטע און איזאָלירטע סיבה פאַר דער פאַרערגערונג פון איר לאַגע, נאָר איינע פון אַ סך, און אַפּילו נישט די וויכטיקסטע.

אין די דאָזיקע צייטן פון הפקרות פון אויבן און אונטן, פון כסדרדיקע עלילת־דם פּראָצעסן, פון אומגעצוימטן קלעריקאַלן פאַנאַטיזם, פון ברו־טאַלן פּריצישן דעספּאָטיזם, פון אכזריותדיקע פּאָגראָמען און ווילדע פּיי־ניקונגען, ווען די קהילות האָבן אויסגעטראָגן דעם שווערן עול פון „באַ־שיצן דאָס פאָלק, וואָס איז פון אַלע זייטן אַרומגערינגלט מיט שונאים" — אין די דאָזיקע צייטן האָט גריילעך געדאַרפט אַנטשטיין אַ טיפערע צוגע־בונדנקייט פון יחיד צום קהל, וואָס באַשיצט אים. עס איז נישט צו פאַר־שטיין און דאָס דאַרף ערשט אויפגעקלערט ווערן: ווי אַזוי איז געשען, אַז דווקא אין דעם דאָזיקן פּעריאָד זענען מיר עדות פון אַ מאַסן־מרידה קעגן דעם גאַנצן קהילה־סדר און דער גאַנצער יידישער אויטאָנאָמיע, וואָס האָט געפונען איר שאַרפסטע פאָרמולירונג אין דער דערקלערונג פון (פאַר־שטייער פון) דעם המון אין שאַוול (אין 1790): „נאָך וואָס דאַרפן מיר אַ רב און קהללייט, סיידן צו אונדזער אומגליק און פאַרניכטונג?". איך מיין, אַז דווקא די דאָזיקע שאַרפע פאָרמולירונג איז ביכולת אונדז אויפצוקלערן דעם עצם און מהות פון דעם קריזיס אין די קהילות: דער וועזנטלעכער זין פון דער טענה „נאָך וואָס דאַרפן מיר אַ קהל" קאָן נאָר זיין איינער: קהל איז פולשטענדיק געשטרויכלט געוואָרן אין דער אויספירונג פון די פונק־ציעס, וואָס צוליב זיי איז ער אַנטשטאַנען, און אין זייער זכות די גאַנצע צייט עקסיסטירט. פון דאַנען די פאַרביטערטקייט אין דער מרידה. מענטשן ווייזן בדרך־כלל אַרויס אַ גרויסע מאָס פון געדולד און סבלנות לגבי יעדער מאַכט אויב זי פילט נאָר אויס אירע עיקרדיקע פונקציעס, וואָס צוליב זיי איז זי באַשאַפן געוואָרן, אַפילו אויב זי איז אונטערדריקט און עקספּלואַטירט בעתן אויספילן די דאָזיקע פונקציעס... נאָר מיט דעם פונקציאָנעלן באַנ־קראָט פון רעזשים הייבט זיך אָן אין דער געזעלשאַפט דער רעוואָלוציאָ־נערער אויפברויז. עס פאַרשווינדט ביי איר די גרייטקייט צו פאָלגן די פאַראָרדענונגען פון דער מאַכט, וואָס ענטפערט דערויף, געוויינטלעך, מיט אַ פאַרשטאַרקטער תקיפות. דער דאָזיקער פונקציאָנעלער באַנקראָט מוז אויך ברענגען מיט זיך אַ מאָראַלישע פאַרדאָרבנקייט פון די מאַכט־אָרגאַ־נען, וואָס קאָנען שוין נישט רעכטפאַרטיקן זייער עקסיסטענץ אַפילו ביי זיך גופא. עס איז נישט פאַראַן קיין מער פאַראַכטעטער און פאַרפיינדטער רע־

זשים ווי דער, וואָס איז געשטרויכלט געוואָרן ביים דערפילן זיינע פונק־ציעס אָבער ער אונטערדריקט ווייטער מיט אַ ציניזם און פאַרשטאַרקטער תקיפות. אַזאַ איז געווען דער מצב אין די פוילישע קהילות, בפרט אין פּאָ־דאָליע, וואָלין און ווייסרוסלאַנד. מיר האָבן דאָ נישט צו טאָן מיט אַ באַ־שטימטן קאָנסטיטוציאָנעלן קריזיס אין די קהילות, נאָר מיט אַ פונקציאָ־נעלן קריזיס פון דעם גאַנצן קהל־רעזשים".

די סיבות פון דעם דאָזיקן שווערן קריזיס, וואָס האָבן געוואָרצלט טיף אין די אַלגעמיינע סאָציאַל־פּאָליטישע און אין די דעמאָגראַפישע, עקאָנאָ־מישע און קולטורעלע פאַרהעלטענישן אינעם לעבן פון די קהילות אין די־אָנגערופענע פּראָווינצן, אַנאַליזירט דינור זייער אויספירלעך, אָבער איך קאָן זיך דאָ אויף זיי שוין נישט אָפּשטעלן. בקיצור קאָן מען קומען צו אַזאַ מסקנה, אַז די אַנאַרכיע און פונאַנדערפאַל פון דער פעאָדאַלער פוילישער מלוכה אין 18טן י"ה האָט אויף דער ייִדישער זייט געטראָפן אַן ענלעכן פּראָצעס פון ירידה אין די אָרגאַנען פון דער ייִדישער זעלבסטפאַרוואַלטונג. די אַלגעמיינע צעפוילטקייט פון דער מלוכה האָט נאָר פאַרטיפט דעם קרי־זיס, וואָס האָט בלאו־הכי געגורטעוועט אין דער ייִדישער געזעלשאַפט, סיי ווי אַ רעזולטאַט פון דער ערשטער סיבה, סיי ווי אַ פועל־יוצא פון אינע־ווייניקסטע ירידה־פּראָצעסן.

מען וואָלט נאָך געדאַרפט צוגעבן, אַז אין 18טן י"ה זענען נאָר בולטער און דראַסטישער געוואָרן געוויסע נעגאַטיווע אַספּעקטן פון דער ייִדישער אויטאָנאָמיע אין אַמאָליקן פוילן, וואָס זענען שוין פריִער געלעגן אין איר יסוד, קודם־כל איר אַנטי־דעמאָקראַטישער און אָליגאַרכישער כאַראַקטער. דאָ איז געלעגן דער מקור פון אַ סך פאַרקריפּלונגען. אַזאַ איז דאָס היס־טאָריש־באַלאַנסירטע בילד פון דער ייִדישער אויטאָנאָמיע אין פוילן, וואָס מיר געפינען נישט ביי דובנאָוון.

אָבער אַפילו מיט די דאָזיקע געוויסע איינזייטיקייטן אין דער היס־טאָרישער אינטערפּרעטאַציע אין דער אויפפאַסונג פון חסידות און דער קהלשער אויטאָנאָמיע, פאַרבלייבט דובנאָוו אין דער ייִדישער מזרח־איי־ראָפּעיִשער היסטאָריאָגראַפיע דער, וואָס האָט אויפגעשטעלט דעם בנין

פון די דאָזיקע צוויי צענטראַלע געשיכטלעכע דערשיינונגען אינעם לעבן פון די ייִדן פונעם אַמאָליקן פוילן.

מיט זיינע פילצאָליקע פּרטימדיקע אַרבעטן אויפן געביט פון ייִדי־שער געשיכטע אין פוילן און רוסלאַנד (פון 420 ביבליאָגראַפישע פּאָזיציעס, וואָס דובנאָוו האָט אַליין פאַרצייכנט אין דעם דריטן באַנד פון „קניגאַ זשיז־ני", דערשינען אין ריגע, 1940, וואָס נעמען אַרום ביכער און גרעסערע אָפּהאַנדלונגען, חוץ קלענערע רעצענזיעס, זענען קרוב 100 געווידמעט ייִדישער געשיכטע אין פוילן און רוסלאַנד) און צוזאַמען מיט די פאַרנע־מיקע סינטעטישע קאַפּיטלעך וועגן דער געשיכטע פון ייִדן אין מזרח־איראָפּע אין דער אַלגעמיינער וועלט־געשיכטע פון ייִדישן פאָלק, האָט דוב־נאָוו מיט רעכט זיך פאַרדינט דעם ערן־נאָמען: אַרכיטעקט פון דער ייִדי־שער מזרח־איראָפּעיִשער היסטאָריאָגראַפיע.

# ד״ר יעקב שאַצקי

מיטן טויט פון ד״ר יעקב שאַצקי האָט די ייִדישע היסטאָרישע וויסנ־שאַפט בכלל און די מזרח־אייראָפּעיִשע היסטאָריאָגראַפיע בפרט פאַרלאָרן איינעם פון אירע באַדייטנדיקסטע פאַרשטייער.

ד״ר יעקב שאַצקי איז געווען פּרוכטבאַר אויף פיל געביטן פון ייִדישע סאָציאַלע וויסנשאַפטן: ליטעראַטור־ און טעאַטער־געשיכטע, געשיכטע פון דער ייִדישער פּרעסע, ביבליאָגראַפיע און ביבליאָטעק־וועזן, פאָלקלאָר און פילאָזאָפיע (שפּינאָזאַ־פאָרשונג); ער איז גישט געווען דער טיפּ געלערנטער־ספּעציאַליסט אין דעם ענגן, באַגרענעצדיקן זין פון וואָרט; ער האָט פאַר־מאָגט ממש אַ ליידנשאַפטלעכן אינטערעס פאַר אַלץ וואָס האָט זיך אויסגע־פורעמט אינעם ייִדישן עבר; ער האָט געקאָנט מיט רעכט זאָגן וועגן זיך: Judaeus sum et nihil iudaicum a me alienum esse puto; אָבער דאָס גרונדלייגנדיקסטע און וואָגיקסטע האָט ער געלייסטעט אויפן געביט פון ייִדישער געשיכטע אין פּוילן.

שאַצקי איז געווען אומגעהויער דינאַמיש און פילזייטיק אין זיינע ווי־סנשאַפטלעכע פאַראינטערעסירונגען וואָס האָבן אַרומגענומען אַ סך געביטן — פון אַן אומבאַקאַנטן ייִדישן קעמפער אין דעם פּוילישן קאָשטשושקאָ־אויפשטאַנד פון 1794 ביז דער גענעאַלאָגיע פון זיגמונד פּרויד. זיינע ווערק, אַרטיקלען און רעצענזיעס אויף די פאַרשידנסטע געביטן ציילן זיך אין די הונדערטער — אַ ביבליאָגראַפיע פון שאַצקיס אַרבעטן, פאַרעפנטלעכט דורך דעם אַמעריקאַנער אָפּטייל פון „ייִוואָ״ אין יאָר 1939 ציילט 580 פּאָזיציעס. דאָס מאָנומענטאַלסטע ווערק זיינס איז און וועט בלייבן די „געשיכטע פון ייִדן אין וואַרשע״, וואָס ער האָט, ליידער, שוין נישט באַוויזן צו פאַרענ־דיקן (דריי בענד, וואָס נעמען אַרום די תקופה פון די עלטסטע צייטן ביזן יאָר 1896 זענען דערשינען אין די יאָרן 1947, 1948 און 1953 אינעם פאַר־לאַג פון ייִדישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט אין ניו־יאָרק).

שאַצקיס ביבליאָגראַפישע בקיאות אויף פאַרשידענע געביטן, בפרט אויף דעם געביט פון יידיש־פוילישער געשיכטע, איז געווען ממש פאַרכאַפּנ־דיק. ער איז געווען אַ מייסטער אויסצוגעפינען פאַקטן און פרטים אין גע־שיכטלעכע מקורות, ווו מען האָט דאָס אַמווינציקסטן געקאָנט דערוואַרטן, דערביי האָט אים גוט געדינט זיין פענאָמענאַלער זכרון. צו וועלכן ענין ער זאָל זיך נישט האָבן צוגערירט, איז ער קודם־כל געווען אַ מחדש און אַנטדעקער פון קוועלן, וואָס יידישע פאָרשער פאַר אים האָבן פאַרזען. אַ כאַראַקטעריסטישער באַשטאַנדטייל פון זיינע הונדערטער רעצענזיעס איז דאָך געווען דאָס אָנווייזן דעם מחבר אויף פאַרזעענע און נישט־אויסגענוצטע מקורים.

עס איז שווער אין די ראַמען פון אַ קורצן אַרטיקל אויסצורעכענען אַלע אויפטועון און דערגרייכונגען פון יעקב שאַצקי אויפן פעלד פון יידי־שער סאָציאַלער וויסנשאַפט. איך וועל זיך דאָ אָפּשטעלן נאָר אויף אייניקע מאָמענטן פון זיינע געשיכטלעכע פאָרשונגען און פון זיין געשיכטלעכן מע־טאָד.

יעקב שאַצקי איז געווען אַ פאָרשער מיט אַ שאַרפן חוש פאַר סאָציאַ־לער דינאַמיק אין דער געשיכטע. אין כמעט אַלע זיינע היסטאָרישע ווערק און קלענערע אַרבעטן איז זי, די סאָציאַלע דינאַמיק פון געזעלשאַפטלעכע כוחות, דער הויפּט־באַוועגער פון געשיכטלעכע פּראָצעסן.

הגם נישט קיין היסטאָרישער מאַטעריאַליסט (שאַצקי פלעגט אַליין זיין מעטאָד באַצייכענען ווי היסטאָרישער רעאַליזם), דערקלערט ער אָפט פּאָליטישע שטעלונגען און אידייען פון סאָציאַלע גרופּעס אין דער יידי־שער געזעלשאַפט מיט זייערע עקאָנאָמישע אינטערעסן (זע, למשל, זיין סעריע אַרטיקלען „אידען אין די רעוואָלוציעס” אין דער פריינד, 1925, נומ׳ 8, 9 און 10).שאַצקי זוכט און געפינט דעם קלאַסן־קאַמף אינערהאַלב דער יידישער געזעלשאַפט אַפילו אין ווייטע תקופות פון יידישן עבר („יונ־יאַנס און שטרייקן ביי יידן מיט 300 יאָר צוריק”, אין דעם זעלבן דער פריינד, מאַי, 1935). דער מאָמענט פון קלאַסן־קאַמף קומט בולט צום אויס־דרוק אין זיין גרויסן היסטאָריש־קריטישן אַריינפיר צו נתן־נטע האַנאָווערס

יון מצולה (ייִוואָ, ווילנע, 1938). וואָס האָט בשעתו אַרויסגערופן אַ שאַרפע און ביטערע פּאָלעמיק.

יעקב שאַצקי האָט אויך פון אָנפאַנג אָן אַרויסגעוויזן אַ גרויסן אינ־טערעס פאַר סאָציאַליזם בכלל און פאַר דער אַנטשטייונג און אַנטוויקלונג פון ייִדישן אַרבעטער־קלאַס בפרט. דער דאָזיקער אינטערעס האָט געפונען זיין וויסנשאַפטלעכן אויסדרוק אין זיינע פּילצאָליקע ווערק, אַרטיקלען און רעצענזיעס איבער דער געשיכטע פון ייִדן אין מזרח־אייראָפּע. עס איז כמעט בישטאָ קיין ווערק אויפן געביט פון דער געשיכטע פון דער ייִדישער און אַלגעמיינער אַרבעטער־באַוועגונג וואָס י. שאַצקי זאָל נישט האָבן רעצענ־זירט, און דערביי, אויף זיין שטייגער, אָנגעוויזן אויף נייע פאַקטן און נייע מקורים.

שאַצקיס וויסנשאַפטלעכער צושטייער צו דער אַנטשטייונג און גע־שיכטע פון ייִדישן אַרבעטער־קלאַס אין אַמאָליקן פּוילן איז אַ געננג וואָ־גיקער. ער האָט קודם־כל צוגעטראָגן און מיט זיין געוויינטלעכער ביבליאָ־גראַפישער התמדה צונויפגעזאַמלט אַ סך מאַטעריאַל וועגן דעם לאַבאָרי־זאַציע־ און פּראָלעטאַריזאַציע־פּראָצעס פון די ייִדישע פאָלקס־מאַסן אין מזרח־אייראָפּע בכלל און אין פּוילן בפרט. אויף דעם יסוד פון אַ רייכן סטאַ־טיסטישן מאַטעריאַל שילדערט ער דעם וועג פון דעם אָפּגעשטאַנענעם און קנאַפּ־קוואַליפיצירטן ייִדישן בעל־מלאכה פון דער ערשטער העלפט פון 19טן י״ה צו דער קאַפּיטאַליסטישער מאַנופאַקטור־פּראָדוקציע. ער האָט אין אַ גרויסער מאָס צוגעהאָלפן צו צעשטערן די פאַרשפּרייטע לעגענדע וועגן דעם הויפּטזעכלעך קרעמערישן, אומפּראָדוקטיוון כאַראַקטער פון דער ייִדישער ווירטשאַפטלעכער סטרוקטור אַרום דער העלפט פון 19טן י״ה, און באַוויזן דעם לפי־ערך הויכן פּראָצענט ייִדישע בעלי־מלאכות און פיזישע אַרבעטער.

אַ סך אָרט ווידמעט שאַצקי אין זיינע ווערק, באַזונדערס אין די לעצטע צוויי בענד „געשיכטע פון ייִדן אין וואַרשע״, סיי דעם אויפקום פון דער ייִדישער פינאַנציעלער און אינדוסטריעלער גרויס־בורזשואַזיע, סיי דעם אויפקום פון דעם ייִדישן פאַבריק־אַרבעטער, אין שייכות מיטן אימפּעטיקן

וווּקס פון דער יינגער פוילישער אינדוסטריע אין וועלכער דער יידישער אַנטייל ווי אינדוסטריעלער און עקספּאָרטערן איז געווען ביז גאָר קאַנטיק.

שאַצקי האָט אויך צו פאַרצייכענען וואָגיקע דערגרייכונגען אויפן פעלד פון יידישער קולטור־געשיכטע. זיין „יידישע בילדונגס־פּאָליטיק אין פוילן אין די יאָרן 1806־1866״ (ייוואָ, 1943), זיין „קולטור־געשיכטע פון דער השכלה ביי יידן אין ליטע״ אינעם זאַמלבוך „ליטע״ (ניו־יאָרק, 1951), דער באַנד געזאַמלטע עסייען „אין שאָטן פון עבר״ (בוענאָס־איירעס, 1947) און די שייכדיקע קאַפּיטלעך אין די לעצטע צוויי בענד געשיכטע פון יידן אין וואַרשע, נישט רעכענענדיק די פילצאָליקע קלענערע עסייען און אַרטיקלען, צעזייט און צעשפּרייט איבער צענדליקער זשורנאַלן און זאַמלביכער, זענען ממש אַן אוצר פאַר דער קולטור־געשיכטע פון מזרח־איראָפּעישן יידנטום. דערביי ווייזט שאַצקי אַרויס אַ שאַרפן און פיינפילנדיקן חוש פאַר דעם גרויען וואָכן־טאָג, פאַר דעם סאָציאַל־שטייגערישן נוסח און פאַר זיין טרעגער — דעם פּשוטן און שווער אַרבעטנדיקן פאָלקס־מענטש. שאַצקי שילדערט אונדז נישט נאָר די אויבערשיכטן, נאָר די מיטעלע און אונטערשטע סאָציאַלע שיכטן פון דער יידישער געזעלשאַפט.

אין זיינע קולטור־געשיכטלעכע עסייען פאַרנעמען אַ בכבודיקן אָרט נישט נאָר די ליטעראַרישע פּני, די מזרח־וואָנט, נאָר אויך די פאָלקסטימלעכע מחברים פון כלערליי ליטעראַרישע פּרימיטיוון ווי למשל פון געלעגנהייטס־לידער, מעשה־ביכלעך, סאַטירעס און חסידישע ספרימלעך, וואָס זענען נישט אַריין אין טרקלין פון דער אָפיציעלער ליטעראַטור־געשיכטע, אָבער וואָס האָבן געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויף דעם קולטור־לעבן פון דער פאָלקס־מאַסע.

איר האָט אין שאַצקיס ווערק אַ גאַנצע גאַלעריע פון חזנים, בדחנים, כלי־זמרים, פאָלקס־זינגער און אַקטיאָרן, מוכר־ספרימניקעס און אַרויסגעבער פון ספרי רומ״ל — אָט־אָ די רעפּרעזענטאַנטן פון דער פאָלקס־קולטור אויף אירע מיטעלע און נידעריקערע מדרגות.

צום סוף לאָמיר זיך נאָך אין קורצן אָפּשטעלן אויף שאַצקיס מעטאָד און אופן פון שרייבן.

אַ כאַראַקטעריסטישע אייגנשאַפט פון שאַצקיס אופן פון שרייבן גע־

שיכטע איז זיין אינטימע באַציִונג צום היסטאָרישן מאַטעריאַל. זיין אופן פון שרייבן געשיכטע איז נישט קיין שילדערונג פון געשעענישן און פערזאָנען, ווו דער מחבר שטייט מן הצד ווי אַ קאַלטער אָבסערוואַטאָר. שאַצקי איז עפּעס ווי אויסגעקאָכט און אויסגעבונדן מיט זיינע „העלדן". ער שילדערט זיי און באַלייכט זיי פון אַן אינעווייניקסטער טיפער פאַרבונדנקייט מיט זיי, עפּעס ווי ער וואָלט געווען זייערס אַ בן־דור. ער דרינגט טיף אַריין אין די מאָטיוון פון געדאַנקען און האַנדלונגען, וואָס קענען ווערן ריכטיק פאַרשטאַנען און אָפּגעשאַצט נאָר ווען מען טראַכט מיט דער מענטאַליטעט פון דער באַהאַנדלטער תקופה. דערביי קומט אים צו הילף זיין אויסערגעוויינלעכער חוש פאַר הומאָר, וואָס דערמעגלעכט אים צו זען מענטשן און געשעענישן פון אַ פאַרקלענערטער דיסטאַנץ, אָן היסטאָרישע רעקוויזיטן. שאַצקי לאָזט אָפטמאָל זיינע היסטאָרישע „העלדן" פאַרביידעפּילירן אין זייערע פרימאָרגן־פאַנטאָפל. דאָס אַנעקדאָטישע ווערט ביי שאַצקין געגעבן אגב־אורחא, נישט ווי עפּעס וואָס איז פּיקאַנט און טשיקאַווע פאַר זיך אַליין, נאָר ווי אַ מיטל צו מאַכן פאַר אונדז די פאַרגאַנגענע תקופה נענטער, מענטשלעכער און פאַרשטענדלעכער.

אַ וויטערדיקער כאַראַקטעריסטישער שטריך פון מחברס מעטאָד איז — אויב מ'קען זיך אַזוי אויסדריקן — די פּערזאָניפיקאַציע פון היסטאָרישע דערשיינונגען: שאַצקי ווייזט אונדז היסטאָרישע געשעענישן דורך דער קאָלירפולער פּריזמע פון לעבעדיקע און ווירקנדיקע מענטשן, וואָס זייערע פּאָרטרעטן זענען טיילמאָל געצייכנט מיט דעם טאַלאַנט פון אַ מאָלער (זען למשל „שפּינאָזאַ און זיין סביבה", ניו־יאָרק 1927).

שאַצקי האָט אויך אין זיין שרייבן אַ פיינעם חוש פאַר דראַמאַטישע שפּאַנונגען אין די היסטאָרישע געשעענישן, וואָס ער געפינט אויס אַפילו אין דעם, אין פלוג, רויִקן שטראָם פון געשיכטלעכע אַנטוויקלונגען. די דראַמאַטישע שפּאַנונגען זענען אין דעם פאַל אָרגאַנישע, אינערלעכע, זיי ווערן אויפגעדעקט אַדאַנק זיין שאַרפן אַנאַליז. שאַצקיס היסטאָריש דענקען איז מער אַנאַליטיש ווי סינטעטיש. ער זעט דיפערענץ־סימנים אין היסטאָרישע דערשיינונגען וואָס זעען אין פלוג אויס ווי האָמאָגען. גענוג איבערצולייענען זיין אַנאַליז פון דער „פּראָגרעסיווער" אויפגעקלערטקייט אין וואַרשע

אין פאַרגלייך מיט דער מערב־איראָפּעיִשער השכלה אין לעצטן באַנד פון דער געשיכטע פון ייִדן אין וואַרשע.

אָט־אָ די אויסגערעכנטע אייגנשאַפטן פון יעקב שאַצקי: זיין פילזייטיקע ערודיציע און בקיאות, וואָס מיט איר האָט ער זיך מיט חשק געטיילט מיט אַנדערע (שאַצקי האָט נישט געהערט צו דעם טיפּ וויסנשאַפטלער־קמצנים, וואָס היטן זייער וויסן ממש ווי פּריוואַט־אייגנטום), זיין אייגנאַרטיקער היסטאָרישער מעטאָד און אופן פון שרייבן, האָבן אים געמאַכט פאַר איינעם פון אונדזערע פּרוכטבאַרסטע און אינטערעסאַנטסטע היסטאָריקערס. ער וועט אונדז פעלן אויף פיל געביטן פון ייִדישע סאָציאַלע וויסנשאַפטן, אָבער די אבידה פאַר דער ייִדיש־פּוילישער היסטאָריאָגראַפיע, וואָס אירע וויכטיקסטע רעפּרעזענטאַנטן זענען אומגעקומען צוזאַמען מיטן פּוילישן ייִדנטום, איז די גרעסטע און שמערצלעכסטע.

# ד״ר פיליפ פרידמאַן

פיליפ פרידמאַן האָט געהערט צום צווייטן דור ייִדישע היסטאָריקערס אין פּוילן, וואָס האָט זיין באַזונדערן אָרט אין דער ייִדיש־פּוילישער היסטאָריאָגראַפיע.

דער דאָזיקער צווייטער דור איז רייף געוואָרן אין די יאָרן פון אַ גרויסן אויפבלי פון דער ייִדישער קולטור אין מזרח־אייראָפּע. ס׳איז אַ צייט פון אויפבלי פון דער ייִדישער ליטעראַטור, פאַרלאַג־וועזן, פּרעסע, טעאַטער. עס איז דער הויך־פּונקט אין דער אַנטוויקלונג פון דער ייִדישער באַפעלקערונג אין מזרח־אייראָפּע פאַר די לעצטע דורות.

גלייכצייטיק איז עס אויך אַ תקופה, וואָס האָט זיך נאָך געפונען אונטער דער שטאַרקער השפּעה פון די רעוואָלוציעס אין רוסלאַנד און מערב־אייראָפּע.

דער דאָזיקער צווייטער דור ייִדישע היסטאָריקערס האָט אַריינגעבראַכט אין דער ייִדישער געשיכטע־פאָרשונג סיי דעם נאַציאָנאַלן פּאַטאָס פון דער מאָדערנער וועלטלעכער ייִדישער קולטור, סיי דעם סאָציאַלן פּאַטאָס פון די אָקאָרשט פאָרגעקומענע רעוואָלוציעס.

דער ערשטער פאַקטאָר האָט באַקומען זיין וויסנשאַפטלעכן אויסדרוק אין די זוכענישן נאָך די היסטאָרישע וואָרצלען פון דער מאָדערנער ייִדישער קולטור, נאָך איר יחוס־בריוו (פאָרשונגען וועגן השכלה, חסידות, פאַלקס־שטייגער, סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע באַוועגונגען ביי ייִדן אאַז״וו). דער צווייטער פאַקטאָר — אין דער אינטענסיווער פאָרשונג פון דער ווירטשאַפטלעכער און סאָציאַלער ייִדישער געשיכטע, אין דער פאָרשונג פון דער געשיכטע פון דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג אאַז״וו.

צוויי פּראָמינענטע פאָרשטייער פון דעם דאָזיקן נאָך־מלחמהדיקן דור ייִדישע היסטאָריקערס אין פּוילן, רפאל מאהלער און עמנואל רינגעלבלום זענען געוואָרן הייסע אָנהענגער פון דער היסטאָריש־מאַטעריאַליסטישער

שיטה און האָבן זי קאָנסעקווענט אָנגעווענדט אין זייער היסטאָרישער פאָרש־אַרבעט.

די קוואַלן פון דעם דאָזיקן היסטאָריש־מאַטעריאַליסטישן אונטער־שטראָם אין דער ייִדיש־פּוילישער היסטאָריאָגראַפיע הייבן זיך אייגנטלעך נאָך אָן ביי שיפּערן. יצחק שיפּער האָט מיט זיין פונדאַמענטירונג די ייִדישע ווירטשאַפט־געשיכטע, בפרט מיט זיין שטעלן דעם טראָפּ אויף דעם ווירט־שאַפטלעכן מאָמענט אין דער געשיכטלעכער אַנטוויקלונג, געשאַפן דעם געהעריקן מעטאָדאָלאָגישן קלימאַט פאַר דער אַדאַפּטאַציע פון דער מאַטע־ריאַליסטישער שיטה דורך אַן אַנזעעוודיקן טייל פון דעם יונגן דור היס־טאָריקערס, וואָס אייניקע פון זיי, ווי למשל רינגעלבלום, האָבן זיך באַטראַכט פאַר זיינע תלמידים.

פיליפּ פרידמאַן פאַרנעמט אין דער דאָזיקער גאַלעריע פון ייִדיש־פּוי־לישע היסטאָריקערס אַ באַזונדערן, ספּעציפישן אָרט. ווי דער רוב ייִדיש־פּוילישע היסטאָריקערס (שאָר, באַלאַבאַן, שיפּער, געלבער, מאהלער, רינגעל־בלום, כדי אויסצורעכענען נאָר די וואָגיקסטע), האָט אויך פרידמאַן גע־שטאַמט פון גאַליציע. געבוירן אין לעמבערג דעם 27סטן אַפּריל 1901, האָט ער פאַרענדיקט זיינע יודאַיסטישע און היסטאָרישע שטודיעס אין ווין אין 1925. אין דעם זעלביקן יאָר איז פיליפּ פרידמאַן געקומען קיין לאָדזש, וווּ ער איז געוואָרן לערער אין די אָרטיקע ייִדישע גימנאַזיעס.

גאַליציע, וואָס האָט פאַרמאָגט אַ צאָלרייכע ייִדישע פּראָפעסיאָנעלע אינטעליגענץ, האָט דעמאָלט צוגעשטעלט דעם צענטראַלן טייל פּוילן (אַ״ג קאָנגרעס־פּוילן) און אין די מזרח־טיילן (אַ״ג קרעסן), ייִדישע לערער, שול־דירעקטאָרן, דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן און אַנד׳.

די דאָזיקע אימיגראַציע פון דער ייִדישער אינטעליגענץ פון גאַליציע, וואָס האָט אַריינגעבראַכט אַ פרישן און ספּעציפישן שטראָם פון אינטעלעק־טועלע כוחות אין די צענטראַלע און מזרח־טיילן פון דעם פּויליש־ייִדישן קיבוץ און אויסגעאיבט אַ שטאַרקע השפּעה אויף זיין געזעלשאַפטלעכן און קולטור־לעבן, איז נאָך נישט אויסגעפאָרשט געוואָרן. זי פאַרדינט אַן אויס־פירלעכע סאָציאָלאָגישע שטודיע. עס איז אַ זייער אינטערעסאַנטע און באַ־לערנדיקע טעמע פון ייִדישע צווישן־שבטים באַציִונגען, פון אַ צונויפטרעף

און צוזאַמענשטויס פון באַזונדערע אייגנאַרטיקע היסטאָרישע טראַדיציעס, טעמפּעראַמענטן און מענטאַליטעטן. דאָס איז איבעריקנס נישט בלויז געווען קיין יידישע דערשיינונג. מיר קענען זי אָבסערווירן ביי די פּאָליאַקן נאָך 1918.

אויך פיליפּ פרידמאַן איז געקומען מיט דעם דאָזיקן עמיגראַציע־שטראָם קיין לאָדזש, ווו ער איז נאָך אַ קורצער צייט געוואָרן אַ באַקאַנטע פיגור אינעם יידישן קולטורעלן און געזעלשאַפטלעכן לעבן אין דער דאָזיקער טיפּיש פּויליש־יידישער שטאָט, אין וועלכער ער האָט זיך אויף אַ מוצלחדיקן אופן אַקלימאַטיזירט. אין די ערשטע יאָרן זענען זיינע וויסנשאַפטלעכע פאַראינטערעסירונגען נאָך געווענדט צו זיין אָפּשטאַם־לאַנד — אַ מין וויסנשאַפטלעכע נאָסטאַלגיע. זיין ערשטער היסטאָרישער דעביוט: „די יידנפראַגע אין גאַליציישן לאַנד־טאָג (סיים) אין די יאָרן 1861—1868", וואָס איז פאַרעפנטלעכט אין 2טן באַנד פון „מאָנאַטסשריפט פיר געשיכטע און וויסנשאַפט דעס יודענטומס" אין 1928, איז געשריבן געוואָרן אין לאָדזש. אין לאָדזש האָט ער אויך פאַרעפנטלעכט זיין ערשטע גרויסע סינטעטישע אַרבעט: „די גאַליצישע יידן אין קאַמף פאַר זייער גלייכבאַרעכטיקונג, 1848 — 1868", וואָס איז דערשינען אַ יאָר שפּעטער, ווי די דריטע, לויט דער ריי, אויסגאַבע פון דער „בעטעלהיים־מעמאָריעל־פאָנדיישאָן".

אין דעם דאָזיקן ווערק, וואָס שטיצט זיך סיי אויף אַ רייכן אַרכיוו־מאַטעריאַל, סיי אויף אַן עקסטענסיוו דורכגעאַקערטער היסטאָרישער ליטעראַטור, האָט פרידמאַן געגעבן אַן אַלזייטיק היסטאָריש בילד פון לעבן און געראַנגל פון די גאַליציאַנער יידן אין אַ זייער קאָמפּליצירטער געשיכטלעכער סיטואַציע, אין אַ קנויל פון ווידעראַנאַנדיקע נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע אינטערעסן פון דריי פעלקער (פּאָליאַקן, אוקראַינער און יידן).

עס איז גלייכצייטיק אַ תקופה פון סאַמע ביטערסטן קולטור־קאַמף אינעם יידישן לעבן צווישן דער מתנגדישער אָרטאָדאָקסיע און חסידיזם פון איין זייט, און דער משכילישער אינטעליגענץ פון דער אַנדערער. די דאָזיקע תקופה איז אַ צייט ווען צום ערשטן מאָל אין זייער געשיכטע האָבן יידן אין אַ מזרח־אייראָפּעיִש לאַנד געפירט אַ פּאָליטישן קאַמף מיט מאָדערנע מיטלען, ווי פּעטיציעס צו די געזעצגעבערישע קערפּערשאַפטן, וואַלן, פאַר־

לאָמענטאַרישע דעבאַטן, און צום ערשטן מאָל האָבן זיי אַזוי אינטענסיוו אָנטייל גענומען אינעם פּאָליטישן לעבן פון זייער היימלאַנד. פרידמאַן ווייזט שוין דאָ אַרויס אַ הויכן גראַד פון וויסנשאַפטלעכער ריַיפקייט סיי אין פרט פון קאָנסטרוקציע סיי אין פרט פון היסטאָרישן אַנאַליז, און ווי אַ גוטער קענער פון דער געשיכטע פון זיין געבוירנלאַנד.

אין דער הקדמה צו דעם דאָזיקן ווערק גיט אונדז פרידמאַן זיין מע־טאָדאָלאָגישן אני־מאמין, ער שרייבט דאָרט:

„היות צווישן די ווירטשאַפטלעכע, סאָציאַלע און קולטורעלע פּראָצעסן (פון איין זייט) און דער פּאָליטישער געשיכטע פון די גאַליצישע ייִדן (פון דער אַנדערער) באַשטייען זייער שטאַרקע קעגנזייטיקע באַציִונגען, און די לעצטע (ד״ה די פּאָליטישע געשיכטע) בלייבט אומפאַרשטענדלעך אָן דער באַהאַנדלונג פון די ערשטע, האָבן מיר זיך דעצידירט צו נעמען אין אַריינ־פיר אין אַכט אויך די ווירטשאַפטלעך־סאָציאַלע און קולטורעלע פאַרהעל־טענישן אין יענער תקופה״.

די דאָזיקע מעטאָדע פרידמאַנס, וואָס מען קען באַצייכענען ווי די סאָ־ציאָלאָגישע, האָט ביי רינגעלבלומען, איינעם פון די נאָך דעמאָלט יונגע און אייפערדיקע אַדעפּטן פון היסטאָרישן מאַטעריאַליזם, נישט נושא־חן געווען. אין אַ רעצענזיע פון דעם ווערק, געדרוקט אין די ליטעראַרישע בלעטער אין סעפּטעמבער 1929, וואָרפט אים רינגעלבלום פאָר אַז ער „איז נישט אַוועקגעגאַנגען פון די בירגערלעכע היסטאָריקערס פון אַלטן דור״.

אַ כאַראַקטעריסטישער עפּיזאָד. פרידמאַן האָט אין דעם דאָזיקן ווערק זיינעם ווייניק וואָס געהאַט צו באַריכטן וועגן דעם קלאַסן־קאַמף ביי די גאַ־ליצישע ייִדן אין יענער תקופה, ווען דער איבערוועגנדיקער רוב (אין 1881, שוין נאָך אַ געוויסן פּראָלעטאַריזירונגס־פּראָצעס פון 75 ביז 80 פּראָצענט) איז געווען באַשעפטיקט אין מסחר, בעיקר אין קליינהאַנדל, און די אָרעמ־קייט ביי די גאַליצישע ייִדן איז געווען כמעט אַן אַלגעמיינע, שפּריכווערט־לעכע דערשיינונג.

אָבער פאַר אַ קאָנסעקווענטן היסטאָרישן מאַטעריאַליסט איז דאָס אַן אומפאַרגעבלעכער חטא. רינגעלבלום שרייבט אין דער דערמאָנטער רעצענ־זיע: „ס׳זענען אויך בלי ספק פאָרגעקומען קאַמפן, דער עיקר אַוודאי וועגן

די שטייערן־פּאָליטיק פון די תקיפים און די קולטוס־פאָרשטייער, וואָס האָבן די גאַנצע שטייערן־לאַסט אַריבערגעוואָרפן אויף די אָרעמע בעלי־מלאכות" (אונטערגעשטראָכן פון מיר). אַוודאי איז דאָס ריכטיק און פרידמאַן דער־מאָנט וועגן דעם. אָבער דאָ איז כאַראַקטעריסטיש די אַפּאָדיקטישקייט, מיט וועלכער רינגעלבלום דערקלערט אַז אַזעלכע קאַמפן האָבן בלי ספק און אַוודאי געמוזט זיין, הגם ער ברענגט נישט אין זיין רעצענזיע אַפילו קיין איין קאָנקרעטן פאַקט, וואָס זאָל באַשטעטיקן זיין פאָרוווּרף לגבי פרידמאַ־נען. דאָגמע נייטיקט זיך נישט אין קיין פאַקטן.

אין זיינע שפּעטערדיקע רייפערע יאָרן האָט שוין רינגעלבלום נישט דעקרעטירט אַפּריאָריסטיש, אַז עס איז אַוודאי געווען קלאַסן־קאַמף, נאָר האָט אים מיט פאַקטן פון דער געשיכטע באַוויזן.

מיט דער געשיכטע פון ייִדן אין גאַליציע האָט זיך פרידמאַן באַשעפ־טיקט אויך שפּעטער. פאַר דעם גרויסן 2־בענדיקן ווערק א"ג „ייִדן אין אויפגעלעבטן פוילן" וואָס איז דערשינען אין פויליש אין די יאָרן 1932־1933 האָט ער אָנגעשריבן אַ גרעסערע סינטעטישע שטודיע וועגן „ייִדן אין גאַליציע פון 1772 ביז 1914" ד"ה פון דער ערשטער צעטיילונג פון פוילן ביז דעם אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה.

אַ צווייטע פונדאַמענטאַלע אַרבעט פרידמאַנס איז „די געשיכטע פון ייִדן אין לאָדזש ביזן יאָר 1863", וואָס איז דערשינען אין 1935. אויך דאָס דאָזיקע ווערק פאַרמאָגט אַלע מעלות פון פרידמאַנס סאָלידן אַרבעט־וואָר־שטאַט: אַ שלל אַרכיוו־מאַטעריאַלן און אויסגענוצטע היסטאָרישע ליטעראַ־טור, אַנאַלאָגיעס מיט ענלעכע אַנטוויקלונגס־פּראָצעסן ביי ייִדן אין אַנדערע שטעט און לענדער, אַ ברייט־געשילדערטער אַלגעמיינער געשיכטלעכער פאָן, קלאָרע דיספּאָזיציע און אַנאַליז פון מקורים־מאַטעריאַל.

דאָס דאָזיקע בוך איז זייער אַן אינטערעסאַנטע און באַלערעוודיקע היסטאָרישע אילוסטראַציע צו דער ייִדישער ווירטשאַפט־געשיכטע אין דער נייער צייט, ווי אַ פּועל־יוצא פון דער קרייצונג און קעגנזייטיקער השפּעה פון צוויי אַנטאַגאָניסטישע געשיכטלעכע כוחות: אַ כוח אַ גייעם, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין שויס פון דער קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג און האָט געטראָגן מיט זיך די אידייע פון ווירטשאַפטלעכן ליבעראַליזם, פון

אין זייט; און פון אַ כוח אַן אַלטן, אַ העמענדיקן, וואָס האָט געשלעפּט נאָך מיט זיך די ירושה פון דער מיטלאַלטערלעכער, פאַרקאַפּיטאַליסטישער תקופה, פון דער אַנדערער.

אויף אַן אָביעקטיוון אופן ווערט אין דעם דאָזיקן בוך געשילדערט דער קאַמף, וואָס אַ ייִדישע עדה האָט געפירט פאַר אירע רעכט אַריינצודרינגען אין ניי־אַנטשטאַנענע קאַפּיטאַליסטישע אינדוסטריע־צווייגן; די שטרויכ־לונגען און מניעות, וואָס זי האָט געמוזט אַפּרוימען פון איר וועג, וועגן אי־רע נצחונות און מפּלות, עליות און ירידות.

דער דאָזיקער פּראָצעס פון דעם ייִדישן אַריינדרינגען אין נייע ווירט־שאַפט־צווייגן אין דער ערשטער העלפט פון 19טן יאָרהונדערט, האָט זיך אויפן שטח פון פּוילן אָפּגעשפּילט כמעט אומעטום, נאָר אין לאָדזש באַקומט ער מחמת דער ביישפּיללאָזער שנעלער אַנטוויקלונג פון דער שטאָט און איר אינדוסטריע, כמעט דראַמאַטישע שפּאַנונג און טעמפּאָ.

הגם דאָס בוך האָט אַ לאָקאַל־מאָנאָגראַפישן כאַראַקטער, וואַרפט עס אָבער אַ סך ליכט אויף דער געשיכטע פון ייִדן אין פּוילן אין דער ערשטער העלפט פון 19טן י״ה — אַ יאָרהונדערט וואָס האָט געהאַט ווייניק מזל אין דער פּויליש־ייִדישער היסטאָריאָגראַפיע און איז אין פאַרגלייך מיט פריִער־דיקע תקופות היפּש פאַרנאַכלעסיקט געוואָרן. ערשט יצחק שיפּער און יעקב שאַצקי האָבן אָנגעהויבן אים שענקען מער אויפמערקזאַמקייט.

עס איז אין דעם דאָזיקן ווערק פאַראַן פיל באַלערעוודיקע קאַפּיט־לעך. קאַפּיטלעך וואָס דעקן אויף אין זיין גאַנצער מיאוסקייט דעם מעכאַ־ניזם פון אַנטיסעמיטיזם ווי אַ פייגן־בלעטל פאַר דעם נאַקעטן עקאָנאָמישן קאָנקורענץ־קאַמף, וואָס די דייטשע וועבער און טוך־הענדלער האָבן גע־פירט קעגן זייערע ייִדישע פאַך־גענאָסן; קאַפּיטלעך וואָס דערציילן וועגן דער אומדערמידלעכער ייִדישער קאַמף־עקשנות, וואָס איז אייגנטלעך מער אויסדויער־כוח ווי קאַמף; וועגן דעם פּרימאַט פון ווירטשאַפטלעכע אינטע־רעסן איבער נאַציאָנאַלע, כלל־ישראלדיקע, וואָס קומט בולט צום אויסדרוק אין דער סאָלידאַרער שטעלונג פון ייִדישע און קריסטלעכע הויזווירטן קעגן פאַרגרעסערן דעם ייִדישן וווין־רעוויר (ביז 1862 איז אין לאָדזש געווען אַ באַגרענעצטער ייִדישער וווינפערטל), היות דאָס וואָלט פאַרקלענערט זייע־

רע פּראָפיטן פון דעם הויכן דירה־געלט אין דעם איבערבאַפעלקערטן געטאָ; וועגן דער גרויסער ראָל פון ייִדישער אונטערנעמערישקייט און דערפינדערישקייט אין דער אַנטוויקלונג פון דער לאָדזשער אינדוסטריע, בפרט אין דעם א״ג פאַרלאַג־סיסטעם און אין דער עקספּאַנסיע פון איר האַנדלס־באַזע.

דער אויסברוך פון דער מלחמה האָט צונישט געמאַכט דעם פּלאַן אַרויסצוגעבן אַ צווייטן באַנד, וואָס צו אים האָט פרידמאַן שוין געהאַט צונויפגעזאַמלט אַ רייכן מאַטעריאַל. אַ געוויסער המשך צו דעם ערשטן באַנד איז, פון ווירטשאַפטלעכן אַספּעקט, די אָפּהאַנדלונג וואָס ער האָט נאָך באַוויזן צו פאַרעפנטלעכן אין די „לאָדזשער וויסנשאַפטלעכע שריפטן״ אין יאָר 1938, א״ג „די אינדוסטריאַליזאַציע־ און פּראָלעטאַריזאַציע־פּראָצעסן פון די לאָדזשער ייִדן אין די יאָרן פון 1860 ביז 1914״.

די אַרבעט אַרום דער געשיכטע פון די לאָדזשער ייִדן האָט פרידמאַנען אַריינגעצויגן אין דער פּראָבלעמאַטיק פון דער ייִדישער ווירטשאַפט־געשיכטע אין פּוילן אין 19טן יאָרהונדערט, וואָס איר האָט ער געווידמעט אַ פּרוּוו פון אַ סינטעטישן סך־הכל. אין 1935 האָט פיליפּ פרידמאַן אָפּגעדרוקט אין די „דזשוּיִש סטאַדיס אין מעמאָרי אָוו געאָרג אַלעקסאַנדער קאָהוט״, וואָס איז דערשינען אונטער דער רעדאַקציע פון סאַלאָ באַראָן, אַ פאַרנעמיקע אָפּהאַנדלונג א״נ „ווירטשאַפטלעכע אומשיכטונגס־פּראָצעסן און אינדוסטריאַליזירונג אין דעם פּוילישן ייִדנטום״, 1800—1870.

אין דער דאָזיקער אָפּהאַנדלונג האָט ער מיט נייע מקורים־דיקע באַווייזן, באַשטעטיקט די טעזע, וואָס איז אַרויסגערוקט געוואָרן דורך אַזעלכע היסטאָריקערס ווי שיפּער, שאַצקי, מאהלער א״א, און וואָס האָט צעשטערט די פאַרשפּרייטע לעגענדע וועגן דעם בעיקר קרעמערישן, אומפּראָדוקטיוון כאַראַקטער פון דער ייִדישער ווירטשאַפטלעכער סטרוקטור אין פּוילן אין דער ערשטער העלפט פון 19טן יאָרהונדערט, נאָר באַוויזן אַז דער לאַבאָריזאַציע־פּראָצעס פון דער ייִדישער פאָלקס־מאַסע האָט זיך אָנגעהויבן נישט ערשט אין די לעצטע צענדליקער פון 19טן י״ה, נאָר להיפּוך, אַז האַנטווערק איז שוין געווען זייער פאַרשפּרייט ביי ייִדן אין פּוילן סוף 18טן און אין דער ערשטער העלפט פון 19טן י״ה. אין סך־הכל פון דער דאָזיקער וויכטיקער

שטודיע קומט פרידמאַן צו דער מסקנה, אַז אין דער צווייטער העלפט פון 19טן י״ה האָט זיך די עקאָנאָמישע דיפערענציאַציע נאָך מער פאַרטיפערט. פון איין זייט האָט צוזאַמען מיט דער אינטענסיווער פאַרשטאַטישונג זיך פאַרשטאַרקט די פּראָלעטאַריזאַציע, פון דער אַנדערער זייט איז אָנגעוואַקסן אַן אַנזעעוודיקע שיכט פון ייִדישער פינאַנציעלער און אינדוסטריעלער פּלו־טאָקראַטיע. גלייכצייטיק זענען ייִדן אַריינגעדרונגען אין גאָר נייע פאַר זיי צווייגן פון האַנדל און אינדוסטריע.

די אומשיכטונג איז אָבער פאָרגעקומען נישט אויפן וועג פון איבער־גאַנג פון האַנדל צו מלאכה און אינדוסטריע, נאָר אויפן וועג פון אַריינדרינ־גען אין ניי־אַנשטאַנענע צווייגן אין די גרענעצן פון די דאָזיקע צוויי עיקר־דיקע ווירטשאַפט־ספערן (דאָרט, ז״ז 243־246).

אַ געוויסער שוואַכער פונקט אין פרידמאַנס סאָציאַל־עקאָנאָמישע פאָר־שונגען איז, וואָס ער ווייזט אַמאָל אַרויס צופיל צוטרוי און צו ווייניק קרי־טיציזם צו די סטאַטיסטישע מאַטעריאַלן, מיט וועלכע ער אָפּערירט. למשל, ווען ער האָט איבערגעשאַצט דעם סטאַטיסטישן ווערט פון די רשימות פון דער לאָדזשער קהילה און טיילווייז פון לאָדזשער מאַגיסטראַט פון דעם באַ־האַנדלטן פעריאָד, וואָס זענען ווייט נישט קיין פּינקטלעכע, ממילא רופן זיי־נע מסקנות אַרויס געוויסע באַוואָרענישן.

פיליפ פרידמאַן האָט נישט געהערט צו דעם טיפּ פאָרשער, וואָס פאַר־שליסט זיך אין די ד׳ אמות פון אַ באַשטימטן, על פּי רוב גענוג ענגן גע־ביט. די גאַמע פון זיינע וויסנשאַפטלעכע פאַראינטערעסירונגען איז אַ ברייטע.

אים אינטערעסירן קולטור־היסטאָרישע פּראָבלעמען פון ייִדישן עבר נישט ווייניקער ווי סאָציאַל־עקאָנאָמישע. אין זיינע צוויי אַרבעטן אין „פון נאָענטן עבר״, אַ היסטאָרישע פּערטל־יאָר־שריפט, וואָס איז דערשינען אין וואַרשע אונטער דער רעדאַקציע פון משה שאַליט, וועגן „די ערשטע קאַמפן צווישן השכלה און חסידות״ אין גאַליציע, און „די גאַליצישע משכילים אויפן שוועל פון 19טן י״ה״ (1938), האָט פרידמאַן אויפן סמך פון בריוו און אַנ־דערע דאָקומענטן, וואָס ער האָט געפונען אין יוסף פּערלס אַרכיוו אין טאַר־נאָפּאָל, אַרויסגעבראַכט ביז גאָר אינטערעסאַנטע פאַקטן וועגן די ערשטע

שפּראַצונגען פון דער השכלה אין גאַליציע און דעם קאַמף וואָס זי האָט געפירט מיט דער שטאַרק דאָרט פאַרוואָרצלטער חסידות.

פרידמאַן האָט אויך דער ערשטער געגעבן אַן אויספירלעכע היסטאָריש־פּעדאַגאָגישע מאָנאָגראַפיע פון דער שול, וואָס יוסף פּערל, דער באַרימטער טאַרנאָפּאָלער משכיל, האָט געעפנט אין יאָר 1813. די דאָזיקע מאָנאָגראַפיע, פאַרעפנטלעכט אין 2טן באַנד פון שריפטן פאַר פּסיכאָלאָגיע און פּעדאַגאָגיק, וואָס איז דערשינען אין ווילנע שוין בעת דער מלחמה איז 1940 (פון וועלכן עס האָבן זיך אויפגעהיט נאָר אַ פּאָר עקזעמפּליאַרן) איז אַ וויכטיקער צושטייער סיי צו דער געשיכטע פון יידישן חינוך, סיי צו דער געשיכטע פון דער גאַליצישער השכלה.

פרידמאַן האָט אויך אָפּגעדרוקט אַ סעריע אַרטיקלען וועגן דער ערשטער יידישער עמאַנסיפּאַציע און אירע ווייטערדיקע געשיכטלעכע גלגולים און צוזאַמען מיטן לאָדזשער תלמיד־חכם און פאָלקלאָריסט פּנחס זעליק גליקסמאַן האָט ער אַרויסגעגעבן אַ ביאָגראַפיש־היסטאָרישע מאָנאָגראַפיע וועגן אַלטן לאָדזשער בית־עולם. ער האָט פּובליקירט פיל קריטישע רעצענזיעס, צוו״אַנד. וועגן פּראָפ. באַראָנס „סאָציאַלער און רעליגיעזער געשיכטע פון יידישן פאָלק״, וועגן קראַים־פאָרשונג, כאַזאַרן, אאַ״וו.

אָבער זיין אָנזעעוודיקן פּלאַץ אין דער יידיש־פּוילישער פאַרמלחמהדיקער היסטאָריאָגראַפיע האָט זיך פיליפּ פרידמאַן געשאַפן קודם־כל ווי אַ פאָרשער פון דער יידישער סאָציאַל־עקאָנאָמישער געשיכטע אין 19טן י״ה.

עס איז פאַראַן אַ כאַראַקטעריסטישער שטריך פון פרידמאַנס היסטאָרישער מעטאָד, וואָס קומט בולט צום אויסדרוק אין אַלע זיינע געשיכטלעכע ווערק. פרידמאַן זעט אין געשיכטלעכער פאָרשונג קודם־כל פּראָבלעמען, וואָס דאַרפן פאַרענטפערט ווערן, ער טראַכט מער אין קאַטעגאָריעס פון היסטאָרישער פּראָבלעמאַטיק ווי היסטאָרישער פאַקטאָגראַפיע. פון דאַנען זיין טיפער אינערלעכער דראַנג צו סינטעזע, צו געפינען דאָס אַלגעמייןגילטיקע און געזעצמעסיקע אין דער בונטער פאַרשיידנאַרטיקייט פון דעם היסטאָרישן געשעען.

**
*

דאָס לעצטע, פרוכטבאַרסטע קאַפּיטל אין פרידמאַנס היסטאָרישער

פאַרש־אַרבעט, איז ענג פאַרבונדן מיט דער לעצטער נאַציאָנאַלער קאַטאַ־סטראָפע אונדזערער. אַליין אַן על־פּי־נס געראַטעוועטער אין זיין היימשטאָט לעמבערג אַדאַנק הילף פון פּוילישע פריינד, האָט ער זיך אין האַרבסט 1944, ווען די מלחמה איז נאָך אַנגעגאַנגען אויף די פראָנטן, ווען אונדזערע חרובע הייזער האָבן זיך נאָך געררייכערט און דאָס אומשולדיקע פאַרגאָסענע בלוט האָט נאָך נישט געהאַט אויסגעטריקנט, אַריינגעוואָרפן מיט פאַסיע און התמדה אין דער חורבן־פאָרשונג. צוערשט אין לובלין, אויף דעם שטיקל באַפרייטן פוילן, ווו ער האָט זיך געשטעלט בראש פון דער יידישער היס־טאָרישער קאָמיסיע, און שפּעטער אין לאָדזש, ווו ער האָט געלייגט די ערשטע אָרגאַניזאַציאָנעלע און מעטאָדאָלאָגישע יסודות פאַר דער חורבן־פאָר־שונג. און אַזוי אין אַלע לענדער ווו דער נאָך־מלחמהדיקער נע־ונד האָט אים פאַרוואָרפן (מינכען, פּאַריז).

אין ניו־יאָרק, זיין לעצטע סטאַנציע, איז ער געשטאַנען בראש פון דעם ביבליאָגראַפישן אָפּטייל פון די בשותפותדיקע חורבן־פּראָיעקטן פון ייוואָ און „יד־ושם". פרידמאַן האָט רעדאַגירט די העברעיִשע און יידישע ביב־ליאָגראַפיעס פון דער חורבן־ליטעראַטור וואָס אַ גרויסן טייל פון זייערע פּאָזיציעס האָט ער אַליין צונויפגעזאַמלט און מיטרעדאַגירט צוזאַמען מיט ד"ר יעקב ראָבינסאָן דעם „וועגווייזער צו דער יידישער געשיכטע אין דער נאַצי־תקופה". ער האָט פאַרעפנטלעכט אַ גרויסע צאָל ווערק און אָפּהאַנד־לונגען וועגן די פאַרשיידנסטע אַספּעקטן פון אונדזער חורבן.

פרידמאַנען האָבן באַזונדערס פאַראינטערעסירט צוויי פּראָבלעמען פון דער חורבן־תקופה: די יידנראַטן און בכלל די סאָציאַלע סטרוקטור פון געטאָ, און די איינשטעלונג פון אונדזערע קריסטלעכע שכנים צו אונדזער טראַגעדיע.

דעם ערשטן האָט ער געווידמעט אַ ריי אָפּהאַנדלונגען אין „בצרון" (באַנד 28 און 29) און „קאָמענטאַרי" (ב. 26, נומער 6). אין זיי אַנאַליזירט ער די „אידעאָלאָגיעס" און האַנדלונגען פון דריי רעפּרעזענטאַטיווע יודענ־ראַטלער: פון משה מערין — דעם „מושל" פון די זאַגלעמביער יידן, פון יעקב געגנס — דעם ווילנער געטאָ־שעף און פון דעם דיקטאַטאָר פון לאָ־דזשער געטאָ — מ. ח. רומקאָווסקי.

דאָס זענען ביי אים געווען פּאַראַרבעטן צו אַ קאָמפּליצירטער און צענטראַלער טעמע פון דער חורבן־פאָרשונג, צו דער טעמע יודענראַטן — מיט וועלכער ער האָט זיך כמעט די גאַנצע צייט באַשעפטיקט, און צו וועלכער ער האָט צונויפגעזאַמלט אַ ריזיקן מאַטעריאַל. ליידער האָט ער שוין נישט באַוויזן צו זען די פּרוכט פון דער דאָזיקער מי זיינער און דער דאָזיקער במשך יאָרן אָנגעזאַמלטער מאַטעריאַל וואַרט אויף זיין גואל.

פרידמאַן איז געווען פון די ערשטע אין אונדזער חורבן־פאָרשונג, וואָס האָט געפּרוווט צו געבן אַן אָביעקטיווע, און פריי פון נאָך־מלחמהדיקע ליידנשאַפטן, אָפּשאַצונג פון דער ראָל וואָס די דאָזיקע דריי פראַמינענטע געטאָ־אָנפירער האָבן אָפּגעשפּילט אין זייערע געטאָס, אויפן יסוד פון ז׳יער „רעטונגס״־אידעאָלאָגיע און „רעטונגס״־טאַקטיק.

מיט דעם צווייטן, זייער קאָנטראָווערסאַלן פּראָבלעם — דער באַציונג פון דער קריסטלעכער סביבה צו דער קאַטאַסטראָפע, וואָס האָט געטראָפן זיינע ייִדישע שכנים, מיט וועלכע מען האָט, ווי אין מזרח־אייראָפּע, געלעבט צוזאַמען במשך הונדערטער יאָרן — האָט זיך אויך פרידמאַן באַשעפטיקט אין פאַרשיידענע אָפּהאַנדלונגען און לסוף דאָס וואָס ער האָט געהאַט צו זאָגן וועגן דעם פאַרעפנטלעכט אין אַ בוך, וואָס איז דערשינען אין ענגליש אין 1957 א״ג „טהעיר בראָטהערס קיפּערס״.

דאָס דאָזיקע בוך איז דער ערשטער געוואַגטער פּרוּוו אין אונדזער היסטאָרישער חורבן־ליטעראַטור פון אַ סינטעטישער באַהאַנדלונג פון דער דאָזיקער אָנגעווייטיקטער און פאַר דעם ייִדישן צד זייער דעליקאַטער פראַגע און ווי אַזעלכער דאַרף עס אָפּגעשאַצט ווערן.

אין הסכם מיט דעם אויבן באַרירטן שטריך פון פרידמאַנס גאַנג אין דער היסטאָרישער פאָרשונג, האָט דער היסטאָריקער פיל אָרט אָפּגעגעבן דער פּראָבלעמאַטיק פון דער חורבן־פאָרשונג און איר מעטאָדאָלאָגיע. אין דער דאָזיקער גרופּע אָפּהאַנדלונגען זיינע שטעלט ער זיך קודם־כל אָפּ אויף די פּראָבלעמען פון אינעווייניקסטן געטאָ־לעבן, אויף דער סאָציאָלאָגיע פון געטאָ (דעמאָגראַפישע פּראָבלעמען,ווירטשאַפט, טאָפּאָגראַפישע סטרוקטור פון געטאָ אאַז״וו). אויך צו די ענינים האָט ער באַוויזן צונויפצוזאַמלען אַ רייכן מקורים־מאַטעריאַל, וועלכן ער האָט שוין נישט באַוויזן צו פאַרענ־

דיקן און באַארבעטן. אויך דאָס איז אַ גרויסער פאַרלוסט פאַר דער חורבן־פאָרשונג.

ד"ר פיליפּ פרידמאַן איז אַוועק פון אונדז אין מיטן פון אַ פאַרצווייג־טער און וויכטיקער היסטאָרישער פאָרשונג־אַרבעט. ער איז געווען פול מיט פּלענער און נייע פּראָיעקטן וואָס, אויב זיי וואָלטן רעאַליזירט געוואָרן, וואָלטן זיי פיל באַרייכערט אונדזער וויסן און פאַרשטענדעניש פון אונדזער נאַציאָנאַלער טראַגעדיע. ער איז געווען ביי אונדז דער גרעסטער מומחה פון דעם נייסטן און טראַגישסטן קאַפּיטל אין דער מאָדערנער יידישער געשיכטע.

# שמואל לעהמאַן

שמואל לעהמאַן האָט געהערט צו דעם מין גאָט־געבענטשטע „משו־עים לדבר אחד“, וואָס אַ דאַנק זיי ווערן צונויפגעזאַמלט פאַר דורות און אויפגעהיט אוצרות, וואָס קיינער קוקט זיך אויף זיי נישט אַרום און וואָס וואַלגערן זיך אויף דער גאַס „כאבן שאין לה הופכים“.

אַ גאַנץ לעבן, וואָס איז געווען אויסגעפילט מיט נויט און מאַטערניש, מיט ממש אַן אַסקעטישן אָפּזאָגן זיך פון תענוגי עולם הזה, איז דער דאָזי־קער וווּנדערלעכער פאַנאַטיקער פון ייִדישן פאָלקלאָר אַרומגעפאָרן איבער ייִדישע שטעט און שטעטלעך, אַרומגעקלעטערט אויף בוידעם־שטיבלעך, קעלערן און מלינהס אויף סטאַווקי, דזשיקע און סמאָטשע און נישט מיד געוואָרן צו פאַרצייכענען אין הונדערטער העפטן מיט זיין פאַרצוקטן, כמעט אומלעזבאַרן כתב ייִדישע פאָלקס־מעשיות, פאָלקס־לידער (בעיקר גנבים־לידער), שפּריכווערטער, אַנעקדאָטן אא״וו.

דאָס וואָס ביי אומות־העולם טוען מלוכהשע וויסנשאַפטלעכע אינס־טיטוטן מיט קאָסטבאַרע עקספּעדיציעס, האָבן ביי אונדז געטאָן יחידים ווי שמואל לעהמאַן. אַרויסגעלאָזט זיך פון אַלע זיינע געשעפטן און פטרנדיק אויף זיינע רייזעס איבער דער פּוילישער פּראָווינץ זיין גאַנץ פאַרמעגן מיט דעם ווייבס נדן אַלס צוגאָב (ער און זיין פרוי האָבן געשטאַמט פון פאַרמעג־לעכע באַלעבאַטישע ייִדישע פאַמיליעס) — ווייל אָפּט האָט שמואל לעהמאַן געמוזט נאָך באַצאָלן אַ רובל און מער פאַר לאָזן זיך אויפזינגען אַ לידל, אָדער איבערדערציילן אַ מעשה און פאַר יאָטן — „גוטע ברידער“ פון סטאַווקי־געסל אַ פלעשל י״ש מיט צובייסעכץ — האָט זיך דער דאָזיקער דאָן־קיכאָט פון ייִדישן פאָלקלאָר (ער האָט אויסערלעך אויסגעזען ווי דער לייבלעכער דאָן־קיכאָט) במשך פון יאָרצענדליקער געטאָן שטיל און באַ־שיידן זיין הייליקע אַרבעט.

דער דאָזיקער „טשודאַק“, וואָס צאָלט רובלס פאַר לידלעך און מע־

שיות איז געווען זייער פּאָפּולער ביי דער ייִדישער אָרעמקייט אויף סטאַווקי און סמאָטשע. „דער יאָלד אין קאַפּעליוש" האָט מען אים דאָרטן גערופן.

שפּעטער, ווען שמואל לעהמאַן איז שוין געווען אַ קבצן און נישט גע־קענט צאָלן קיין רובלס פאַר לידלעך, האָט מען אים נישט איין מאָל מיט אַ שפּאָטיש געלעכטערל געהייסן מוחל זיין און נישט דולן קיין קאָפּ מיט קיין יאָלדישע שטיק און אַפילו גוט־ברודעריש אים אַראָפּגערוקט דעם יאָל־דישן קאַפּעליוש איבערן שטערן.

שמואל לעהמאַן האָט נישט געהאַט קיין פאַך־בילדונג אויפן געביט פון פאָלקלאָר. ער האָט אָבער פאַרמאָגט אַן אויסערגעוויינטלעכן פילבאָרן חוש פאַרן ייִדישן פאָלקלאָר. מיט זיין שאַרף־שפּיציקער נאָז האָט ער תמיד אין די בוידעם־שטיבער און קעלערן דערשפּירט עפּעס אַ ניי לידל אָדער אַ נייעם, אפשר אַ צענטן וואַריאַנט פון דעם, אים שוין באַקאַנטן, פאָלקס־לידל און פאָלקס־מעשה. נישט האָבנדיק קיין פאַכמענישע אויסבילדונג אין מוזיק, האָט ער זיך געהאַט זיין אייגן נאָטן־סיסטעם פון פאַרשרייבן מעלאָ־דיעס. ש. לעהמאַן האָט זיין אַרבעט געטאָן ביחידות, אָן עפנטלעכן פרסום, נישט האָבנדיק די מינדסטע אונטערשטיצונג מצד דער אָפיציעלער ייִדי־שער געזעלשאַפט אין וואַרשע. זאָל דאָ אויסגעזאָגט ווערן דער סוד, אַז זיין 30סטער יובילעי פון זיין טעטיקייט אין 1932 איז אָפּגעמערקט געוואָרן אַ דאַנק דער פּריוואַטער איניציאַטיוו פון אַ קליינער גרופּע פון זיינע פריינט און פאַרערער.

אין רעזולטאַט האָט שמואל לעהמאַן באַוויזן צונויפצוזאַמלען ריזיקע אוצרות (צענדליקער קאַסטנס) פון פאַרשריבענעם ייִדישן פאָלקלאָר, פון וועלכן נאָר אַ מקצת האָט דערלעבט צו זען די ליכטיקע שיין. („אַרבעט און פרייהייט", 1921, „גנבים־לידער", 1928, „ביי אונדז ייִדן", (צוזאַמען מיט פּנחס גראַובארד), „ייִדישע שפּריכווערטער, גלייכווערטלעך, רעדנסאַרטן און צונעמענישן, וועגן לענדער, געגנטן, שטעט און שטעטלעך", (צוזאַמען מיט נח פּרילוצקי) — אין פּרילוצקיס זאַמלביכער „פון דער אייראָפּעיִשער מלחמה", אין זאַמלבוך „לעבן" א"אַנד.

עס געהערט צו די טראַגישע פּאַראַדאָקסן פון אונדזער ייִדיש לעבן, אַז ערשט אין וואַרשעווער געטאָ האָט די זאַמל־אַרבעט פון שמואל לעהמאַן

באַקומען אַ מאַטעריעלן געזעלשאַפטלעכן אָנשפּאַר אין די ראַמען פון דער אַלגעמיינער אַקציע צו ראַטעווען די ייִדישע שעפערישע אינטעליגענץ. אַ ספּעציעלן אינטערעס צו זיין אַרבעט האָבן אַרויסגעוויזן ד״ר עמנואל רינגל־בלום און יצחק גוטערמאַן ז״ל. אין דער תקופה פון אומקום און אונטערגאַנג האָט מען פאַרשטאַנען די נויטווענדיקייט צו ראַטעווען — אויב עס לאָזט זיך נישט ראַטעווען די לעבעדיקע טרעגער פון ייִדישן פאָלקלאָר — כאָטש אַ טייל פון זייערע אוצרות.

חוץ דעם האָבן זיך דאָ פאַר שמואל לעהמאַן געעפנט ממש נישט געאַנטע מעגלעכקייטן פון אַרבעט: אין וואַרשעווער געטאָ איז אַנטשטאַנען אַן אמתער קיבוץ־גלויות פון דער גאַנצער פּוילישער פּראָווינץ — אַנטלאָפענע אָדער פאַרטריבענע פון הונדערטער שטעט און שטעטלעך. די פּליטים־פּונקטן זענען געוואָרן אַ קוואַל, פון וועלכן שמואל לעהמאַן האָט געקענט שעפּן בשפע.

איך שטעל מיך פאָר ווי לעהמאַן דרייט זיך אַרום מיט זיין נאָטיץ־ביכל צווישן די פאַרהונגערטע פּליטים און זוכט דאָרט — אין דעם ים פון מענטשלעכן עלנט און נויט דעם נייעם טראַגישן פאָלקלאָר — די ניי־אַנטשטאַנענע געטאָ־לידער, מעשיות און געטאָ־אַנעקדאָטן. די ראָל פון „דעם יאָלד אין קאַפּעליוש״ אין אַ נייער און וואָס פאַר אַ טראַגישער אויפלאַגע איז זיכער נישט געווען וואָס מקנא צו זיין. די דאָזיקע מענטשן, וואָס דער גורל האָט זיי פאַרמשפּט אויף אַן אומפאַרמיידלעכן אויסגיין אין שרעקלעכער נויט און פּיין, איז זיכער נישט געלעגן אין קאָפּ צו זינגען פאַר דעם דאָזיקן טשודאַק געטאָ־לידלעך. און ווי האָט זיך זיין פּילבאַר האַרץ געמוזט קאָרטשען און ווייען אין אָנבליק פון דעם דאָזיקן מענטשלעכן יאָמער. אַלע האָבן זיי זיך דאָ, אין דעם וואַרשעווער גיהנום צונויפגעזאַמלט, זיינע געוועזענע „קליענטן״ פון די ייִדישע שטעט און שטעטלעך — די מיידלעך מיט זייערע ליבע־לידער, די זקנים — פון וועמענס מויל ער האָט פאַרשריבן די ווונדערלעכע מעשיות וועגן אליהו הנביא און דעם פאַרכשופטן פּריץ... אָבער אין באַוווסטזיין פון זיין היסטאָרישער שליחות איז דער דאָזיקער גאָט־געבענטשטער פאַנאַטיקער געשטאַנען מיט אַ פאַרקלעמט האַרץ און פאַרביסענע ליפּן און נאָטירט דאָס געזאַנג פון תהום.

י ש ע י ה   ט ר ו נ ק

צוזאַמען מיט שמואל לעהמאַן (ער האָט געהאַט די זכיה צו שטאַרבן מיט אַ נאַטירלעכן טויט אין וואַרשעווער געטאָ דעם 23סטן אָקטאָבער 1941*) איז אומגעקומען אפשר איינע פון די רייכסטע זאַמלונגען פון ייִדישן פאָלקלאָר, וואָס זייער אבידה איז גאָרנישט אָפּצושאַצן — די פּרוכט פון איבער 40־יאָריקער אומדערמידלעכער, איבערמענטשלעכער אַרבעט.

* עמנואל רינגעלבלום שרייבט וועגן לעהמאַנס לוויה אין זיינע נאָטיצן פון וואַר־שעווער געטאָ (ז׳ 182): ...„כאַראַקטעריסטיש, אַז זיין לוויה האָט זיך צוזאַמענגעטראָפן מיט דער לוויה פון איינעם פון זיינע העלדן: בערל חזיר, וואָס האָט אים דערציילט אַ סך מעשיות. בערלס לוויה איז אָבער געווען אַ סך אַ גרעסערע ווי לעהמאַנס. דער פּרע־זעס טשערניאַקאָוו, צו וועמען מען האָט זיך געווענדט וועגן אַן אומזיסטער קרקע, האָט נעבעך נישט געוווסט ווער לעהמאַן איז״...

# שמואל זיגעלבוים

צווי געשעענישן האָבן אויף אַ ווייל אויפגעטרייסלט די וועלט און ווי אַ פאַרבלענדנדיקער בליץ דורכגעריסן די שווערע פינצטערע במאַרעס פון דער היטלער־תקופה: דער אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ און דער טראַגיש־העלדישער טויט פון שמואל זיגעלבוים (חבר אַרטור).

דער אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ איז געווען די לעצטע העראָישע טאַט פון אַ מענטשלעכן קאָלעקטיוו, וואָס איז במשך פון אַ פּאָר יאָר גע־מאָרדעט געוואָרן אין ביישפּיללאָזע באַדינגונגען מיט אַן אומבאַשרייבלעכער, צינישער אַכזריות. זיגעלבוימס פרייוויליקער טויט איז געווען דער לעצ־טער אינדיווידועלער אַקאָרד פון דער דאָזיקער טראַגיש־העראָישער עפּאָ־פּייע פון פּיין און גבורה.

די דאָזיקעביידע געשעענישן געפינען זיך אין אַן ענגן שייכות און פאַלן אויס אין איין צייט (מאַי 1943).

## מאַי 1943

די לעצטע קעמפער ראַנגלען זיך מיטן מעכטיקן שונא אויף די לעצ־טע פּאָזיציעס פון אין פלאַמען אויפגייענדיקן געטאָ. דער גרעסטער ייִדי־שער ישוב אין אייראָפּע קאָרטשעט זיך אין זיינע גסיסה־ווייען. פון די דריי און אַ האַלב מיליאָן פּוילישע ייִדן איז פאַרבליבן נישט מער ווי קאַרגע דריי הונדערט טויזנט. קרוב אַ מיליאָן ייִדן צונויפגעשלעפּטע פון גאַנץ אייראָפּע זענען שוין אויסגעמאָרדעט אָדער וואַרטן אויף דעם טויט, וואָס לייזט אויס פון נאַצישן גיהנום אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן און אין אַ קליינער צאָל „רעסט־געטאָס" און לאַגערן שמאַכטן אַ פערטל מיליאָן ייִדישע שקלאַפן, וואָס זענען געצווונגען זייער בלוט און שווייס אָפּצוגעבן דעם תליון.

און די גרויסע, פרייע, דעמאָקראַטישע וועלט — וואָס האָט זי געטאָן בכדי צו ראַטעווען די עלנטע רעשטלעך פון אייראָפּעיִשן ייִדנטום פון זי־

כערן אומקום און אָפּצושטעלן די מערדערישע האַנט אין מיטן פון איר־מאָרד־מלאכה? גאָרנישט.

תחילת האָט עס געהייסן, אַז די אַלע אַלאַרמירנדיקע ידיעות, וואָס האָבן זיך אויף אַן אונטערערדישן וועג דורכגעריסן דורך די מויערן פון די הער־מעטיש־פאַרמאַכטע געטאָס, זענען שטאַרק איבערגעטריבן, כמעט גרויל־פּראָפּאַגאַנדע.

ווען די אַלע פאַקטן פון דעם נאַצישן גרויל, וואָס זענען געבראַכט גע־וואָרן אין דער עפנטלעכקייט דורך עדי־ראיה, שלוחים פון דעם פּוילישן אונטערערד, אָדער קאָרעספּאָנדענטן פון נייטראַלע לענדער, האָבן געשלאָגן מיט איבערצייגנדיקער באַוויז־קראַפט, איז מען איבערגעגאַנגען צו דער טאַקטיק פון פאַרשווייגן, אָדער אין בעסטן פאַל, פון פאַרוואַנדלען די גרויסע ייִדישע טראַגעדיע אין אַ ביוראָקראַטישן פּליטים־ענין מיט עמיגראַציע־פאָרשריפטן און אימיגראַציע־קוואָטעס (בערמיודער קאָנפערענץ אין אַפּריל 1943).

אונטער פאַרשידענע פּוילע תירוצים האָבן זיך די אַליאירטע אָפּגעזאָגט אָנצונעמען ווירקזאַמע שריט בכדי אָפּצושטעלן די שחיטה אויף ייִדן אין פּוילן.

מען האָט זיך ווייזט אויס געשראָקן טאָמער וועט חלילה היטלער מסכים זיין צוליב פּראָפּאַגאַנדע־טעמים אַרויסצולאָזן די ייִדן פון אייראָפּע און מען וועט זיך מוזן פאַרנעמען מיט זייער גורל. עס זענען געווען וויכטיקערע ענ־ינים ווי צו ראַטעווען פון תלינס הענט די רעשטלעך פון אויסגעהרגעטן ייִדישן פאָלק אין אייראָפּע. מען האָט זיך באַנוגנט מיט פּוסטע וואָרענונגען וועגן באַשטראָפן די מערדער נאָכן קריג, פון וואָס די נאַציס האָבן זיך נאָ־טירלעך אויסגעלאַכט.

זיי וואָלטן פאַרשטאַנען נאָר איין שפּראַך — די שפּראַך פון שנעלע און שטרענגע קעגן־רעפּרעסיעס לגבי דייטשן, וואָס האָבן זיך געפונען אין די הענט פון די אַליאירטע כוחות. אין רעזולטאַט האָט זיך באַקומען, אַז אַ גאַנ־צע וועלט האָט זיך מיט טעמפּער און שטראָפּבאַרער גלייכגילטיקייט, אָדער אין בעסטן פאַל מיט דער מיטליידס־פּראַזע אין מויל, צוגעקוקט ווי היט־לער שעכט אומגעשטערט אויס אַ גאַנץ פאָלק.

למען האמת מוז מען פעסטשטעלן דעם טרויעריקן פאַקט, אַז אויך די אָרגאַניזירטע ייִדישע געזעלשאַפט אין די אַליאירטע לענדער האָט זיך מיט אומצוטרוי באַצויגן צו די גרויל־ידיעות, וואָס פלעגן זיך דורכרייסן פון פּוילן, שוין אַפילו אַזוי שפּעט ווי אין דער העלפט 1942, ווען די מאָרד־מאַשין האָט זיך געפונען אין פולן גאַנג.

ווען דער רעטונגס־קאָמיטעט ביי דער ייִדישער אַגענץ האָט אין דער צווייטער העלפט פון 1942 דערהאַלטן פון זשענעווע אַ דעפּעשע וועגן דעם מאַסן־מאָרד וואָס די נאַציס באַגייען איבער די פּוילישע ייִדן, זענען די פירער פון ארץ־ישראל ישוב געווען באַהערשט פון ספיקות און נישט געוואָלט פאַרעפנטלעכן זיין אינהאַלט. ווען מען האָט ענדלעך באַשלאָסן איבערצושיקן די גרויל־ידיעה צו די ייִדישע צענטראַלע אָרגאַניזאַציעס אין דער גאָרער וועלט, האָבן זיך אויף איר אָפּגערופן נאָר צוויי: די „באָאַרד אָוו דעפּיוטיס" אין לאָנדאָן און דער ייִדישער קאָנגרעס אין קאַנאַדע. די ייִדישע אָרגאַניזאַציעס אין אַנדערע לענדער האָבן אַפילו נישט געענטפערט (א. רייס: „פּרקים מפעולות העזרה וההצלה" אין „דפים לחקר השואה והמרד", תל־אביב, 1952, העפט ב׳, ז׳ 24).

און אַפילו שפּעטער, ווען די אויסראָטונג פון פּוילישן ייִדנטום איז שוין געוואָרן אַן אומבאַשטרייטבאַרער פאַקט (סוף 1943), זענען די הילפס־און רעטונגס־מיטלען, וואָס זענען אָנגעגומען געוואָרן דורך דער ייִדישער געזעלשאַפט אין די פרייע לענדער, נישט געשטאַנען אין קיין שום פּראָפּאָרץ צו דער גרויס פון דער קאַטאַסטראָפע. באַקלאָגט מען זיך דאָך אין די אונטערדישע, אויף אַ קאָנספּיראַטיוון אופן קיין אויסלאַנד אַרויסגעשיקטע באַריכטן פון וואַרשעווער געטאָ, אַז אַפילו די מאַטעריעלע הילף פאַר די לעצטע האַלאָוועשקעס פון פאַרברענטן אין חורבן ייִדישן ישוב אין פּוילן איז נישט געווען קיין געהעריקע, און דאָס איז דאָך שוין יאָ געווען מעגלעך (באַריכט פון אונטערערדישן „בונד" אין „פּוילן" פאַר דער צייט פון 15טן נאָוועמבער 1943 ביז מאַי 1944, געדרוקט אין די יאָרן פון ייִדישן חורבן, ניו־יאָרק, 1948, ז׳ 97).

אין דער דאָזיקער אוממאָראַלישער אַטמאָספערע פון פאַרשוויַיגן דעם גרעסטן פאַרברעכן אין דער מענטשלעכער געשיכטע, אין דער דאָזיקער

מאַנגענדיקער שטילקייט אַרום דעם מאַסן־מאָרד איבער דעם יידישן פאָלק, האָט זיגעלבוימס טאַט אָפּגעקלונגען ווי אַ מעכטיקער רוף, וואָס האָט אויף אַ ווייל אויפגעטרייסלט דאָס „געוויסן" פון דער וועלט און איז אַרויסגע־ריסן געוואָרן פון איר חרפּהדיקן גלייכגילט.

הונדערטער ציימונגען און זשורנאַלן האָבן וועגן דעם געשריבן. די פּשוטע און דערשיטערנדיקע ווערטער פון זיין צוואה ...„ווייל איך האָב נישט געקענט טאָן גאָרנישט בעת מיין לעבן, וועל איך אפשר מיט מיין טויט מיט־העלפן, אַז עס זאָל געבראָכן ווערן די גלייכגילטיקייט פון די, וועלכע האָבן די מעגלעכקייט צו ראַטעווען איצט, אפשר אין לעצטן מאָמענט, די נאָך פאַרבליבענע פּוילישע יידן"... האָבן דורך פּרעסע און ראַדיאָ געפונען זייער וועג צו מיליאָנען מענטשן אין דער גאָרער וועלט. אָבער גיך איז די וועלט צוריקגעקומען צו איר גלייכגעוויכט, און מען האָט ווייטער באַרויקט דאָס אייגענע געוויסן מיט נייע וואָרענונגען צו באַשטראָפן די מערדער נאָכ־דעם ווי זיי וועלן האָבן אויסגעקוילעט דעם לעצטן ייד אין אייראָפּע.

שמואל זיגעלבוים האָט פרייוויליק אַוועקגעשאָנקען דאָס טייערסטע וואָס אַ מענטש קען געבן — זיין לעבן. דאָס איז געווען אַ לעבן, וואָס איז פון ערשטן מאָמענט פון זיין געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט געווען אינגאַנצן אָפּגעגעבן צו די יידישע פאָלקס־מאַסן אין פּוילן. ער איז געווען פלייש פון זייער פלייש און ביין פון זייער ביין.

נאָכדעם ווי די היטלעריסטישע האָרדעס האָבן פאַרפלייצט פּוילן און שפּעטער גאַנץ אייראָפּע האָט זיך שמואל זיגעלבוים מיט זיין גאַנצער ברויזנ־דיקער ענערגיע, גרענעצלאָזער אָפּפערווויליקייט, מיט מוט און ווירדע, אַריינגעוואָרפן אין דער שווערער רעטונגס־אַקציע פאַר די געפייניקטע יידי־שע מאַסן אין פּוילן.

אָנהייבנדיק פון זיין מוטיקן און ווירדיקן אַרויסטריט אין וואַרשעווער יידנראַט פאַר אַ פּיל־טויזנט־קעפּיקן עולם, וואָס האָט זיך געהאַט פאַר־זאַמלט אַרום דעם קהילה־בנין, קעגן דער חרפּהדיקער געטאָ־גזירה, און שפּעטער נאָכן פאַרלאָזן פּוילן, אַלס שליח פון „בונד" אין אַמעריקע און מיטגליד פון פּוילישן נאַציאָנאַל־ראַט אין לאָנדאָן, האָט זיגעלבוים ממש גע־פלאַקערט מיט אַן אינערלעכן פייער פון זיך אַליין־פאַרצערנדיקער אומ־

אויפהערלעכער, מיזאַמער אַרבעט צו ראַטעווען דאָס וואָס עס לאָזט זיך נאָך פון דער היטלער־שריפה.

זיגעלבוים איז געווען דער ערשטער וואָס האָט געטראָגן אין דער וועלט דעם אמת וועגן יידישן אומקום.

אויף אומצאָליקע מיטינגען, קאָנפערענצן, דורך ראַדיאָ און פּרעסע, אויף אינטערנאַציאָנאַלע פאָרומס איז זיגעלבוים נישט מיד געוואָרן אַרויס־צושרייען דעם ווי־געשריי, וואָס האָט זיך געטראָגן פון די פוילישע גאַז־קאַמערן; ער איז נישט מיד געוואָרן צו מאָנען און פאָדערן הילף פאַר די־קרבנות פון דער נאַצישער אכזריות.

פאַרמעל דער שליח פון פּוילישן „בונד" איז זיגעלבוים דורך זיין קעמ־פעריש לעבן און נישט ווייניקער קעמפערישן טויט נתעלה געוואָרן צו דער מדרגה פון אַ פאָלקס־טריבון פון די יידישע מאַסן אין פוילן אין דער טראַגישסטער תקופה פון זייער געשיכטע. ער האָט אַן זיי נישט געקענט לעבן, „איך געהער צו זיי און צו זייערע מאַסן־קברים". שמואל זיגעלבוימס לעבן און טויט האָבן אים אויף אייביק פאַרבונדן מיט דער געשיכטע פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, מיט דעם העראָישן אויפשטאַנד פון וואַר־שעווער געטאָ.

# דער וועד מדינת רוסיא (רייסן)

אין יאָר 1623 האָבן זיך די ליטוויש־ווייסרוסישע קהילות אָפּגעטיילט פון וועד ה׳ ארצות, וואָס ביז דעם דאָזיקן יאָר זענען אין אים געווען בדרך כלל רעפּרעזענטירט די הויפּט־קהילות פון 5 פּראָווינצן: גרויספּוילן, קליינ־פּוילן, פּאָדאָליע, וואָלין און ליטע, און געשאַפן אַן אייגענע צענטראַלע רעפּ־רעזענטאַנץ — דעם וועד מדינת ליטע. חוץ אינעווייניקסטע פאַקטאָרן, ווי דער סיכסוך צווישן גראָדנע און טיקטין וועגן דער קהלשער יוריסדיקציע איבער פּאָדליאַשער גרענעץ־קהילות און וועגן פינאַנציעלע ענינים, האָט דאָס אָפּרייסן זיך פון די ליטוויש־רייסישע קהילות אייגנטלעך אָפּגעשפּיגלט די פּאָליטישע און אַדמיניסטראַטיווע פאַרהעלטענישן צווישן די ביידע טיילן פון דער מלוכה, וואָס איז פאַראייניקט געוואָרן אין 1569. אַפילו נאָך דער א״ג רעאַלער אוניע איז די ליטווישע גרויספירשטנשאַפט געבליבן זעלב־שטענדיק אין די דריי וויכטיקסטע געביטן פון דער מלוכהשער אַדמיניס־טראַציע: פינאַנצן, מיליטער און געריכטסוועזן.

דער דאָזיקער מלוכישער דואַליזם האָט אויך געפונען זיין אויסדרוק אין די אָרגאַניזאַציע־פאָרמען פון דער יידישער אויטאָנאָמיע. עס איז אַ סברה, אַז די פינאַנציעלע סיכסוכים און די קאָמפּעטענץ־פראַגעס זענען נישט געווען די סיבות וואָס האָבן גורם געווען דעם ריס, נאָר גיכער זענען זיי געווען סימפּטאָמען פון דער סעפּאַראַטיסטישער נטיה ביי די ליטווישע קהילות, וואָס האָט זיך מסתמא גענערט פון דעם אַלגעמיינעם פּאָליטישן דואַליזם פון דער פּויליש־ליטווישער מלוכה.

דער אָרגאַניזאַציאָנעלער בוי פון וועד מדינת ליטע איז געווען מער צענטראַליזירט און געטראָגן אַ מער אָליגאַרכישן כאַראַקטער ווי דער וועד ד׳ אַרצות אין קרוין־פּוילן. די הויפּט־דעה אין וועד מדינת ליטע האָבן לכתחילה געהאַט די געוויילטע פאָרשטייערס פון דריי קהילות (בריסק, גראָד־נע, פּינסק). אין יאָר 1652 איז צוגעקומען ווילנע און אין יאָר 1692 — די

סלוצקער קהילה. די דאָזיקע פינף קהילות האָבן מיט זייער קהלשער יו־ריסדיקציע באַהערשט גרויסע שטחים וואָס האָבן אַרומגענומען גאַנצע וואָ־יעוואָדשאַפטן מיט צענדליקער קהילות און ישובים.

די אַ״ג „משולחים״ — די פאָרשטייערס פון אַנדערע גרעסערע קהי־לות, ווי למשל מינסק, נאָוואָרעדאָק, סמאָרגאָן א״אַנד, וואָס האָבן זיך באַ־וויזן מיט דער צייט צו עמאַנציפּירן און ווערן צענטערס פאַר גאַנצע גלילים — האָבן געשפּילט אַ צווייטראַנגיקע ראָלע און פלעגן זיך באַטייליקן נאָר אין די בודזשעט־זיצונגען פון וועד און ווי ס׳ווייזט אויס נאָר מיט באַראַ־טונגס־רעכט.

וואָס שייך די ווייסרוסישע קהילות האָבן זיי לכתחילה געהערט צו דער קהלשער יורידיקציע פון בריסק וואָס האָט בכלל אַרומגענומען אַ ריזיקן שטח: דעם מערב־טייל פון דער בריסקער וואָיעוואָדשאַפט און נאָוואָרעד־קער, מינסקער, וויטעבסקער און פּאָלאָצקער וואָיעוואָדשאַפטן.

ווען איז אַנטשטאַנען דער וועד מדינת רוסיא? דער פּראָצעס וואָס האָט געפירט דערצו, אַז די ווייסרוסישע קהילות זאָלן זיך עמאַנציפּירן פון ליט־ווישן צענטראַלן וועד איז געווען אַ בהדרגהדיקער. אויפן וועד אין בריסק אין שצ״א (1631) איז פאַר „ארץ רוס ואגפיו״, ד״ה פאַר די ווייסרוסישע קהילות, צוזאַמען מיט די קהילות אין מינסק, ווילנע און זייערע סביבות, אַנערקענט געוואָרן דאָס רעכט און די פליכטן פון אַ באַזונדערן גליל. די עוואָלוציע האָט זיך אָבער ביי דעם נישט אָפּגעשטעלט, זי איז געגאַנגען אין דער ריכטונג פון שאַפן אַ באַזונדערע אויטאָנאָמע ווייסרוסישע מדינה מיט אַן אייגענעם וועד און אַן אייגענעם רב־הכולל.

מיר זעען דאָס פון צוויי דאָקומענטן אין פּנקס המדינה. אין אַ חשבון פון ליטווישן וועד פון ת״ז (1647) ווערן אויסגערעכנט צוויי שטר־חובות אויף אַ סומע פון 4,650 גילדן, וואָס די „מנהיגי ארץ רוס״ און די „אנשי רוס״ זענען געבליבן שולדיק אויפן חשבון פון הכנסה־שטייער פאַר דעם קומענדיקן יאָר ת״ח. אין אַ צווייטן חשבון פון וועד כאַמסק פון תכ״ז (1667) איז די רייד וועגן אַן אָפּרעכענונג מיט „מדינת רוסיא״, ווען דער וועד ליטע איז געבליבן שולדיק 337 גילדן.

פון דעם אויבן ציטירטן חשבון פון 1647 איז קלאָר אַז די התחלות

פון „מדינת רוס" אָדער „ארץ רוס" גרייכן צו דער תקופה פון פאַר ת"ח.
אַז עס האָט שוין פאַרן יאָר 1654, ווען עס איז אויסגעבראָכן די פויליש־מאָסקוויטישע מלחמה, עקסיסטירט אַ צענטראַלע רעפּרעזענטאַנץ פון די ווייסרוסישע קהילות וואָס האָט שוין געהאַט אונטער זיך אַ טראַדיציע, זאָגט עדות דער באַשלוס פון ליטווישן וועד פון תט"ז (1656) וועגן גובה זיין דעם שטייער ביי די פּליטים פון די ווייסרוסישע קהילות וואָס זענען אי־בער די מלחמה־געשעענישן אַנטלאָפן קיין ליטע. דער באַשלוס גיט איבער דעם ענין אין די הענט פון פאַרשטייערס, אויסגעוויילטע פון די פּליטים גופא, און נישט אין די הענט פון די שמאַים (שאַצערס) פון די ליטווישע קהילות, ווו די פּליטים האָבן זיך אויפגעהאַלטן. דערביי מוזן זיי זיך אָבער האַלטן ביי דעם שאַצמאָסשטאַב, וואָס איז חל אין ליטע (6 גל' פון הונדערט).

וואָס פאַר אַ טעריטאָריע עס האָט אַרומגענומען די ווייסרוסישע מדינה ביי איר אַנטשטייונג און שפּעטער אין דער צווייטער העלפט 17טן י"ה איז נישט באַוווסט. קלאָר ווערט די דאָזיקע פראַגע ערשט אין דער ערשטער העלפט 18טן י"ה. זי האָט זיך דעמאָלט אויסגעשפּרייט אויף אַ שטח פון די צוויי צפון־מזרחדיקע וואָיעוואָדשאַפטן: מאָהילעווער, מסטיסלאַווער (אַמ־טשיסלאַווער) און אַ טייל (דעם מזרחדיקן) פון וויטעבסקער. בכן זענען אין דער טעריטאָריע פון מדינת רוסיא געלעגן אַזעלכע קהילות ווי מאָהילעוו, וויטעבסק, שקלאָוו, אַלט־ביכאָוו, אַמטשיסלאַוו, האָרקי, טשאַוס, דובראָוונע און עטלעכע קלענערע, ווי טאָלאָטשין, ביעליניטש, אָסטראָוונע, פּעטראָוויץ, ליאָזנע א"אַנד. די איבעריקע קהילות אין ווייסרוסלאַנד זענען געווען פאַר־טיילט צווישן מינסק און פּאָלאָצק, וואָס זענען געווען זעלבשטענדיקע גרוי־סע גלילים.

דער וועד מדינת רוסיא פלעגט אָפּהאַלטן זיינע סעסיעס אין דער צוויי־טער העלפט 17טן י"ה ס'רוב אין מאָהילעוו און שקלאָוו, אין 18טן י"ה — ס'רוב אין קאָפּיס און שקלאָוו. די וועדים פלעגן אָפּגעהאַלטן ווערן אויך אין האָרקי, דובראָוונע, אַלט־ביכאָוו און ביעליניטש אין פאַרשידענע חדשים פון יאָר, ס'רוב אין אָב.

די ערשטע אונדז באַקאַנטע סעסיע פון ווייסרוסישן וועד איז פאָרגע־קומען כ"ג תמוז תכ"ט (1669) אין מאָהילעוו, די לעצטע, אויף וויפל מיר

זוייסן, — סוף תקל״ו (1776) אָדער תחילת תקל״ז אין מאָהילעוו, שוין נאָך דער ליקווידאַציע פון וועד ד׳ אַרצות און וועד מדינת ליטע. פון די פּראָג־מענטאַרישע ידיעות וואָס מיר האָבן וועגן די סעסיעס פון וועד רוסיא (אין דער צווייטער העלפט 17טן י״ה — 10 סעסיעס; במשך דעם 18טן י״ה — ביז 1777 — 17 סעסיעס) לאָזט זיך נישט פעסטשטעלן אין וואָסערע באַ־שטימטע צייט־אָפּשניטן דער וועד פלעגט זיך צונויפקומען. געווען יאָרן ווען דער ווייסרוסישער וועד פלעגט זיך פאַרזאַמלען אַפילו צוויי מאָל אין יאָר, אַ שטייגער: י״ג שבט און כ״ב—כ״ד אָב תמ״ו (1686) אין מאָהילעוו און שקלאָוו, ב׳ אייר און ז׳ אָב תע״א (1711) אין דובראָוונע, י״ג אָדר און ו׳ אָב תע״ח (1718) אין קאָפּיס, ב׳ כסלו און אין שבט ת״פ (20/1719) אין קאָפּיס אאַז״וו. ווי מיר זעען פלעגט זיך דער וועד רוסיא לפי־ערך אָפט צו־נויפקומען און מען דאַרף משער זיין, אַז לויט זיינע תקנות האָט ער גע־דאַרפט אָפּהאַלטן זיינע סעסיעס לכל הפּחות יעדער יאָר און בשעת הצורך אַפילו צוויי מאָל אין יאָר.

וועגן דעם אָרגאַניזאַציאָנעלן בוי און דער טעטיקייט־ספערע פון וועד מדינת רוסיא איז קיין סך נישט באַוווּסט, זיין פּנקס־המדינה האָט זיך נישט אויפגעהיט. ס׳זענען בלויז פאַראַן העתקות פון תקנות, אזהרות און פּסקים אין די קהלשע פּנקסים פון אַ צאָל ווייסרוסישע קהילות, ווי אַמטשיסלאָוו, האָרקי, וויטעבסק, פּעטראָוויץ א״אַנד. מען דאַרף אָננעמען, אַז אָרגאַניזאַ־ציאָנעל איז ער מסתמא געווען ענלעך צום ליטווישן וועד, ד״ה אַז אין אים זענען געווען פאַרטראָטן פאָרשטייערס פון די גרויסע קהילות, ווי מאָהי־לעוו, שקלאָוו, וויטעבסק, אַמטשיסלאָוו א״אַנד.

אין אַן אָפּיציעלן פּוילישן דאָקומענט פון 1700 ווערן ווי מנהיגים פון דער „ווייסרוסישער סינאַגאָגע" אויסגערעכנט 9 פאָרשטייערס פון 7 קהי־לות; צו צוויי פון מאָהילעוו און שקלאָוו און צו איינעם פון האָרקי, סמאָלאַן, וויטעבסק, דובראָוונע און ביעליניטש.[1] די צאָל מנהיגים און די צאָל קהי־

1 Акты Виленской Археографической Комиссіи, XXIX, стр. 256 - 259.

מען דאַרף משער זיין אַז די דאָזיקע צאָל (9) איז אַ פּולע, היות דער דאָקומענט

לות, וואָס זענען אין אים געווען רעפּרעזענטירט, פלעגן זיך מסתמא בייטן ווען קלענערע קהילות זענען אויסגעוואַקסן און געוואָרן זעלבשטענדיק, אָדער פאַרקערט — אַמאָליקע גרויסע קהילות זענען אַראָפּ פון דער מדרגה. אין יאָר תקל"ז איז דער וועד באַשטאַנען פון דעלעגירטע פון פינף קהילות. די צאָל חתימות אויף די תקנות און פּסקים פון וועד איז אַ פאַרשידענע — פון 2 ביז 7 (שוין אַריינגערעכנט די חתימה פון רב־המדינה), און היות עס איז ביי זיי נישט אָנגעגעבן דער נאָמען פון דער שייכדיקער קהילה איז אוממעגלעך פעסטצושטעלן די צאָל קהילות וואָס זענען געווען אין אים פאַרטראָטן.

במשך פון צייטאָפּשניט 1669—1777 ווערן אין די מקורים דערמאָנט 31 מנהיגים פון דער מדינה. איינעם פון זיי, אברהם בן מרדכי פּוזנר, טרעפן מיר אינעם אַמט פון מנהיג המדינה פון 1684 ביז 1718, ד"ה במשך פון 34 יאָר. מיר טרעפן אויך די באַצייכענונג „ראש המדינה". אין די יאָרן 1712־1739 איז דאָס געווען שמואל הלוי סגל פון וויטעבסק. צי די באַצייכענונג מיינט פאָרזיצער פון וועד, אַנאַלאָגיש צום פּרנס המדינה פון וועד ד' ארצות, איז נישט קלאָר. נאַטירלעך האָט דער וועד געהאַט אויך זיין סעקרעטאַר. ער ווערט דערמאָנט אין אַ דאָקומענט פון 1671 מיט דער באַצייכענונג „ספרא במדינת רוסיא". דעם דאָזיקן אַמט האָט אין די יאָרן 1712—1720 (און מעגלעך אויך שפּעטער) פאַרנומען דער „ספרא ודיין המדינה" אהרן יפה, דער זון פון שקלאָווער רב ר' ישראל יפה, מחבר פון אור ישראל (פראַנקפורט־אָדער, תס"ב).

אין וויטעבסקער פּינקס ווערן נאָך דערמאָנט: „נאמנים ובוררים מדינה לפּאָגלאָווגע", „שמאים כלל המדינה", ד"ה קאַסירערס און שאַצערס, וואָס זייער עובדא איז געווען דאָס פונאַנדערטיילן די אַלגעמיינע סומע פון קאָפּ־שטייער און מסתמא אויך פון אַנדערע שטייערן אויף איינצלנע קהילות אין דער וויסרוסישער מדינה, ווי אויך „דייני מדינה", ד"ה די דיינים וואָס

---

שטעלט מיט זיך פאָר אַן אורטייל פון טויט־שטראָף פאַר אַ נישט־באַצאָלטן חוב פון 9.420 גילדן, וואָס איז מסתמא אַרויסגעטראָגן געוואָרן אויף אַלע מנהיגים פון וועד, וואָס זענען געווען סאָלידאַריש פאַראַנטוואָרטלעך.

זענען צוזאַמען מיטן רב־המדינה געווען די ריכטער־קאָלעגיע פון וועד.

די מנהיגי המדינה האָבן אויך אַנטייל גענומען אין דער פאַרוואַלטונג פון זייערע היימישע קהילות. לויט די תקנות פון וויטעבסקער קהל פון 1730 געהערן די מנהיגי המדינה פון וויטעבסק צו דער וויכטיקסטער קאָלעגיע פון „זך אנשים", וואָס האָט געציילט 27 מיטגלידער. צו דער דאָזיקער קאָלעגיע האָבן אויך געקאָנט געהערן די דייני המדינה, וואָס זענען גלייכצייטיק געווען דיינים אין דער וויטעבסקער קהילה.

ווי האָבן זיך געשטאַלטיקט די באַציִונגען צווישן דעם ליטווישן וועד און דעם וועד מדינת רוסיא, וואָס האָט זיך פון אים עמאַנציפּירט? פאַר די דאָזיקע באַציִונגען איז וויכטיק דער פאַקט, אַז דער מלוכה־סיים פלעגט פעסטשטעלן, אָנהייבנדיק פון יאָר 1581, סיי פאַר די ליטווישע סיי פאַר די ווייסרוסישע קהילות אַ גלאָבאַלע בשותפותדיקע סומע פון קאָפּשטייער, ד"ה אַז דער ווייסרוסישער וועד איז געווען פאַראַנטוואָרטלעך צום ליטווישן וועד פאַר דער שטייער־סומע, וואָס איז פעסטגעשטעלט געוואָרן פאַר ווייסרוסלאַנד.

אויף זיינע אסיפות פלעגט דער וועד ליטע פעסטשטעלן די הייך פון דער כוללדיקער סומע קאָפּשטייער פון די ווייסרוסישע קהילות ווי אַ טייל פון דעם קאָפּשטייער פון ליטע, אַפילו אין דעם פּעריאָד ווען זיי האָבן מיט זיך שוין פאַרגעשטעלט אַ זעלבשטענדיקע מדינה. די סומע פלעגט באַטירלעך זיין פאַרשיידן. אַזוי אַ שטייגער האָט דער וועד אויף זיין ערשטער אונדז באַקאַנטער אסיפה אין אלול שפ"ג (1623) באַשטימט פאַר „אנשי רוס" דעם קאָפּשטייער אין דער הייך פון 65 ליטווישע שאָק גר'; אָבער אין יאָר תקכ"א (1761) באַטרעפט ער שוין 16,400 גילדן. צי ביים באַשטימען דעם קאָפּשטייער פון דער ווייסרוסישער מדינה זענען צוגעצויגן געוואָרן אויך אירע פאַרשטייערס איז נישט באַוווּסט, אין פּינקס מדינת ליטא איז נישטא פאַראַן קיין שום רמז דערויף.

אין דעם א"ג „טאַריף" פון יידישן קאָפּשטייער אין דער ליטווישער גרויספירשטנשאַפט, וואָס דער סיים האָט אָנגענומען אין יאָר 1717, ווו עס זענען צום ערשטן מאָל געווען דעטאַליזירט געוואָרן די סכומים פון קאָפּשטייער, וואָס עס קומט פון די ליטווישע הויפּט־ און ביי־קהילות (ביז דעם

יאָר פלעגט דער סיים באַשטימען נאָר אַ כוללדיקן סכום, וואָס דער וועד פלעגט אַליין פונאַנדערטיילן צווישן די קהילות), איז אויסגערעכנט באַזונדער די סומע קאָפּשטייער פון דער „ווייסרוסישער סינאַגאָגע" אין דער הייך פון 9,800 גילדן וואָס דאָס איז כמעט אַ העלפט פון דעם סכום קאָפּשטייער פון די 5 ליטווישע הויפּט־קהילות. בכן זענען ליטע און ווייסרוסלאַנד, אויפן געביט פון וויכטיקסטן מלוכה־שטייער, געווען אין טעריטאָריאַלע גאַנצקייט — ליטע (די צווייטע איז געווען קרוין־פּוילן), און דאָס האָט פּאַקטיש באַטייט אַז דער וועד רוסיא איז געווען אָפּהענגיק פון ליטווישן וועד אויפן וויכטיקסטן געביט — אויפן שטייער־געביט. חוץ דעם גיבן אונדז צוויי דאָקומענטן, איינער פון 17טן און דער צווייטער פון 18טן י"ה, אַ באַרעכטיקטן גרונט פאַר אַ הנחה, אַז דער ליטווישער וועד האָט געשפּילט לגבי דעם ווייסרוסישן די ראָלע פון אַ העכערער אַפּעלאַציע־אינסטאַנץ, צו וועלכער ווייסרוסישע קהילות און יחידים, וואָס זענען געבליבן אומצופרידן מיטן פּסק פון אייגענעם וועד, אָדער אין פאַלן ווען דער וועד אַליין איז געווען אַ צד אין אַ סיכסוך, פלעגן זיך ווענדן נאָך אַן אַנטשיידונג. אַזוי למשל האָט דער בריסקער רב, ר' מרדכי בן בנימין וואָלף גינצבורג (אַשכנזי), אין 1685 אַרויסגעטראָגן אַ פּסק אין אַ פאַרשלעפּטן סכסוך צווישן האָרקער קהל און אָרטיקע אַרענדאַרן, וואָס וועגן אים האָט שוין פריִער (אין 1669) אַרויסגעטראָגן אַ פּסק דער וועד רוסיא, פון וועלכן איין צד איז אָפּנים געבליבן אומצופרידן.

אין יאָר 1743 אָדער 1753 האָט אַמטשיסלאַווער קהל פירגעבראַכט פאַרן בריסקער רב און אַנדערע מנהיגים פון ליטווישן וועד אַ געלט־תביעה אויף 12,000 גילדן קעגן די מנהיגים פון ווייסרוסישן וועד, וואָס האָבן ביי אים די דערמאָנטע סומע געליִען און אויף איר געגעבן שטרות, אונטערגעשריבן פון דעמאָלטיקן רב־המדינה ר' יצחק אייזיק גינצבורג. היות די באַווייזן זענען געווען מחוץ יעדן ספק, האָט דער וועד צוגעפּסקנט די געפאָדערטע סומע דעם אַמטשיסלאַווער קהל מיט געוויסע תנאים און מחייב געווען די מנהיגים פון וועד רוסיא מקיים צו זיין דעם פּסק אונטער דער דראָונג פון חרם און רדיפות אַפילו בדיני אוה"ע (אומות העולם).

עס האָבן נאַטירלעך נישט געפעלט קיין סיכסוכים צווישן ביידע וועד־

דים — וועד ליטע און וועד רוסיא — אויפן פינאַנציעלן באָדן, מסתמא מחמת נישט געסילוקטע שטייערן, פאַר וועלכע, ווי געזאָגט, דער וועד ליטע איז געווען פאַראַנטוואָרטלעך אויך פאַר דער ווייסרוסישער מדינה. אויף איינעם אַזאַ סכסוך ווילן מיר זיך דאָ אָפּשטעלן.

אין יאָר 1761 איז קיין שקלאָוו געקומען דער „שליח מיוחד" פון ליט־ווישן וועד און מתרה געווען די שקלאָווער מנהיגים צו באַצאָלן דער וויל־נער קהילה צוויי אַסיגנאַציעס אויף אַ סומע פון 535 גילדן, וואָס זענען בשעתו אויף דער סעסיע אין כאַמסק אויסגעשטעלט געוואָרן אויף דער ווייסרוסישער מדינה (די לעצטע באַקאַנטע סעסיע פון וועד ליטע אין כאַמסק איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין ת"ק — 1740). נאָך דער התראה האָבן די שקלאָווער מנהיגים מסכים געווען צו שיקן צו דער אַסיפה פון וועד ליטע אין סלוצק צוויי שליחים פון וועד ר״סיא, וואָס האָט זיך אין דער זעלביקער צייט געדאַרפט צונויפקומען אין מאָהילעוו, און דערביי פאַרזיכערט, אַז אויב די מאָהילעווער אַסיפה וועט באַשליסן נישט צו שיקן קיין דעלעגאַטן קיין סלוצק, וועט שקלאָוו אַליין דעלעגירן איר שליח מיוחד.

אָבער צו דעם וועד אין סלוצק אין סיון־תמוז תקכ"א (1761) זענען קיין שליחים נישט געקומען, נישט פון מאָהילעוו און נישט פון שקלאָוו. האָט דער וועד סלוצק י"ז תמוז אַרויסגעגעבן אַ שטרענגן פסק וואָס פסקנט צו דער ווילנער קהילה די דערמאָנטע סומע מיט פראָצענטער, וואָס זענען במשך פון דער צייט אָנגעוואַקסן אויף נאָך אַ מאָל אַזוי פיל, ד"ה צוזאַמען 1,070 גילדן.

עס איז סימפּטאָמאַטיש פאַר דער אָנגעשטרענגטקייט אין די באַציונ־גען צווישן ביידע וועדים און פאַרן גייסט פון דעמאָראַליזאַציע וואָס האָט שוין דעמאָלט געהערשט אויף דער לעצטער אַסיפה פון וועד, אַז דער פסק איז פאַרזען מיט אַ צוגאָב־תנאי, אַז אויב מדינת רוסיא וועט נישט וועלן מקיים פסק זיין, זאָל מען אָװעקגעבן די אַסיגנאַציעס צו אַ פּריץ, אַ גלח אָדער אַ תקיפדיקן פאַכטער („לאיזה פריץ, כומר ומוכס תקיף") און אָנ־ווענדן אַלע מיטלען, אַפילו דורך גויִשע געריכטן, וועגן חרמות שוין אָפּ־גערעדט. אויפן פסק זענען אונטערגעשריבן די רבנים פון בריסק, גראָדנע, סלוצק, פינסק און ווילנע.

להיפוך צום ליטווישן וועד האָט די וויכטיקסטע ראָלע אין ווייסרוסישן וועד געשפּילט דער רב־המדינה, בפרט ווען דעם דאָזיקן אַמט האָבן פאַרנומען ר׳ שאול ב״ר נפתלי הירץ און זיין זון ר׳ יצחק אייזיק גינצבורג (צווישן 1710 און 1750). דער רב־המדינה איז געווען פאָרזיצער פון וועד און פלעגט צונויפרופן די וועד־אסיפות. ער פלעגט אויך אַרומפאָרן איבער די קהילות פון זיין „יעפּאַרכיע״ און אַרויסגעבן פסקים אין סיכסוכים צווישן די הויפּט־קהילות און זייערע סביבות און צווישן קהל און זיינע מיטגלידער. ער פלעגט חתמענען דער ערשטער אויף אַלע תקנות און ווענדונגען פון וועד המדינה. זיין יערלעכער געהאַלט האָט לויטן בודזשעט פון יאָר 1733/1732 באַטראָפן 500 גילדן, בעת דער געהאַלט פון די אַרטיקע רבנים איז אינעם זעלביקן בודזשעט פעסטגעשטעלט געוואָרן אויף אַ העלפט — 250 גילדן.

משמעות אַז די הערשערישע שטעלונג פון רב־המדינה האָט אַרויסגערופן אומצופרידנקייט אין טייל קהילות. אַ ווידערקול פון דער דאָזיקער אומצופרידנקייט הערן מיר אין אַ מסירה פון אַ פריץ (אַפנים אינספּירירט פון „זיינע״ אומצופרידענע יידן) צום ליטווישן גרויסהעטמאַן מיכאַל קאָריבוט ווישניאָוויעצקי אין יאָר 1723. ער באַשולדיקט דעם רב־המדינה, אַז אַנשטאָט די 9,800 גילדן קאָפּשטייער, וואָס די ווייסרוסישע מדינה האָט געדאַרפט בייסטייערן לויט דער קאָנסטיטוציע פון 1717 האָט ער אויפגעמאָנט 25,000 גילדן, וואָס ער פאַרניצט אויף פּריוואַטע צוועקן; אַז ער רופט נישט אויף די אַסיפות פון וועד די פאָרשטייערס פון אַלע קהילות וואָס זענען אין אים רעפּרעזענטירט, נאָר בלויז זיינע נאָענטע מענטשן; אויף די וואָס פּראָטעסטירן קעגן דער נישט־יושרדיקער פאַרטיילונג פון די שטייערן ווערט דורך אים און זיינע מקורבים [2] געמאַכט אַ דרוק מיט דעם וואָס זיי

---

[2] אין די ווייסרוסישע קהילות פון יענער צייט געפינט מען אויף פּאָסטנס פון רבנים די גינצבורגס, זין און אייניקלעך פון רב־המדינה ר׳ שאול. זיין זון ר׳ יצחק אייזיק איז ביז בערך 1730 געווען רב אין דריבין (טשאַוסער פּאָוויאַט, מאָהילעווער גוב׳), פון זיינע אייניקלעך איז ר׳ שמעון בן יצחק געווען רב אין אַמטשיסלאַוו (תצ״ו—תק״ל) און ר׳ יוסף בן מאיר גינצבורג — רב אין פּעטראָוויץ (תק״ז—תקמ״א; זען מ. מגיד, ספר תולדות גינצבורג, פּעטערבורג, תרנ״ט, זז׳ 28, 197־198). אויך אין דער האָרקער קהילה

גיבן אַזוי לאַנג נישט אַרויס קיין אַסיגנאַציעס די קאָלעקטאָרן פון קאָפּ־שטייער ביז זיי צווינגען נישט די פּראָטעסטירנדיקע, מיט דער הילף פון סאָלדאַטן, אונטערצושרייבן די שטייער־רשימות.

אויפן סמך פון דער דאָזיקער און נאָך אַנדערע מסירות מצד פּריצים, אַז די ייִדן אין זייערע גיטער ווערן דורך די רבנים און די ראשי־הקהל שווער באַלעסטיקט מיט גרויסע שטייערן, וואָס אַ טייל דערפון גייט אין זייערע אייגענע קעשענעס, האָט דער גרויסהעטמאַן אַרויסגעגעבן דעם 17טן יוני 1737 אַ באַפעל, אַז אַלע ווייסרוסישע קהילות זאָלן דורך זייערע ראשים און רבנים צושטעלן דער גראָדנער פינאַנץ־קאָמיסיע פון ליטווישן אוצר־טריבונאַל אַלע זייערע שטייער־רשימות, רעגיסטערן און חשבונות צום דורכקאָנטראָלירן.

אַן ענלעכע אָנקלאַגע קעגן דער התנהגות פון רב־המדינה (דאָס איז שוין געווען ר' שאולס ממלא־מקום, זיין זון ר' יצחק אייזיק גינצבורג) הערן מיר אין דעם אורטייל פון ליטווישן פינאַנץ־טריבונאַל פון 22סטן מערץ 1746 אין דעם שאַרפן קאָנפליקט צווישן שקלאָווער קהל און דעם ווייסרו־סישן וועד, ווו עס ווערן געבראַכט סיי די שווערע אָנקלאַגעס פון שקלאָ־ווער קהל קעגן וועד סיי די פאָדערונג פון שקלאָוו, אַז דער רב־המדינה און די רבנים בכלל זאָלן זיך נישט מישן אין שטייער־ענינים, וואָס דאַרפן בהסכם מיט די אַלטע תקנות רעגולירט ווערן אויף די צוזאַמענפאָרן פון פאָרשטייערס פון אַלע ווייסרוסישע קהילות — פאַרמעגלעכע פאָרשטייערס, נישט קיין קבצנים — און אַז אויף די דאָזיקע צוזאַמענפאָרן זאָלן אויסגע־קליבן ווערן די מנהיגים און אַנדערע באַאַמטע פון דער מדינה.

די פאַרשאַרפונג פון די באַציִונגען צווישן דעם וועד־המדינה און איינ־צלנע גרויסע קהילות פלעגט טייל מאָל דערפירן צו אַן אָפענעם ריס. דאָס איז געשען מיט די קהילות אין שקלאָוו און קאָפּיס. ווי עס דרינגט אַרויס פון אורטייל פון ליטווישן פינאַנץ־טריבונאַל פון 21סטן מערץ 1747 אין דעם סיכסוך צווישן דיביידע קהילות און דעם וועד, האָבן זיי זיך אָפּגע־

---

איז אַרום 1730 געווען אב״ד יצחק אייזיק במה״ר צבי („פנקס הקהל דק״ק פּיטרוויץ״, דף ס״ה). די דאָזיקע נעמען טרעפן מיר אָפט אין דער משפחה גינצבורג.

ריסן פון דער מדינה, דעריבער זענען זיי באַפרייט געוואָרן פון טראָגן אירע פינאַנציעלע התחייבותן. צי די ביידע קהילות זענען שוין פאַרבליבן ביזן סוף מחוץ דעם וועד־המדינה איז נישט באַוווסט. פון דעם וואָס אין יאָר 1761 האָט דער וועד מדינת ליטע אונטערגעהאַנדלט מיט די שקלאָווער מנהיגים וועגן חובות, וואָס זענען נוגע דעם ווייסרוסישן וועד (זען אויבן), וואָלט מען געקאָנט דרינגען, אַז די צדדים זענען אַדורכגעקומען און די שקלאָווער קהילה איז צוריק אַריינגעטראָטן אין דעם ווייסרוסישן קהילות־פאַרבאַנד.

אויך מיט דער וויטעבסקער קהילה פלעגן די באַציִונגען זיין פון צייט צו צייט אָנגעשטרענגטע. אַזוי, למשל, האָט אין יאָר 1717 וויטעבסקער קהל איבער אומבאַקאַנטע סיבות באַשלאָסן צו באָיקאָטירן דעם צוזאַמענקום פון וועד און נישט שיקן קיין פאָרשטייערס (בוררים), דערביי זענען אין דער החלטה פאָראויסגעזען די שטרענגסטע שטראָפן, ביז פאַרלירן חזקת־יִשוב,[3] אויב עס וועט וועמען זיך ווער דערוועגן צו פאָרן אויף דער אַסיפה פון וועד אָן אַ שריפטלעכער דערלויבעניש פון קהל.

פון דער אַנדערער זייט האָט דער וועד, אויף זיין סעסיע פון כ׳ טבת תצ״ט (1739), באַשלאָסן אַז אויב וויטעבסקער קהל וועט נישט באַצאָלן דעם מנהיג־המדינה, שמואל הלוי סגל, זיין חלק אין די הוצאות, וואָס דער וועד האָט געהאַט אין שייכות מיט שיקן דעפּוטאַטן צו דער גראָדנער פינאַנץ־קאָמיסיע (זען אויבן) און צום וואַרשעווער סיים, וועט מען אים שיקן דעם „בעל־גלגולת" (קאָלעקטאָר פון קאָפּשטייער) מיט סאָלדאַטן, אַזוי ווי דאָס איז שוין איין מאָל געשען.

אַגב זענען אַזעלכע רייסערייען און אָנקלאַגעס קעגן די צענטראַלע וועדים איבער די גרויסע שטייערן און אומערלעכקייט געווען אָן אָפּטע דערשיינונג אין דער ערשטער העלפט פון 18טן י״ה סיי אין קרוין־פּוילן סיי אין ליטע. עס איז גענוג צו דערמאָנען דעם פאַל פון כמעט אַן אַלגעמיינעם בונט קעגן ליטווישן וועד אין 1721, וואָס האָט געפונען זיין אויסדרוק אין אָנקלאַגעס צום פינאַנץ־טריבונאַל מצד די ווייסרוסישע, זאַמעטער און אַלע

---

[3] די רעכט צו וווינען אין דער שטאָט, וואָס קהל פלעגט פאַרקויפן צו יחידים.

קליינע קהילות אין ליטע גופא. דער טריבונאַל האָט דעם 18טן נאָוועמבער 1721 פאַראָרדנט אויפצומאַנען ביי די ראשים פון די פינף ליטווישע הויפּט־קהילות די ריזיקע סומע פון 100,000 גילדן ווי אַן עודף פון צו גרויסע שטייערן און האָט דערביי מזהיר געווען דעם וועד זיך שטרענג צו האַלטן ביי דער קאָנסטיטוציע פון 1717 און ביים אופן פון דער שטייער־פאַרטיילונג וואָס איז אין איר פעסטגעשטעלט געוואָרן, בכדי אויסצומיידן להבא אַזעלכע דערשיינונגען אַז גרויסע קהילות צאָלן ווייניקער ווי די קליינע ביי־קהילות.

וואָס שייך דעם טעטיקייט־פעלד פון וועד מדינת רוסיא דערציילן אונדז די אויפגעהיטע ווייסרוסישע פנקסים וועגן זיינע תקנות און פסקים, וואָס זענען נוגע געווען בעיקר דער רעגולירונג פון די באַציִונגען צווישן די הויפּט־קהילות און זייערע סביבות, צווישן די גרויסע אַרענדאַרן און די שייכדיקע קהילות, די קאָמפּעטענץ־סיכסוכים צווישן זעלבשטענדיקע קהילות, צווישן קהילות און יחידים אאַז״וו. (דער פאַראַנענער מאַטעריאַל גיט נישט קיין פול בילד פון דער טעטיקייט פון וועד. אַזאַ בילד וואָלט אונדז געקאָנט געבן דער פנקס־המדינה, אָבער צום באַדויערן האָט ער זיך נישט אויפגעהיט).

אַ באַזונדערס האַרב קאַפּיטאַל פאַרן וועד־המדינה זענען אינעם פעאָדאַלן אָפּגעשטאַנענעם ווייסרוסלאַנד געווען די גרויסע אַרענדאַרן („מחזיקים״), זייערע סיכסוכים מיט די קהילות, וואָס אין זייער שטח האָבן זיך געפונען זייערע אַרענדעס. אין דער דאָזיקער אָפּגעשטאַנענער פעאָדאַלער ווירטשאַפט האָבן די אַרענדאַרן פאַרנומען זייער שטאַרקע ווירטשאַפטלעכע פּאָזיציעס און זיי האָבן געהאַלטן אין זייערע הענט דעם שליסל צו די פּרנסות פון דער יִדישער באַפעלקערונג אין די פּילצאָליקע פּריצישע שטעטלעך און דאָרפישע ישובים.

די גרויסע אַרענדאַרן, וואָס ווערן אין די אָפּיציעלע אַקטן טיטולירט: „גאַספּאָדין״, „פּאַן״, האָבן זיך געפילט ווי מושלים, און האָבנדיק הינטער זיך די פּראָטעקציע פון זייערע אַלמעכטיקע פּריצים, האָבן זיי געשטרעבט צו קריגן די הויפּט־דעה אין די ענינים פון דער געגעבענער קהילה און צו־

מאָנאָפּאָליזירן פאַר זיך די פּרנסות וואָס זענען געווען פאַרבונדן מיט דער אַרענדע.

שוין די ערשטע אונדז באַקאַנטע סעסיע פון וועד מאָהילעוו אין 1669 האָט געהאַט אויפן סדר־היום אַ סיכסוך צווישן האָרקער קהל און די פּאַכטערס פון די פּריצישע מאָנאָפּאָלן אויפן שטח פון דער קהילה. געגוי וועגן וואָס עס האָט זיך געהאַנדלט ווערן מיר געוווּיר ערשט פון אַ צווייטן פּסק פון וועד, אַרויסגעגעבן אויף זיין סעסיע אין האָרקי ט׳ אדר תמ״ד (1684). פון דעם פּסק זעען מיר אַז דער סיכסוך האָט זיך געדרייט אַרום דעם אָנטייל פון די אַרענדאַרן אין דער קהלשער רעפּרעזענטאַנץ, זייער אָנטייל אין די קהלשע הוצאות און זייערע עקאָנאָמישע אינטערעסן אין שייכות מיט די פּרנסות פון דער שטעטלדיקער און דאָרפישער יידישער באַפעלקערונג.

אויף דער דערמאָנטער סעסיע האָט דער וועד געפּסקנט אַז אויף פינף קהל־לייט מוזן די „מחזיקים״ האָבן מינימום צוויי (1 ראש און 1 טוב־הקהל). די בוררים קאָנען אויך באַשטימען אַ דריטן קהל־מאַן פון זייער צד, אָבער צוגעבן נאָך איינעם פון די „מושכרים״, ד״ה פון דער איבעריקער באַפעלקערונג, טאָרן זיי נישט. (דער אויסדרוק „מושכרים״ — פאַרדונגענע — איז זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר די ממש פעאָדאַלע פאַרהעלטענישן וואָס האָבן געהערשט צווישן די פּריצים און די איבעריקע יידן). די אַרענדאַרן קאָנען בכן האָבן אַ רוב אין דער קהילה־פאַרוואַלטונג. זיי ווערט אויך פאַרזיכערט אַ השפּעה אויף די טעטיקייטן פון די שמאָים.[4] זיי דאַרפן דערפאַר טראָגן 2/5 פון די קהלשע הוצאות אויף מתנות פאַר דעם פּריץ, זיינע באַאַמטע און משרתים.

בנוגע דער אַרענדע ווערט איינגעשטעלט אַ סדר וואָס האָט אין אַ געוויסער מאָס באַשיצט די רעכט און אינטערעסן פון די קליינע אַרענדאַרן און קרעטשמערס: די וואָס האָבן געהאַלטן אַרענדעס אין משך פון 5־6 יאָר בלייבן ביי זייער חזקה, ד״ה די גרויסע אַרענדאַרן טאָרן ביי זיי נישט אויסקויפן די פּרנסות; אין דערפער ווו עס זענען נאָך קיין אַרענדעס נישט פאַראַן, ד״ה דער בראָנפן־פאַרקויף איז פריי, טאָרן די אַרענדאַרן קיין נייס נישט

[4] שאַצערס פון די שטייערן.

איינפירן, אָבער דער פאַרקויף פון בראָנפן ווערט באַגרענעצט צום הורט־האַנדל (נישט ווינציקער ווי איין טאָפּ מיט אַ מאָל). נאָר בעת ירידים איז דער בראָנפן־פאַרקויף פריי פון אָפּצאָל פאַר די אַרענדאַרן.

אָבער דער דערמאָנטער פסק האָט נישט געמאַכט קיין סוף צו די קאָנ־פליקטן צווישן קהל און די פאַכטערס. אין דעם זעלביקן יאָר, סוף סיוון, שווימט ווידער אַרויף דער סיכסוך אויף דער סעסיע פון וועד אין שקלאָוו, ווו עס ווערט געגעבן אַ פירוש צום פריִערדיקן פסק. דער וועד המדינה האָט זיך נאָך געמוזט מתעסק זיין מיט די רייסערייען צווישן האָרקער קהל און די פאַכטערס אויף זיינע סעסיעס, י״ג שבט תמ״ו (1686) אין שקלאָוו, ווו ער האָט רעגולירט די תנאים פון דעם טאַבעקפאַכט אין האָרקער סביבה, און אויף זיין סעסיע אין ביעליניטש, כ״ב אלול תנ״ה (1695).

די אַרענדאַרן האָבן אויך געפרווט זיך אַרויסצודרייען פון צאָלן דעם „סכום״ (הכנסה־ און פאַרמעגן־שטייער) און די אַנדערע קהלשע שטייערן און זענען דערביי אונטערגעשטיצט געוואָרן פון די פריצים, וואָס האָבן בכלל געקוקט קרום אויף די קהלשע שטייערן פון „זייערע״ ייִדן, זעענדיק אין זיי אַ פאַרמינערונג פון זייערע אייגענע הכנסות.

אויף דער סעסיע פון וועד אין קאָפּיס, י״ג אדר שני תע״ח (1718), ווענדט זיך דער וועד מיט אַ בריוו צו אָסטראָווגער קהל, ווו ער פאָדערט אויף די דאָרטיקע ראשים צו צווינגען אַ צאָל אַרענדאַרן וואָס וווינען אין זייער סביבה אַריינצוטראָגן אין דער קאָסע פון וויטעבסקער קהל די שטייער־סומעס וואָס זיי זענען געבליבן שולדיק פאַר אַ פּאָר יאָר.

מיר האָבן שוין דערמאָנט אַז צו די ענינים מיט וועלכע דער וועד פאַרנעמט זיך אויף זיינע סעסיעס געהערן סיכסוכים צווישן קהילות וועגן דער יוריסדיקציע און שטייער־אָנגעהעריקייט פון די שטעטלעך און דאָר־פישע ישובים וואָס זענען געלעגן אינעם גרענעץ־געביט פון זייערע קהלשע סביבות. אַזוי אַ שטייגער האָט דער וועד אויף זיין סעסיע אין שקלאָוו אין 1686, באַטראַכטנדיק אַ סיכסוך צווישן אַמטשיסלאַווער און שומיאַטשער קהל, באַשלאָסן, אַז די דאָרפישע ייִדן וואָס האָבן הייזער אין ביידע קהילות ווערן פאַררעכנט צו אַמטשיסלאַווער קהל, די וואָס האָבן הייזער אין שור־מיאַטש ווערן צוגערעכנט צום שומיאַטשער קהל נאָר אין דעם פאַל, ווען

די דערפער געפינען זיך נישט ווייטער ווי אַנדערהאַלבן מייל פון שומיאַטש, דערפער וואָס געפינען זיך ווייטער געהערן צו אַמטשיסלאַווער קהל.

דער סיכסוך צווישן אַמטשיסלאַוו און שומיאַטש בנוגע דער אַנגעהע־ריקייט פון נייע ישובים איז נאָך אַ מאָל אַרויסגעשוווּמען אויפן וועד אין קאָפּיס אין 1720 און דער וועד האָט ווידער געפונען אַ פּשרה, וואָס איז אין דריי יאָר אַרום באַשטעטיקט געוואָרן דורכן רב־המדינה, ר׳ שאול גינצבורג.

אויף אַן ענלעכן אופן האָט דער וועד געפּסקנט אויף זיין סעסיע אין קאָפּיס אין יאָר תע״ח (1718), אין סכסוך צווישן וויטעבסקער און אָסטראָוו־נער קהל, אַז די דאָרפיידן, וואָס וווינען אויף אַ שטח פון איין מייל פון אָסטראָוונע און האָבן הייזער אין שטאָט, דאַרפן צאָלן דעם קאָפּשטייער אין אָסטראָוונע און דעם „סכום״ אין וויטעבסק, אָבער דערביי מוז מען באַ־מערקן אַז אָסטראָוונע איז נישט געווען קיין זעלבשטענדיקע קהילה, נאָר איז געווען אונטערגעוואָרפן דער יוריסדיקציע פון וויטעבסקער קהל.

ווי געזאָגט, איז אויפן סדר־היום פון וועד אָפט געשטאַנען די פראַגע פון רעגולירן די באַציִונגען צווישן די הויפּט־קהילות און זייער׳ע סביבות, בעיקר אויפן געביט פון שטייערן און אַנדערע מאַטעריעלע התחייבותן פון דער סביבה לגבי דער הויפּט־קהילה. די קלענערע קהילות ווייזן בכלל אַרויס מיט דער צייט אַ טענדענץ צו ווערן אומאָפּהענגיק פון די הויפּט־קהילות אין פרט פון שטייערן, בית־דין אאַז״וו. דער וועד האָט בדרך־כלל באַקעמפט די סעפּאַראַטיסטישע טענדענצן פון די קליינע קהילות, און ווי אַ קערפערשאַפט וווּ עס זענען געווען פאַרטראָטן נאָר גרויסע קהילות, האָט ער אין די אויסגעבראָכענע קאָנפליקטן גענומען על־פּי רוב אַ שטעלונג לטובת די לעצטע.

די אויבן דערמאָנטע סעסיע פון וועד האָט רעגולירט די התחייבותן פון אָסטראָוונער קהל לגבי וויטעבסק אויף אַזאַ אופן: (1) אָסטראָוונער קהל איז מחויב צו צאָלן אַ צענטל פון קאָפּשטייער און „סכום״ וואָס זיי האָבן גע־צאָלט ביז איצט, אָדער אַדורכקומען מיט וויטעבסקער קהל דורך די „אויבער־שמאָים״ (די וואָס האָבן געשאַצט די געוויינטלעכע שמאָים); (2) כדי צו דעקן די חובות פון וויטעבסקער קהל דאַרפן אַלע מיטגלידער פון אָסטראָוונער

קהילה צאָלן צו 5 גילדן יערלעך במשך פון צוויי יאָר און נאָך דעם טערמין וועט דער וועד דעם ענין נאָך אַ מאָל באַטראַכטן; (3) אָסטראָווגער קהל איז מחויב צוצושטעלן קיין וויטעבסק 25 פורן במשך פון יאָר כדי אַריבערצופירן די וואַנדערנדיקע אורחים, און ווען דער צושטראָם פון אורחים קיין וויטעבסק איז גרויס, קען וויטעבסקער קהל פאָדערן נאָך 5 פורן; (4) דעם חוב פון 75 גילדן מוז אָסטראָווגע באַצאָלן אין צוויי קורצטערמיניקע ראַטעס; און (5) צו די דאָרפישע מנינים בעת די ימים־נוראים קאָנען צוגעלאָזט ווערן נאָר אַזעלכע, וואָס האָבן אַ כתב אַז זיי האָבן באַצאָלט וויטעבסקער קהל אַלץ וואָס עס קומט פון זיי.

נאָך פריִער, אויף דער אַסיפה אין דובראָווגע אין אָב תע״א (1711), האָט זיך דער וועד־המדינה געווענדט מיט אַ שטרענגן פאָרווורף צו אַלע קהילות און ישובים אין דער וויטעבסקער סביבה פאַר וואָס זיי וואַרפן פון זיך אַראָפּ דעם עול פון שטייערן אין דער צייט ווען וויטעבסקער קהל ווערט געדריקט פון די פילצאָליקע מלווים. דער וועד פאָדערט זיי אויף צו קומען מיט וויטעבסקער קהל גופא, אָדער דורך אַ בוררים־געריכט, צו אַ גמר וועגן דער סומע פון „סכום״ וואָס זיי זענען געבליבן שולדיק. צום סוף קומט אַ וואָרענונג, אַז אויב זיי וועלן דאָס נישט טאָן, וועט וויטעבסקער קהל זיי קאָנען נייטן מיט אַלע צוואַנגמיטלען וואָס שטייען אין זיין רשות, אַפילו מפקיר זיין זייערע נחלאות לויטן דין הפקר בית־דין הפקר.

אַ לאַנגן און פאַרביטערטן קאַמף האָט וויטעבסקער קהל געהאַט צו פירן מיט די ייִדן וואָס האָבן געוווינט אין די שכנותדיקע דערפער, אָדער אין די יורזדיקעס וואָס האָבן געהערט צו פריצים אין דער שטאָט גופא. אין 1706 פאַרשרייבט דער וויטעבסקער קהל־פנקס, אַז „...מענטשן וואָס וווינען אין די דערפער אין דער קהלשער סביבה האָבן אויפגעהערט צו צאָלן דעם ׳סכום׳. מען קאָן פון זיי אַפילו דעם קאָראָבקע־שטייער נישט גובה זיין, ווייל זיי אָרדענען אײַן ביי זיך מנינים אין די ימים־נוראים... און אַחוץ דעם זענען זיי נאָך ביי זיך מסדר־קידושין אָן אַ דערלויבעניש פון קהל״.

וויטעבסקער קהל האָט דעם ענין פירגעבראַכט פאַרן וועד־המדינה, וואָס האָט אַרויסגעגעבן קעגן די ווידערשפּעניקע ישובניקעס אַ שטרענגע

וואָרענונג, זיי זאָלן דעם „סכום" און די קאָראָבקע צאָלן לויט די רשימות אין דער וויטעבסקער קהילה, אין קעגנפאַל וועט מען אַרויסטרעטן קעגן זיי מיט חרמות ושמתות מיט דריי שופרות... אַלע מנינים אויף אַ שטח פון 6 מייל פון וויטעבסק ווערן בטל און די ישובניקעס מוזן אויף די ימים־נוראים קומען קיין וויטעבסק; קיינער זאָל נישט וואַגן מסדר־קידושין צו זיין אין די דערפער אָן אַ דערלויבעניש פון קהל; בכדי צו באַצאָלן די דרינג־לעכע חובות וואָס קהל האָט געהאַט צוליב די „מאָסקוויטער" (עס איז די צייט פון דער רוסיש־שוועדישער מלחמה) איז דער וועד גוזר אַז יעדער דאָרף־איינוווינער דאַרף באַצאָלן וואָס עס קומט פון אים לויטן „רייסטער" — צוזאַמען בערך 1,000 גילדן, אין קעגנפאַל האָט קהל דאָס רעכט אַרויס־צוטרעטן קעגן די ווידערשפּעניקע מיט אַלע מיני שטראָפן און נגישות און זייער גאַנץ פאַרמעגן ווערט משועבד צו קהל. אויב זיי וועלן פאַרבלייבן אין זייער ווידערשפּעניקייט, וועלן זייערע נחלאות דערקלערט ווערן פאַר הפקר און מען מעג ביי זיי אויסדינגען די פּרנסות. עס ווערט אויך פאַרווערט צוצולאָזן צו די מנינים אַזעלכע, וואָס האָבן נישט קיין כתב פון וויטעבסקער קהל אַז זיי האָבן מסלק געווען דעם „סכום" און דעם קאָראָבקע־שטייער, אין קעגנפאַל פאַרלירן די ראשי־מנינים זייער מחיה אויף אייביק. די דאָ־זיקע תקנה איז נאָך אַ מאָל באַקרעפטיקט געוואָרן אין יאָר 1707.

ער"ח אלול, תצ"ו (1736), איז אין דער וויטעבסקער שול אויסגערופן געוואָרן אין נאָמען פון קהל און פון וועד־המדינה אַ שטרענגע וואָרענונג:

אַז קיין יהודי איש או אשה זאָל זיך ניט דער וועגען צו ריכטין עקצעפּצין [exceptio] בעולם מאיזה שר בעולם בכדי זאָל ניט עפּיש גורם היזק זיין בקאָבאָק ושעלינגאָווי[5] וגם אותם אַנשים הדרים בקצה העיר, הן אותן אַנשים וואָס דאָ ווינען בעיר, וואָס האָבן זיך געריכט עד הנה ניט צו צאָלין קיין קאָבאָק ושעלינגאָווע, בכן זאָלין אותן אַנשים קוממען לפני קהל אין גמר צו מאַכין ועל להבא איז אויף זייא ג"כ דער חרם הגדול חל, אַז זייא זאָלין זיך ניט דער וועגען קיין עקצעפּצין

[5] „קאָבאָק" האָט געהייסן דער אָפּצאָל פאַר אַרענדירן קרעטשמעס; „שעלינגאָווע" (פון פּויליש Szelag) — אַן אָפּצאָל פון משקאות־פאַרקויף.

צוא האָבין... און זיי טאָרין חלילה ניט מגלה זיין מסתורים בפני השרים שלהם בחרם גדול הנ״ל... ובאם זייא וועלין חלילה עובר זיין על החרם הנ״ל... מען וועט אים רודף זיין עד מקום שיד ישראל מגעת, מען וועט זיך מיט אים ניט מתחתן זיין, מען וועט אים קיין כשר שחיטה ניט פאַרקויפין, מען וועט זיינע קינדער ניט מלה זיין און מען וועט זיינע קינדער מגרש זיין פון מלמדים, קיינער טאָר נישט שטיין אין זיינע ד׳ אמות וקבורתו קבורת חמור יקבר...

אָבער אַפילו די דראָונג מיטן גרויסן חרם האָט נישט געהאָלפן. מיט 7 יאָר שפּעטער, אין 1743, שטעלט פעסט מעלאַנכאָליש דער בעל־הפּנקס: „אַז שוין אַ סך יאָרן ווי די ייִדן פון דער סביבה באַפרייען זיך אייגנוויליק פון צאָלן שטייערן... זיי צאָלן איין וועגן און וויפל זיי איז ווילגעפעלן... אַ סך צאָלן גאָרנישט״. דער וועד־המדינה האָט ווייטער געפּרוווט אַרויס־העלפן. דער בעל־הפּנקס דערציילט, אַז אין יאָר 1741 איז קיין וויטעבסק געקומען דער רב־המדינה, ר׳ יצחק אייזיק גינצבורג, און אַרויסגעטראָגן אַ פּסק, וואָס איז מחייב אַלע מיטגלידער פון דער קהילה מוסיף צו זיין צו דעם „סכום״ און קאָפּשטייער און צו צאָלן פּינקטלעך די קאָראָבקע־טאַקסעס.

אָט דער פּסק פון רב־המדינה גיט אונדז דאַכט זיך אָן ענטפער אויף דער פראַגע פאַר וואָס פּשוטע דאָרפיִדן האָבן זיך נישט געשראָקן אַפילו פאַרן „חרם הגדול״ און זיי האָבן זיך קעגנגעשטעלט קעגן וויטעבסקער קהל און זיינע פיסקאַלע פאַראָרדענונגען וואָס האָבן געהאַלטן אין איין וואַקסן. די שטייערן־לאַסט איז געווען נישט צו דערטראָגן און סיי דער שטאָטישער ייִד, סיי דער ישובניק, וואָס האָבן מיט שווערער מי און פּראַצע קוים פאַרדינט אויף קאַרגער חיונה (די אָרעמקייט ביי דער ייִדישער פאָלקס־מאַסע איז אין 18טן י״ה דערגאַנגען צו איר נידעריקסטער מדרגה), זענען פון איר פּשוט דערדריקט געוואָרן.

מיר וועלן לאָזן וועגן דעם דערציילן דעם בעל־הפּנקס גופא. אונטער דער דאַטע פון י״ט כסלו תע״ב (1711) לייענען מיר:

שוין אַ פּאָר יאָר ווי אויף אונדז האָבן זיך אויסגעגאָסן גרויסע פּורעניות, אַ סך האָבן מיר זיך אָנגעליטן פון די פּוילישע און רוסישע

חיילות [בעת דעם שוועדיש־רוסישן קריג] און ווי אַ צולאָג האָט דער וואָיעוואָדע אַרויפגעלייגט אויף אונדז פאַרשידענע אָפּצאָלן. מען האָט געמוזט אַרויפלייגן מעשר אויף אַלע איינוווינערס, נאָר דאָס האָט אויך נישט געהאָלפן. די נויט איז זייער גרויס און איין צרה יאָגט די אַנדערע, ווי עס שטייט געשריבן: אין פרימאָרגן וועסטו זאָגן: הלוואי ווערט אָוונט! און אין אָוונט וועסטו זאָגן: הלוואי ווערט פרימאָרגן!... עס איז נישט געבליבן עפּעס אַנדערש ווי איינצופירן די קאָראָבקע, וואָס איז אַזאַ שווערע לאַסט, וואָס איז נאָך קיין מאָל נישט געווען אין קיין קהילה פון אונדזער מדינה...

עס איז דעריבער נישט קיין ווונדער, וואָס דאָס פאָלק האָט זיך געבונטעוועט קעגן דער פּרעסנדיקער שטייערן־שרויף. דער קאָראָבקע־שטייער, וואָס איז תחילת געווען אַן אויסערגעוויינלעכער שטייער צו דעקן אומפאָראויסגעזעענע הוצאות בשעת חירום, האָט זיך גיך פאַרוואַנדלט אין אַ רעגולערן, קהלשן, אומדירעקטן שטייער, מיט אַ טענדענץ אַרומצונעמען, ווי מיט אייזערנע צוואַנגען, וואָס אַ גרעסערע צאָל אַרטיקלען און פּרנסה־קוואַלן.

חוץ מיט די אויסגערעכנטע ענינים האָט דער וועד זיך אויך פאַרנומען מיט אויסאַרבעטן תקנות וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות מיטן וואַל־רעגולאַמין, אָרגאַניזאַציע און פונקציעס פון קהל, קאָמפּעטענץ פון די דערוויילטע קהילה־באַאַמטע, שטייערן פון יחידים, הייך פון די קאָראָבקע־טאַקסעס פון פאַרשידענע קאַטעגאָריעס אאַז״וו.

אויף זיין סעסיע אין שקלאָוו תחילת כסלו ת״פ (1719) האָט דער וועד אָנגענומען אַ רייע תקנות, וואָס מיר געפינען פאַרשריבן אין אַמטשיסלאַווער פּנקס. צי דאָס זענען געווען תקנות נאָר פאַר אַמטשיסלאַווער קהל צי פאַר אַלע ווייסרוסישע קהילות איז נישט באַוווסט.

אין 1777 האָט דער וועד וואָס האָט זיך פאַרזאַמלט אין מאָהילעוו דעלעגירט דריי זיינע פאָרשטייערס קיין פּעטראָוויץ, בכדי מתקן צו זיין די אַרטיקע קהילה־ענינים וואָס האָבן זיך געפונען אין אַזאַ אומאָרדענונג אַז דער פריץ פון שטעטל האָט אונטערגעשטיצט די בקשה פון קהל צום וועד

וועגן אַריינברענגען אַ סדר אין דער קהילה. די תקנות, וואָס טראָגן די דאַטע „ז״ך בטבת תקל״ז״ און זענען פאַרזען מיט די חתימות פון די דריי שלי־חים: יוסף בן מאיר כ״ץ (?) גינצבורג, בנימין בן המאה״ג שמעון גינצ־בורג און משולם פייוויש בן יוסף חפ״ץ, זענען פאַרשריבן געוואָרן אין פנקס הקהל פון דער פעטראָוויצער קהילה. די דאָזיקע תקנות דערלויבן אונדז אַן אַריינבליק אין די סאָציאַלע און יורידישע יסודות אויף וועלכע דער וועד פלעגט אָרגאַניזירן די קהילות אין דער צווייטער העלפט 18טן י״ה, און מען מעג משער זיין, אַז מסתמא אויך פריִער, מחמת דעם קאָנסערוואַטיוון כאַראַקטער פון געזעצלעכע נאָרמעס בכלל. מיר וועלן זיך דאָ אָפּשטעלן אויף די וויכטיקסטע:

דער סעיף ה׳ (די נומעראַציע פון די סעיפים איז אונדזערע) פאַרזי־כערט די רעכט פאַר די זעקס ראשים, דעם נאמן און דעם גבאי פון דער לויפנדיקער קאַדענץ נאָך אַ מאָל אויסגעוויילט צו ווערן. פריִערדיקע מנהי־גים און בעלי־בתים וואָס צאָלן אַ הויכן „סכום״ (מינימום 4 גילדן פון הונ־דערט), אָדער האָבן אַ הויז, קענען אויסגעקליבן ווערן אַפּילו אויב זיי האָבן קיין מאָל נישט געהאַט קיין התמנות.

די בוררים (עלעקטאָרן) טאָרן נישט אויסוויילן אויף אַ קהלשן אַמט אַזעלכן, וואָס זיין „סכום״ איז ווינציקער ווי צוויי גילדן פון הונדערט. נאָר די מנהיגים זענען בכוח צו געבן אַזאַ איינעם וואַלרעכט. ער ווערט דעמאָלט פאַרצייכנט אין אַ ספּעציעלער רשימה. אַ בעל־מלאכה קאָן אויסגעקליבן ווערן פאַר אַ מנהיג נאָר ווען ער צאָלט אַ הויכן שטייער (בעל סכום גבוה) און איז אַן אייגנטימער פון אַ הויז (סעיף ה׳). דער וואָס איז עוסק „במלאכה בזויה״[6] (וואָס פאַר אַ מלאכה איז נישט אָנגעוויזן), אַפּילו ווען ער צאָלט מער ווי 2%, טאָרן אים די בוררים נישט אויסוויילן אויפן אַמט פון אַלוף און גבאי, וועגן אַמט פון מנהיג איז שוין אָפּגערעדט (סעיף ז׳). דעם וואָס צאָלט אַ הויכן סכום (4% און העכער) טאָר מען נישט העכערן די שטייער־סומע מער ווי אויף אַ דריטל מיט איין מאָל (סעיף י״ז).

די תקנות שפּיגלען אויך אָפּ די וויכטיקע פּאָזיציע וואָס עס פאַרנעמט

---

[6] אַ בזיונדיקע מלאכה.

אין דער קהילה דער רב. קהל און די חברה־קדישא טאָרן נישט קנסענען קיין שום בעל־הבית אָן דעם וויסן און אָן דער הסכמה פון רב און די דיינים (סעיף כ״ג). מען טאָר נישט אויפנעמען קיין שום גבית־עדות, אָדער מוסר זיין אַ מודעה סיידן אין בייזיין פון צוויי מיטגלידער פון בית־דין, אַנדערש האָט עס נישט קיין האַפט (סעיף ל״ב).

די פעאָדאַלע פאַרהעלטענישן, וואָס האָבן געהערשט אין אַ פּריוואַט פּריציש שטעטל אין דער צווייטער העלפט 18טן י״ה, שפּיגלט אָפּ די תקנה וועגן נייטן ווידערשפּעניקע מקיים צו זיין דעם פּסק פון קהל אָדער בית־דין, באַנוצנדיק זיך מיט דער מאַכט פון „הויף״ (החצר); אויך די געלט־שטראָפן גייען פאַרן פּריץ (סעיפים י״ח, י״ט, כ׳, כ״א).

די אינטערעסן פון די קאָראָבקע־פּאַכטערס זענען פאַרזיכערט דורך דער תקנה אַז פון דער קאָראָבקע־טאַקסע טאָר קיין שום בעה״ב נישט אַראָפּרעכענען דאָס וואָס עס קומט אים פון פּריוואַט פון בעל־הקאָראָבקע (סעיף כ״ח). קהל האָט אויך דאָס רעכט צו דעקן זיינע דעפיציטן מיט איינפירן נייע קאָראָבקעס (סעיף כ״ו).

איין תקנה דערציילט אונדז אַז דער וועד־המדינה פלעגט באַפולמעכטיקן קהל אַריינצולייגן אין חרם זייערע שמשים אין פאַלן פון ווידערשפּעניקייט (סעיף ל״א). אין איין תקנה רעדט זיך אויך וועגן דעם חוב פון קהל צו דעקן זיין חלק אין די הוצאות פון וועד־המדינה (סעיף כ״ו).

דער וועד פלעגט אויך באַשטעטיקן תקנות וואָס קהילות פלעגן מתקן זיין, און מיט דעם איז זיי געגעבן געוואָרן די העכסטע סאַנקציע. אַזוי, אַ שטייגער, האָט דער וועד באַשטעטיקט אויף זיין סעסיע אין שקלאָוו אין תע״ו (1716) די תקנה פון אַמטשיסלאַווער קהל, וואָס פאַרווערט צו בויען הייזער אויפן מאַרקפּלאַץ וואָס איז קיניגלעכע ערד, ווייל פון דעם קומט אַרויס אַ רעה פאַרן כלל (מסתמא בכדי אויסצומיידן סכסוכים מיט די שטאָט־לייט). דער וועד פלעגט אויך אַנטשיידן אין סכסוכים צווישן קהילות און יחידים וואָס זענען אַנטשטאַנען אויפן באַדן פון חזקת־ישוב, אָפּצאָלן אאַז״וו, און ער פלעגט די צדדים אַרויסרופן צו זיינע סעסיעס (פּנקס פון וויטעבסקער קהל, פאַרשרייבונג פון ז׳ אָב תע״א).

אויף דער סעסיע אין יאָר תמ״ד (1684) האָט דער וועד געפּסקנט קעגן

האַרקער קהל, וואָס האָט געפּאָדערט אַן אַדערויף פון צוויי תושבים, מאָטי־ווירנדיק דעם באַשלוס מיטן פאַקט, אַז זיי ווינען שוין גענוג לאַנג, צאָלן סכום און זענען דעריבער פּטור פונעם אַדערויף, וואָס עס דאַרפן צאָלן נאָר פרעמדע ייִדן ווען זיי באַקומען חזקת־ישוב נאָך אַ געוויסער צייט ווינען אין שטאָט.

מיט צוויי יאָר שפּעטער פּסקנט דער וועד אויף אַן אָנקלאַגע פון האַר־קער קהל, אַז פרעמדע ייִדן, וואָס האָבן זיך נישט דערוואָרבן קיין חזקת־ישוב, האָבן נישט קיין רעכט צו קויפן הייזער אָן קהלס וויסן, און אַז קעגן די עברייינים מעג קהל אַרויסטרעטן מיט די שאַרפסטע מיטלען. אויף דער שקלאָווער סעסיע אין 1719 (ב׳ כסלו ת״פ) האָט דער וועד, אויפן פאַרלאַנג פון האַרקער קהל, אָנגענומען אַ באַשלוס אַז קיינער טאָר זיך נישט אַריינלאָזן אין אַזעלכע עסקים ווי אָפּקויפן די תבואה־גערעטעניש (אויפן פעלד) אָן וויסן און הסכמה פון קהל.

דער וועד פלעגט טייל מאָל נעמען אין שוץ יחידים קעגן קהל. אויף דער סעסיע אין דובראָוונע אין 1715 האָט דער וועד אומגעקערט אַ יחיד זיין חזקת־ישוב און זיין מחיה (חזקה) וואָס אַמטשיסלאַווער קהל האָט ביי אים איבער אומבאַקאַנטע סיבות געהאַט צוגענומען.

פון אַנדערע פּסקים פון וועד איז נאָך כדאַי צו דערמאָנען דעם פּסק פון דער מאָהילעווער סעסיע פון 1686 לטובת האַרקער קהל, וואָס האָט זיך פאַרן וועד באַקלאָגט אויף אַ דובראָוונער ייִד וואָס וויל נישט צאָלן קיין סכום אין דער האַרקער קהילה, הגם ער איז אַ שותף אין פאַרשידענע מחיות, וואָס געפינען זיך אויף דער טעריטאָריע פון קהל.

דער וועד פלעגט אויך פּסקענען אין סיכסוכים צווישן יחידים. אויף דער סעסיע אין מאָהילעוו אין אלול תמ״ח (1688) האָט דער וועד אויסגע־גלייכט דעם קאָנפליקט צווישן די „מחזיקים״ פון דער בראָנפן־אַרענדע אין האַרקי און זייערע קאָנקורענטן אין האַרי.

ווי געזאָגט, זענען אין יאָר 1764 ליקווידירט געוואָרן ביידע וועדים, סיי דער וועד ד׳ אַרצות, סיי דער וועד ליטע, אָבער צוויי פּאַרטיקולאַרע וועדים (וועגן מער איז ביז איצט נישט באַוווּסט), דער גרויספּוילישער און ווייסרוסישער, האָבן ממשיך געווען זייער עקסיסטענץ אין די געביטענע באַ־

דיגגונגען — דער ווייסרוסישער (פון 1772) אונטער רוסישער הערשאַפט און דער גרויספוילישער (פון 1793) אַפילו אונטער פּרייסישער הערשאַפט. דאָס איז שוין אָבער געווען אַן עקסיסטענץ פון יורדים וואָס האָבן מער נישט געהאַט קיין מאָראַלישן אָנשפּאַר אין די צענטראַלע וועדים, וואָס זענען שוין געהאַט ליקווידירט געוואָרן, און מיט קנאַפּן אויטאָריטעט ביי די נייע רע־גירונגען, וואָס אין זייערע פּלענער לגבי דער יידישער באַפעלקערונג איז בכלל געלעגן די פולשטענדיקע ליקווידאַציע פון דער יידישער זעלבסט־פאַרוואַלטונג (קהל). זייער ווייטערדיקע עקסיסטענץ האָבן די וועדים גע־האַט צו פאַרדאַנקען דעם פאַקט וואָס די נייע מאַכטאָרגאַנען האָבן ווייטער אָנגעווענדט לגבי דער יידישער באַפעלקערונג אין די אָקופּירטע טעריטאָ־ריעס דעם כלל פון קאָלעקטיווער שטייער־אחריות, וואָס איז געלעגן אויף די יידישע קהילות.

דער ירידה־פּראָצעס פון די וועדים האָט זיך אָנגעהויבן נאָך מיט יאָרן פריער. געשען איז עס מחמת אויסנווייניקסטע און אינעווייניקסטע סיבות, וואָס זייער בשותפותדיקער יסוד איז געווען די אַנאַרכיע און דער פונאַנ־דערפאַל פון דער פעאָדאַלער פוילישער מלוכה. דער אַקט פון 1764 איז נאָר געווען דער יורידישער גזר־דין אויף אַן אינסטיטוציע, וואָס האָט זיך אי־בערגעלעבט און נישט אויסגעמיטן, ווייל זי האָט נישט געקענט אויסמיידן, דעם גיפט פון דער אַלגעמיינער צעפוילטקייט. אין 1764 איז שוין קיינער פון ביידע צדדים — נישט די פוילישע מלוכה און נישט די שווער געפּרווו־טע און פאַראָרעמטע יידישע פאָלקסמאַסע — נישט געווען פאַראינטערע־סירט אין אויפהאַלטן די ווייטערדיקע עקסיסטענץ פון די וועדים. כלפּי חוץ האָבן זיי שוין נישט געקענט נאָכקומען זייערע פינאַנציעלע התחייבותן לגבי דער מלוכה, ווייל זיי זענען געווען פאַרזונקען אין שווערע חובות, כלפּי פנים האָבן זיך די וועדים אין משך פון 18טן י״ה פאַרוואַנדלט אין אַן אומדער־טרעגלעכער פינאַנציעלער לאַסט פאַר דער יידישער באַפעלקערונג וואָס האָט זיך געראַנגלט אין מאַטעריעלער נויט.

די וועדים האָבן פאַרלוירן זייער אָנזען און געוואָרן אייגנטלעך נישט מער ווי אַ שטייער־עקספּאַזיטור און אַ מקור פון אומגעזעצלעכע הכנסות

פאַרן פינאַנץ־מיניסטער און זיינע באַאַמטע. דעם דאָזיקן גורל האָט נאָטיר־
לעך נישט געקענט אויסמיידן אויך דער ווייסרוסישער וועד.

כאַראַקטעריסטיש איז אין דעם פרט אַ פאַרשרייבונג אין וויטעבסקער
פנקס־הקהל פון תק״כ (1760). אין דאָזיקן יאָר האָט דער וועד־המדינה באַ־
קומען אַן „אוניווערסאַל״ פון העטמאַן פון ליטווישן מיליטער זיך צונויפ־
צופאָרן קיין קאָפּיס, אָבער אַביסל שפעטער איז געקומען אַ באַפעל פון ווי־
צע־פינאַנץ־מיניסטער („פּאָדסקאַרבי״) זיך צו פאַרזאַמלען אין ביכאָוו. „מיר
האָבן נישט געוואָלט — שטייט אין פנקס — זיך אַריינמישן צווישן די
גרויסע שרים, היות אָבער ווי אַ טייל [מנהיגים] זענען געפאָרן קיין ביכאָוו,
האָבן מיר אויך געמוזט שיקן אונדזערע פאָרשטייערס; זיי האָבן באַקומען
אַ כוח־הרשאה צו באַשטימען דעם קאָפּשטייער, אָבער נישט צו חתמענען
קיין דאָקומענטן, וואָס זענען נוגע דעם רב [המדינה?], חובות און אַנדערע
טאַריפן... בכדי אָבער נישט צו פאַרמינערן זייער חשיבות, האָבן מיר באַ־
שלאָסן זיי צו געבן אַ געוויינטלעכע כוח־הרשאה [ד״ה אַן באַוואָרענישן]
און אונדזערע באַוואָרענישן אַריינצושרייבן לזכרון אין פנקס־הקהל״.

די דאָזיקע נאָטיץ שפיגלט בולט אָפּ סיי דעם פאַקט, אַז דער וועד האָט
פאַרלוירן די איניציאַטיוו פון צונויפרופן זיינע מיטגלידער אויף באַראַ־
טונגען — אַזוי ווי דאָס איז געווען מיטן וועד ד׳ אַרצות, וואָס פלעגט אין
18טן י״ה צונויפגערופן ווערן דורכן פינאַנץ־מיניסטער ס׳רוב אין די שטעט
וואָס זענען געווען זיין פריוואַט־אייגנס — סיי די אינערלעכע אַנטאַגאָניז־
מען צווישן די גרויסע קהילות, וואָס דער וועד איז געווען זייער פאָרשטייער.

# ייִדיש־רוסישע היסטאָריאָגראַפיע *

## אַריינפיר־וואָרט

אין 1960 איז געוואָרן הונדערט יאָר זינט עס איז דערשינען ש. י. פינס „קריה נאמנה" (1860), וואָס איז דער ערשטער פרווו פון אַ געשיכטלעכער מאָנאָגראַפיע פון אַ קהילה (ווילנע) אין דער ייִדישער היסטאָריאָגראַפיע אין רוסלאַנד.

במשך די דאָזיקע הונדערט יאָר האָט די ייִדישע היסטאָרישע וויסנ־שאַפט אין רוסלאַנד אַדורכגעמאַכט אַ לאַנגן און פאַרצווייגטן אַנטוויקלונגס־וועג און האָט באַוויזן אויפצושטעלן אַ גרויסן וויסנשאַפטלעכן בנין פון פאָר־שונגען, דאָקומענטן און מאַטעריאַלן צו דער געשיכטע פון ייִדן אין פוילן און רוסלאַנד.

דער דאָזיקער גרויסער קולטור־אוצר, צונויפגעזאַמלט אין צענדליקער צייטשריפטן און זעלבשטענדיקע ווערק, בעיקר אין דער רוסישער שפּראַך, ווערט לײדער, טאָקע מחמת דער שפּראַכלעכער פאַרעם זײַנער, פאַרוואַנדלט אין אַ טויטן קולטור־קאַפּיטאַל. די קענטעניש פון רוסיש איז ביי אונדזער הײַנטיקן, בפרט ייִנגערן דור אַ זעלטנהייט. פון דעם דאָזיקן פאַקט לײדט און וועט וואָס ווײַטער אַלץ מער לײַדן די פאָרשונג פון דער געשיכטע פון מזרח־אייראָפּעיִשן ייִדנטום.

אין דער דאָזיקער אָפּהאַנדלונג גיבן מיר אַן איבערבליק, וואָס איז ווייט נישט קיין אויסשעפּיקער, איבער די אַנטוויקלונגס־וועגן און טענדענצן פון דער רוסיש־ייִדישער היסטאָריאָגראַפיע במשך אַ צייט־אָפּשניט פון קרוב הונדערט יאָר.

* צוליב דער היסטאָרישער פאַרבונדנקייט צווישן רוסלאַנד און פוילן ווערט אין דעם דאָזיקן קאַפּ׳ טיילווייז אויך באַהאַנדלט די ייִדיש־פּוילישע היסטאָריאָגראַפיע.

מען קען די געשיכטע פון דער ייִדישער היסטאָרישער וויסנשאַפט אין רוסלאַנד איינטיילן אין דריי פעריאָדן: 1) פון תחילת 70ער יאָרן ביז דער גרינדונג פון דער היסטאָריש־עטנאָגראַפישער קאָמיסיע אין 1892; 2) פון דעם דאָזיקן יאָר ביז דעם אויסברוך פון דער רוסישער רעוואָלוציע אין 1917; 3) דער ראַטנפאַרבאַנדישער פעריאָד.

אין אונדזערע ווייטערדיקע באַטראַכטונגען וועלן מיר זיך פאַרנעמען נאָר מיט די ערשטע צוויי פעריאָדן און מיט דעם דריטן נאָר אויף אַזוי פיל, אויף וויפל ער איז, וואָס שייך פאָרשער און זייער אידעאָלאָגיע און מעטאָדע, אַ המשך פון די עלטערע צוויי. די ראַטנפאַרבאַנדישע ייִדישע היסטאָריאָגראַפיע איז אַרויסגעוואַקסן וואָס שייך אידעאָלאָגיע און היסטאָרישע מעטאָדע, פון אַ גאַנץ אַנדערן קולטור־ און מענטשן־קרייז, האָט זיך אַנטוויקלט אין זייער ספּעציפישע באַדינגונגען פון אַ קאָמוניסטישער דיקטאַטור און איז בשום אופן איצט נישט קיין אָרגאַנישער המשך פון דעם פריִערדיקן פעריאָד. דער דאָזיקער פעריאָד אין דער רוסיש־ייִדישער היסטאָריאָגראַפיע פאָדערט אַ באַזונדערע באַהאַנדלונג.

די רוסיש־ייִדישע היסטאָריקערס וואָס זענען געווען טעטיק אין די ערשטע צוויי פעריאָדן (ש. דובנאָוו, י. צינבערג, פּ. מאַרעק, י. העססען א״אַ) האָבן אַפילו במשך אַ ריי יאָרן נאָך דער רעוואָלוציע, ווער קירצער, ווער לענגער, ממשיך געווען זייער אַרבעט אויפן געביט פון ייִדישער געשיכטע אין רוסלאַנד. אָבער די דאָזיקע וויסנשאַפטלעכע אַרבעט שטויסט זיך אָן, וואָס ווייטער אַלץ מער, אויף שוועריקייטן וואָס זענען אַ רעזולטאַט פון דער פּאָליטיק פון דעם הערשנדיקן רעזשים. מען מוז אויסמיידן טעמעס וואָס קענען האָבן אַן אַקטועלן אונטערטאָן און מען אַנטלויפט דעריבער צו נייטראַלע היסטאָרישע טעמעס פון ייִדישן אַלטערטום, ייִדישער אַנטראָפּאָלאָגיע, כוזרים פּראָבלעם. די פריִער גלענצנדיקע היסטאָרישע צייטשריפט „יעווריעיסקאַיאַ סטאַרינאַ" ווערט מער ענלעך צו אַ צייטשריפט פון חכמת־היהדות־נוסח און די „יעווריעיסקאַיאַ לעטאָפּיס" איז שוין מער ענלעך צו אַ ליטעראַריש־וויסנשאַפטלעכן מאַגאַזין ווי צו אַ היסטאָרישן זשורנאַל.

אַ גרויסער טייל פון די רוסיש־ייִדישע היסטאָריקערס האָט אין די 20ער יאָרן אויסגעוואַנדערט קיין מערבֿ־אייראָפּע: ש. דובנאָוו, (נאָך אַ צוויי־יאָ־

ריקן אויפהאַלט אין קאָוונע), י. ברוצקוס, מ. ווישניצער, ש. גינזבורג, א. טשעריקאָווער א״א און האָבן אויף עמיגראַציע פאָרגעזעצט זייער וויסנשאַפטלעכע אַרבעט מיט גרויס דערפאָלג. ש. דובנאָוו האָט ערשט אין בערלין זוכה געווען צו זען די פולע אויסגאַבע פון זיין 10־בענדיקער „וועלט־געשיכטע פון ייִדישן פאָלק״ אין דייטשער איבערזעצונג פון ד״ר א. שטיינבערג, 1925 — 1929)[1].

אליהו טשעריקאָווער (1881—1943) האָט ערשט אָפּריכטנדיק „גלות״ (בערלין, וואַרשע, פּאַריז, ניו־יאָרק) אַנטוויקלט אַ פּרוכטבאַרע וויסנשאַפטלעכע און אָרגאַניזאַטאָרישע טעטיקייט אין אַ ברייטן פאַרנעם. אָט דאָס דאָזיקע קאַפּיטל: רוסיש־ייִדישע היסטאָריאָגראַפּיע אויף עמיגראַציע גייט אויך אַריין אין גדר פון אונדזער אָפּהאַנדלונג.

## 1טער פּעריאָד (1860—1892)

ש. י. פינס נישט איבעריק געלונגענער פּרווו פון אַ קהלשער מאָנאָגראַפיע, וואָס איז אייגנטלעך מאַטעריאַל פאַר אַ מאָנאָגראַפיע, היות דאָס ווערק באַשטייט אויסשליסלעך פון העתקות פון אַלטע ווילנער פּנקסים, מצבה־אויפשריפטן און גענעאַלאָגיעס פון ווילנער רבנים, איז אין דעם דאָזיקן פּעריאָד אַ פאַראיינצלטע דערשיינונג און האָט במשך פון 20 יאָר נישט געהאַט קיין נאָכפאָלגער. ש. פרידנשטיינס „עיר גבורים״ וועגן גראָדנער קהילה וואָס איז דערשינען מיט 20 יאָר שפּעטער (1880) און ל. פיינשטיינס „עיר תהילה״ וועגן דער ייִדישער קהילה אין בריסק־דליטא (1886) זענען נאָך שוואַכער, נעמענדיק אין אַכט, אַז זיי האָבן שוין געהאַט פאַר זיך די פיל־בענדיקע מלוכהשע אַרכיוואַלע דאָקומענטן־אויסגאַבעס פון די קיִע־

[1] טיילווייזע אויסגאַבעס פון זיין געשיכטע זענען דערשינען פריִער אין פאַרשידענע שפּראַכן צווישן 1910 און 1924. אַ פולע 10־בענדיקע אויסגאַבע אין ייִדיש איז ערשט פאַרענדיקט געוואָרן אין 1957 אין בוענאָס־איירעס ווי אַן אויסגאַבע פון קולטור־קאָנגרעס און צי״קאָ.

זוער, פעטערבורגער און ווילנער אַרכעאָגראַפּישע קאָמיסיעס, אין וועלכע עס איז צעשפּרייט אַ גאַר רייכער מאַטעריאַל טאַקע וועגן די דאָזיקע קהי־לות און וועלכע זיי האָבן כמעט לגמרי נישט אויסגענוצט און זיך באַנוגנט מיט פראַגמענטאַרישע ידיעות אויפן סמך פון יידישע מקורים ווי פנקסים און עפּיטאַפן. (ש. י. פין האָט נאָך בעת שרייבן זיין בוך וועגן דער ווילנער קהילה די דאָזיקע אויסגאַבעס פאַר זיך נישט געהאַט).

די יידישע היסטאָרישע וויסנשאַפט אין רוסלאַנד האָט זיך פאַקטיש אָנגעהויבן מיט ס. א. בערשאַדסקי (1850—1896). ביז בערשאַדסקין איז קיין יידישע היסטאָריאָגראַפיע אין דעם אייגנטלעכן זין פון וואָרט נישט געווען. דאָס וואָס מען האָט ביז אים געשריבן אויף דעם געביט איז געווען אייגנטלעך מער די געשיכטע פון דער „יידן־פראַגע אין רוסלאַנד" געזען פון איר אויסערלעכן רעכטלעך־פּאָליטישן אַספּעקט, מיט אַקטועלע אונטער־טענער פון לויפיקע ענינים.

נעמען מיר דעם וויכטיקסטן און טאַלאַנטפולסטן פון דער דאָזיקער גרופּע שרייבער 1846—1876), י. ג. אָרשאַנסקי, האָבן מיר אין זיינע צוויי ווערק: „יידן אין רוסלאַנד, אַ שטודיע וועגן דעם עקאָנאָמישן און געזעל־שאַפטלעכן מצב פון די רוסישע יידן", 1872, און „רוסישע געזעצן וועגן יידן", 1877 (ביידע רוסיש) דעם גלענצנדיקן פּובליציסט, דעם ווירדיקן פאַרטיידיקער פון יידישע אינטערעסן און קעמפער פאַר יידישער גלייכ־באַרעכטיקונג, וואָס אין זיין וואָפן־אַרסענאַל באַנוצט ער זיך אויך מיט היס־טאָרישע ראיות.

אָרשאַנסקי, — אַ זון פון דעם דור יידישע אינטעליגענטן אין דער עפּאָכע פון נאָך די „גרויסע רעפאָרמעס" פון אַלעקסאַנדער II, זעט די צו־קונפט פון רוסישן יידנטום אין דער פולשטענדיקער אַסימילאַציע מיטן רו־סישן פאָלק, און אין דער בירגערלעכער גלייכבאַרעכטיקונג זעט ער אַ תנאי־קודם פאַר אַ דערפאָלגרייכן אַסימילאַציע־פּראָצעס. אין זיינע גע־שיכטלעכע עקסקורסיעס מאַכט ער אַן אונטערשייד צווישן רוסישע און פּוי־לישע יידן, זעענדיק אין דעם פּוילישן „זשיד" אַ פּראָדוקט פון די פּוילישע פאַרהעלטענישן, וואָס האָבן דעם יידן דעמאָראַליזירט. ווי אַ רוסישער פּאַ־

טריאָט און אַנטי־פּויליש געשטימט[2] וויל ער זען די יידן אין די מערבדיקע, געוועזענע פּוילישע געביטן אַרומגעכאַפּט פון אַ רוסיפיקאַציע־פּראָצעס כדי זיי זאָלן ווערן דאָרט אַ פעסטער שטיצפונקט פאַר רוסישע מלוכה־אינטע־רעסן.

אָרשאַנסקי איז געווען דער ערשטער פון די רוסיש־יידישע היסטאָרי־קערס וואָס האָבן געפאָרשט דאָס עקאָנאָמישע לעבן פון די רוסישע יידן פון ערשטע מקורים און זיך אויספירלעך אָפּגעשטעלט אויף דעםווירטשאַפט־לעכן אַספּעקט פון דער יידן־פראַגע.

וואָס אונטערשיידט אָרשאַנסקין פון די משכילים פון עלטערן און זיין דור — איז זיין וואַרעמע באַציִונג צו זיינע גלויבנסגענאָסן: ער אַקצענטירט אָפּט די פּאָזיטיווע זייטן פון יידישן לעבן (למשל זיין הויכע מאָראַל) און ווי אַ פעיִקער אַדוואָקאַט פון זיין פאָלק פּרווט ער צו געפינען פאַר זיינע חסרו־נות מילדערנדיקע אומשטענדן. אין דעם אַריינפיר צו זיין אָפּהאַנדלונג „די פאָלקס־לידער פון די רוסישע יידן" באַקלאָגט ער זיך למשל, אַז די קריסט־לעכע געזעלשאַפט קען דעם יידן נאָר פון איין זייט, פון דער עקאָנאָמישער.

אויב אין אָרשאַנסקיס ווערק האָבן מיר נאָך נישט קיין געשיכטע פון רוסישן יידנטום זענען זיי אָבער אַ וויכטיקער מקור פאַר שטודירן די אַזוי גערופענע „יידן־פראַגע" אין זיין תקופה און דעם רעכטלעכן מצב פון די רוסישע יידן.

אָרשאַנסקי האָט אויפן געביט פון פאָרשן היסטאָריש דעם רעכטלעכן מצב פון רוסישע יידן געהאַט פאָרלויפער. דאָס איז געווען דער נישט־ייד פּ. י. לעאָנטאָוויטש, וואָס האָט אין זיינע אָפּהאַנדלונגען: „היסטאָרישער אי־בערבליק איבער די געזעצן וועגן יידן אין רוסלאַנד", 1862 און אין זיין מאַ־גיסטער דיסערטאַציע „היסטאָרישע שטודיעס וועגן די ליטוויש־רוסישע יידן", 1864, געשריבן אויפן סמך פון נייע אומבאַקאַנטע אַרכיוו־קוואַלן, אין

[2] ער באַמיט זיך צו באַווייזן מיט פאַקטן און סברות אַז יידן זענען בעת די פּוי־לישע אויפשטאַנדן פון 1831 און 1863 געווען אויף דער זייט פון דער „געזעצלעכער" רוסישער מאַכט. פאַלן פון אָפענער סימפּאַטיע און אונטערשטיצונג מצד יידן פאַר די אויפשטענדלער דערקלערט ער מיט עקאָנאָמישע אָפּהענגיקייטן פון די פּריצים, מיט צוואַנג און אַפילו מיט חשק צו פאַרדינען געלט.

וועלכע ער האָט אַנטוויקלט די הויפּט־יסודות פון יורידישן און סאָציאַלן מצב פון דער יידישער באַפעלקערונג אין תחום־המושב. אַ פאָרלויפער אויף דעם געביט איז אויך געווען וו. אָ. לעוואַנדאַ וואָס האָט מיט זיין ווערק „כראָנאָלאָגישער זאַמלבוך פון געזעצן וועגן יידן אין רוסלאַנד פון 1649 ביז 1873" דערמעגלעכט אָרשאַנסקיס בוך „וועגן דער רוסישער געזעצגעבונג לגבי די יידן" און אַ גאַנצע ריי היסטאָריש־יורידישע פאָרשונגען וועגן דעם מצב פון יידן אין רוסלאַנד.

צו דער דאָזיקער קאַטעגאָריע געהערט אויך פּירשט גאָליצינס בוך „געשיכטע פון דער רוסישער געזעצגעבונג וועגן יידן", 1885, מיט אַ בולטער יודאָפאָבישער טענדענץ.

אין דעם דאָזיקן פּריִען פּעריאָד אין דער געשיכטע פון דער רוסיש־יידישער היסטאָריאָגראַפיע זענען אויך דערשינען אַ פּאָר קלענערע ווערק און קריטישע אָפּהאַנדלונגען אויפן געביט פון הילפסוויסנשאַפטן פון געשיכטע ווי עטנאָגראַפיע, פילאָלאָגיע ווי אויך אויפן פעלד פון כוזרים־פאָרשונג.

אין 1861 איז דערשינען מ. בערמאַנס „שטודיע צו דער עטנאָגראַפיע פון דער יידישער באַפעלקערונג", און אין 1865 האָט אַברהם הרכבי (1835—1919) פאַרעפנטלעכט זיין היסטאָריש־פילאָלאָגישע אָפּהאַנדלונג וועגן דער „שפּראַך פון די יידן, וואָס האָבן געלעבט אין די אַלטע צייטן אין רוסלאַנד" (אויך דערשינען אין העברעיש: „היהודים ושפת הסלווים", 1867), אין וועלכע ער פּרוווט באַווייזן, בעיקר אויפן סמך פון שאלות־ותשובות מאַטעריאַל, אַז יידן אין די סלאַווישע לענדער האָבן אין 16טן י"ה גערעדט סלאַוויש, הויפּטזאַכלעך רוסיש. דער זעלביקער מחבר, וואָס האָט זיינע כוזרים־פאָרשונגען נאָך אָנגעהויבן אין יאָר 1864, האָט אין „רוסישע רעוויו" (1874—1877) אין דער „יעווריעיסקאַיאַ ביבליאָטעקאַ" (1879, ב' VII) פאַרעפנטלעכט אַ פּאָר קריטישע אָפּהאַנדלונגען וועגן די כוזרים און מקורים צו זייער פאָרשונג. אין דער סעריע „מאסף נדחים" (16 נומערן 1878—1880) האָט ער פּובליקירט פאַרשיידענע נאָטיצן פון אַ היסטאָרישן און ליטעראַריש־געשיכטלעכן אינהאַלט פון פאַרשיידענע תקופות פון יידישער געשיכטע.

צווישן אַנדערע אויך וועגן די קאַראַימער און זייער שייכות צו די ערשטע יידישע זידלונגען אויף רוסישער טעריטאָריע.

אָבער דאָס איז אַלץ געווען, אַזוי צו זאָגן, ראַנד־געשיכטע. היסטאָרישע קליינאַרבעט פון אַ פאַרשיידענעם ווערט. צו דער עיקר אויפגאַבע פון אַ יידישער היסטאָריאָגראַפיע אין רוסלאַנד — צו שאַפן פאַר איר ווי אַ תנאי־קודם, די אַרכיוואַלע באַזע, האָט זיך קיינער ביז בערשאַדסקין נישט צוגערירט.

אין משך פון צענדליקער יאָרן ביז זיין טויט איז בערשאַדסקי געווען אַן אומדערמידלעכער אַרבעטער אויפן געביט פון יידישער געשיכטע בעיקר אין ליטע און ווייסרוסלאַנד. נאָך אין די יאָרן 1879—1880 האָט ער אין דעם VII און VIII באַנד פון דער „יעוורעיסקאַיאַ ביבליאָטעקאַ" אָפּגעדרוקט זיין ערשטלינג־אַרבעט א"נ „מאַטעריאַלן צו דער געשיכטע פון די יידן אין דרום־מערב ווייסרוסלאַנד און ליטע", וווּ ער האָט פּובליקירט 43 זייער וויכטיקע דאָקומענטן פון די יאָרן 1561—1758 וועגן דער סאָציאַלער לאַגע פון יידן אין ליטע און אוקראַינע אין דעם דערמאָנטן פּעריאָד.

אין די צוויי בענד פון זיין „רוסקאָ־יעווערעיסקי אַרכיוו" דערשינען אין 1882, האָט בערשאַדסקי פּובליקירט 662 דאָקומענטן (אין רעגעסטאַ־פאָרעם און in extenso) צו דער געשיכטע פון ליטע פון 1388 ביז 1569. דער דריטער באַנד, וואָס באַציט זיך אויך אויף יידן אין קרוינפּוילן (1364—1569) איז שוין דערשינען אין 1903 ווי אַן אויסגאַבע פון דער „יידישער היסטאָריש־עטנאָגראַפישער געזעלשאַפט" ביי דער חברה מפיצי השכלה, וועמען ער האָט אַוועקגעשאָנקען זיין גאַנצן אומגעהויער וויכטיקן אַרכיוו.

אַ טייל פון די דאָזיקע דאָקומענטן האָט בערשאַדסקי אויסגענוצט פאַר זיין גרויסער מאַגיסטער־דיסערטאַציע „ליטאָווסקיע יעוורעי" (ליטווישע יידן), 1883, אין וועלכער ער האָט מיט אַ סך ערודיציע אַרויסגעבראַכט אַ שלל אומבאַקאַנטע פאַקטן און געוואָרפן אַ נייעם ליכט אויף דער סאָציאַל־עקאָנאָמישער און, דרך־אגב, אויך קולטור־געשיכטע פון די יידן אין דער פּויליש־ליטווישער מלוכה.

מיט ערודיציע און היסטאָרישער אָביעקטיווקייט צייכענען זיך אויך אויס זיינע ווייטערדיקע היסטאָרישע אָפּהאַנדלונגען פאַרעפנטלעכט בעיקר

אין „וואָסכאָד": שטודיעס צו דער געשיכטע פון דער ווילנער קהילה, (1881, בוך 10, 11, 1886, און ב' 3, 4, 5, 6, 7, 8, 1887), ווו צום ערשטן מאָל איז צו דער געשיכטע פון דעו ווילנער קהילה באַנוצט געוואָרן אַ רייכער נישט־ייִדישער (מלוכהשער, מוניציפּאַלער) אַרכיוו־מאַטעריאַל; וועגן גירוש־ליטע פון 1495, בוך ו, 8, 1895; צו דער געשיכטע פון דער לובלינער קהילה (בוך 10, 1895); „אַ ייִד — אַ פּוילישער קיניג, יהודה יודיטש וואַהל פון בריסק דליטא, דער טראַנספּאָלגער פון סטעפאַן באַטאָרי — אַ היסטאָרישע לעגענדע" (ביכער 1—5, 1899); „אַן אַלט מיטל — דאָס באַשולדיקן ייִדן אין קינדער־מאָרד אין ליטע און פוילן אין 16טן און 17טן יאָרהונדערט" (ביכער 1, 9, 11, 12 און ווייטערע, 1894) און פיל אַנדערע.

נאָך אין 1891 האָט דובנאָוו אָפּשאַצנדיק בערשאַדסקיס היסטאָרישע פאַרדינסטן געשריבן: אַז „בכלל דאַרף די ייִדישע היסטאָריאָגראַפיע לייגן אַ סך האָפענונג אויף דער צוקונפטיקער, אומדערמידלעכער היסטאָרישער פאָרשונגס־אַרבעט פון ה' בערשאַדסקי, ווי אויף אַ וויכטיקן אָנשפּאַר":

די דערשיינענדיקע דעמאָלט פּובליציסטיש־ליטעראַרישע צייטשריפטן, ווי די דערמאָנטע „יעווריעסקאַיאַ ביבליאָטעקאַ" געגרינדעט אין יאָר 1871 אונטער דער רעדאַקציע פון אַדאָלף לאַנדאָו (1842—1902), וואָס איז אַרויסגעגאַנגען אין די יאָרן 1871—1880 (8 בענד) און 1901—1903 (3 בענד) און דער „וואָסכאָד" (1881—1906, ביז 1898 אונטער דער רעדאַקציע פון א. לאַנדאָו) מיט זיין ליטעראַריש־וויסנשאַפטלעכער ביילאַגע „קניגי וואָסכאָדאַ" האָבן גאַסטפריינדלעך געעפנט זייערע שפּאַלטן פאַר היסטאָרישע אָפּהאַנדלונגען, בפרט וואָס שייך דעם לעצטן, וואָס האָט זיך מיט דער צייט פאַרוואַנדלט אין אַ סעמי־היסטאָרישער צייטשריפט.

אין דער יעווריעסקאַיאַ ביבליאָטעקאַ האָט אָרשאַנסקי געדרוקט אַרטיקלען, וואָס זענען דערנאָך אַריין אין די אויבן־דערמאָנטע צוויי ביכער. האַרקאַווי זיינע קריטישע נאָטיצן וועגן די כוזרים (ב' VIII, 1880), א. מאָרגולעס זיין אָפּהאַנדלונג „וועגן דער געשיכטע פון בילדונג ביי די רוסישע ייִדן", אאַ"וו.

במשך דעם פערטל יאָרהונדערט פון דער עקסיסטענץ פון „וואָסכאָד" האָבן אין אים מיטגעאַרבעט כמעט אַלע רוסיש־ייִדישע היסטאָריקערס. אין

„וואָסכאָד" האָט בערשאַדסקי פאַרעפנטלעכט כמעט אַלע זיינע היסטאָרישע אַרבעטן: יולי העססען און פ. מאַרעק זייערע פילצאָליקע אָפּהאַנדלונגען. דאָרט זענען דערשינען דובנאָווס ערשטע אַרבעטן וועגן חסידות, זיינע „בריוו וועגן אַלטן און נייעם ייִדנטום" און ער האָט אין „וואָסכאָד" געפירט זיין שטענדיקע רובריק א"ג „היסטאָרישע מיטטיילונגען", אין וועלכע ער האָט אַרויסגעבראַכט אויף דער ליכטיקער שיין אַ גרויסע צאָל אומבאַקאַנטע פאַקטן און מאַטעריאַלן צו דער געשיכטע פון פויליש־רוסישן ייִדנטום, אאַ"וו.

אין די יאָרן 1887—1892 האָט ח. י. גורלאַנד פאַרעפנטלעכט מחוץ די גרענעצן פון רוסלאַנד (אין פּשעמישל און קראָקע) אין 5 העפטן אַ צאָל כראָניקעס („טיט היון", „צוק העתים", „צער בת רבים") ווי אויך קינות און סליחות וועגן די שחיטות אויף ייִדן אין דער צייט פון כמיעלניצקי, שוועדיש־פוילישן קריג און דער אומאַנער שחיטה (1768) אונטערן אַלגעמיינעם טיטל „לקורות הגזירות על ישראל". זיי זענען דערשינען אין „בית אוצר הספרות", פּשעמישל־קראָקע, צווישן 1887 און 1892.

## 2טער פּעריאָד (1892—1918)

די גרינדונג פון דער „היסטאָריש־עטנאָגראַפישער קאָמיסיע" ביי דער חברה מפיצי השכלה אין פּעטערבורג אין 1892, וואָס האָט זיך מיט 10 יאָר שפּעטער פאַרוואַנדלט אין אַן אָפיציעלער פון דער מאַכט אָנערקענטער „ייִדישער היסטאָריש־עטנאָגראַפישער געזעלשאַפט", באַדייט אַ ווענדפּונקט אין דער געשיכטע פון דער ייִדישער היסטאָרישער וויסנשאַפט אין רוסלאַנד.

ביז דעם דאָזיקן יאָר האָט ביי די רוסישע ייִדן נישט עקסיסטירט קיין קאָאָרדינירטער און ציל־באַוווסטער געזעלשאַפטלעכער אָרגאַן פאַר פאָרשונג פון ייִדישער געשיכטע אין רוסלאַנד. אַלץ וואָס איז ביז תחילת 90־קער יאָרן אויף דעם דאָזיקן געביט אויפגעטאָן געוואָרן, איז געווען אַ ווערק פון יחידים. אַ געזעלשאַפטלעכע באַוועגונג אַרום אויפשטעלן דעם בנין פון

רוסיש־ייִדישער היסטאָריאָגראַפיע האָט ערשט געשאַפן שמעון דובנאָוו. (פאַרגלייך די אָפּהאַנדלונג וועגן שמעון דובנאָוו אין דעם דאָזיקן בוך).

אין דער „יעוו. סטאַרינאַ“, דעם וויסנשאַפטלעכן אָרגאַן פון דער „היס־טאָריש־עטנאָגראַפישער געזעלשאַפט“ אונטער דובנאָווס רעדאַקציע, האָבן פאַרעפנטלעכט זייערע שאַפונגען איבער 140 מחברים, צווישן זיי די קאָרי־פייען פון דער רוסיש־ייִדישער און ייִדיש־פּוילישער היסטאָריאָגראַפיע. אין דער „יעוו. סטאַרינאַ“ זענען פּובליקירט געוואָרן אַזעלכע יסודותדיקע דאָקומענטן און היסטאָרישע אָפּהאַנדלונגען פון דער ייִדיש־רוסישער (פּוי־לישער) היסטאָריאָגראַפיע ווי: „אַקטן פון וועד ד׳ ארצות (1621—1691)“, „דער פּנקס פון מדינת ליטא“, דערשינען בויגנווייז, ווי אַ ביילאַגע צו איר, משה שאָר׳ס „די קראָקעווער זאַמלונג פון ייִדישע סטאַטוטן און פּריווילע־גיעס“, וואָס באַשטייט פון אַ וויסנשאַפטלעכן אַנאַליז און טעקסט פון דער גענעראַל־פּריווילעגיע פון די פּוילישע ייִדן אין דער לעצטער באַשטעטי־קונג פון קיניג סטאַניסלאַוו אויגוסט פּאָניאַטאָווסקי, ווי אויך 12 ספּעציעלע פּריווילעגיעס פאַר די קראָקעווער ייִדן; „די פאָלקס־ציילונג פון ייִדן אין קליינרוסלאַנד [אוקראַיִנע] אין 1736; סטאַטיסטיק פון דער ייִדישער באַ־פעלקערונג אין קרוינפּוילן און ליטע אין דער צווייטער העלפט פון 18טן יאָרהונדערט“; דובנאָווס „ייִדן אין פּוילן אין דער תקופה פון די צעטיילונ־גען“; יולי העססען׳ס „ייִדן אין וואַרשעווער פירשטנטום, 1807—1812“; י. סאָסיס „געזעלשאַפטלעכע שטרעמונגען אין דער צייט פון די גרויסע רעפאָרמען [אין רוסלאַנד]“; פּ. מאַרעק׳ס „דער אינעווייניקסטער קאַמף צווישן דער ייִדישער באַפעלקערונג אין 18טן יאָרהונדערט“ און פיל אַנ־דערע באַדייטנדיקע און פּיאָנערישע היסטאָרישע אָפּהאַנדלונגען.

עס ווערט אין דער „יעוו. סטאַרינאַ“ אָפּגעגעבן פּלאַץ פאַר דער גע־שיכטע פון סאָציאַלע אָנטאַגאָניזמען אין דער ייִדישער געזעלשאַפט, פאַר דער געשיכטע פון דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג ווי: ב. פרומקינס „פון דער געשיכטע פון דער ייִדישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג פון די 70־קער יאָרן“; „שטודיעס צו דער געשיכטע פון דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג אין רוסלאַנד (1885—1887)“, „יעוו. סטאַרינאַ“ 1911, 1913.

מיר האָבן שוין אויך ערנסטע דערגרייכונגען אויפֿן געביט פֿון סינ־טעטישער ייִדישער געשיכטע אין רוסלאַנד ווי יולי העססענס „ייִדן אין רוסלאַנד״ (1906) און „געשיכטע פֿון ייִדן אין פּוילן און רוסלאַנד״ (1914), וואָס איז אָבער אַן איינזייטיקע, פּאָליטיש־רעכטלעכע געשיכטע פֿון די ייִדן אין רוסלאַנד[3]. דאָס סאַמע וואָגיקסטע אויף דעם געביט איז געווען ווי דער־מאָנט, דער פּראַכטפֿולער 11טער באַנד פֿון דער „געשיכטע פֿון ייִדישן פֿאָלק״ וואָס איז געווען פּלאַנירט ווי דער 1טער באַנד פֿון דער „געשיכטע פֿון ייִדן אין רוסלאַנד״ [פּוילן] (ביז 1795) — אַ גרויס קאָלעקטיוו ווערק, אין וועלכן עס האָבן זיך באַטייליקט די בעסטע ייִדישע און נישט־ייִדישע ספּעציאַליסטן־היסטאָריקערס אויף די שייכותדיקע געביטן. לײַדער האָט דער מלחמה־אויסברוך אין 1914 אָפּגעשטעלט די ווײַטערדיקע אויסגאַבעס. דער דאָזיקער באַנד איז נאָך ביז היינט דאָס סטאַנדאַרט־ווערק וועגן דער געשיכטע פֿון ייִדן אין פּוילן ביזן סוף 18טן י״ה.

אינגאַנצן אָריענטירט אויף קולטור און סאָציאַלער געשיכטע אין 18טן און 19טן י״ה איז געווען די צײַטשריפֿט „פּערעזשיטאָיע״, פֿון וועלכער עס זענען אַרויס 4 בענד אין 1908, 1910, 1911 און 1913 אונטער דער פּאַקטי־שער רעדאַקציע פֿון שאול גינזבורג ביי דער נאָענטער מיטאַרבעט פֿון ש. אַנ־סקי, יולי העססען, אַ. בראַודאָ, נ. באַטוויניק, א. ש. קאַמענעצקי, פּ. מאַ־רעק און י. צינבערג.

די רעדאַקציע האָט אין איר הקדמה צום ערשטן באַנד, גאַנץ קלאָר אָנגעוויזן אויף דעם נאַציאָנאַל־געזעלשאַפֿטלעכן מאָמענט פֿון דער אויסגאַ־בע. עס זאָגט זיך דאָרט: „אויב זאַמלען און פּובליקירן געשיכטלעכע מאַ־טעריאַלן בעיקר וועגן אינעווייניקסטן ייִדישן לעבן — זענען תמיד געווען וויכטיק, זענען זיי היינט, ווען אין דער ייִדישער געזעלשאַפֿט ווערט אַלץ בולטער די נויטווענדיקייט פֿון זעלבסטדערקענטעניש און גייסטיקער זעלבסטאָפּשאַצונג, נאָך מער וויכטיק״. עס ווערט נאָך דאָרט אָנגעוויזן, אַז

[3] אין 1925־1927 איז אַרויס זיינס אַ פֿאַרגרעסערטע און מיט קולטור־געשיכט־לעכע קאַפּיטלעך פֿאַרבעסערטע, אויסגאַבע א״ג „געשיכטע פֿון ייִדישן פֿאָלק אין רוס־לאַנד״.

די צייט פֿאַרשלינגט נישט נאָר די מאַטעריעלע דענקמעלער פֿון עבר, נאָר צו ביסלעך אויך דעם לעבעדיקן היסטאָרישן מאַטעריאַל: היות דער אַלטער ייִדישער לעבנס־שטייגער ווערט דעזאינטעגרירט, דעריבער דאַרף מען ראַטעווען דורך פֿאַרשרייבן אַלץ וואָס איז נאָך פֿאַרבליבן אין פֿאָלקס־זכרון פֿון דעם דאָזיקן עבר. מען איז נישט דאָ אויסן געווען קיין ראָמאַנטיזאַציע און אידעאַליזאַציע פֿון דעם דאָזיקן עבר, מען דאַרף אים קריטיש באַלייכטן און פֿאַרפֿיקסירן די נאַציאָנאַלע ווערטן וואָס ליגן אין זיין שויס און וועלכע עס דראָט די סכנה פֿון פֿאַרגעסן ווערן.

אין די 4 בענד פֿון „פֿערזשיטאָיע" זענען פּובליקירט געוואָרן העכער 50 גרעסערע אָפּהאַנדלונגען און זכרונות בעיקר פֿון ייִדישער קולטור־סאָציאַלער געשיכטע פֿון 18טן און 19טן י"ה. ווי אויך אַ גרעסערע צאָל שייכדיקע דאָקומענטן, נישט רעכנדיק קלענערע היסטאָרישע נאָטיצן און רעצענזיעס. צו די וויכטיקסטע היסטאָרישע אַרבעטן פּובליקירטע אין „פּערזשיטאָיע" געהערן פּ. מאַרעקס: „דער קאַמף צווישן צוויי דערציִונגס־סיסטעמען" (ב' I); ציִנבערגס „די ערשטע ייִדישע סאָציאַליסטישע צייטשריפֿטן" (ב' I); אָ. קאָוונערס „די פּיסאַרעווישטשינע אין דער ייִדישער ליטעראַטור" (ב' III), „די פֿאָרגייערס פֿון דער ייִדישער זשורנאַליסטיק אין רוסלאַנד" (ב' IV), „וועגן אַקסענפֿעלדס ליטעראַרישער ירושה" (ב' IV); מ. ווישניצער'ס „פּראָיעקטן צו רעפֿאָרמירן דאָס ייִדישע לעבן אין וואַרשעווער פֿירשטנטום און פּוילישן קעניגרייך" (ב' I), כמעט די ערשטע היסטאָרישע פֿאָרשונג אויף דער דאָזיקער טעמע אויפֿן סמך פֿון אַ רייכן אַרכיוו־מאַטעריאַל. די אינטערעסאַנטע זכרונות פֿון א. פּאַפּערנאַ „פֿון דער ניקאָלאַיעווער תקופֿה" (ב' I און II); יולי העסענס „דער קאַמף פֿון דער רעגירונג מיט דער ייִדישער הלבשה אין דער צאַרישער אימפּעריע און אין פּוילן" (ב' I); „צו דער געשיכטע פֿון קאַמף מיט חסידות" א"אַנד. פֿון ד. מגיד. מגיד האָט דאָרט אויך פּובליקירט אַ צאָל וויכטיקע דאָקומענטן פֿון זיין אַרכיוו וועגן די דעפּוטאַטן פֿון ייִדישן פֿאָלק אין דער צייט פֿון אַלעקסאַנדער I, וועגן ייִדישן הייזער־באַזיץ אין ווילנע אין די 30ער יאָרן פֿון 19טן י"ה. (ב' IV). זייער וויכטיק זענען מ. ווינטשעווסקיס זכרונות וועגן

„פוילישער יודעל" (ב' II), י. י. גאָרדאָנס זכרונות „קאַטאָרגע און פאַרשי־קונג" (ב' III), מ. מאַנדעלשטאַמס „וועגן דער איגנאַטיעווסקער קאָמיסיע אין קיִעוו אין 1881" (ב' IV), ש. גינזבורגס „פון דער עפּאָכע פון דער פּאַטער־לענדישער מלחמה אין 1812 (ב' IV), ש. ראָזענפעלדס „מנשה איליער". ש. אַנ־סקיס „ייִדישע פאָלקס־שאַפונג" און „די לעגענדעס וועגן דער מסטיס־לאַווער גזירה" (ב' I), מ. קאַגאַנס זכרונות אאַ"וו.

אין די 4 בענד פון „פערעזשיטאָיע" איז אויך צונויפגעזאַמלט אַ רייכע קאָלעקציע פון דאָקומענטן און ערשט־האַנטיקע זכרונות פון פערזענלעכקייטן וואָס זענען אַליין געווען טוער און פאָרמירער פון ייִדישן לעבן אין 19טן יאָרהונדערט.

און אין מחוץ די גרענעצן פון רוסלאַנד זענען אין דער צייט פובלי־קירט געוואָרן מאַטעריאַלן און פאָרשונגען וועגן דער געשיכטע פון דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג. אין די אויסגאַבעס פון אינלענדישן און אויסלענדישן קאָמיטעט פון „בונד" ווי: „מאַטעריאַלן צו דער געשיכטע פון דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג אין רוסלאַנד" (1906).

פריִער נאָך, אין 1900, איז אין זשענעווע אַרויס אין ייִדיש „די גע־שיכטע פון דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג אין רוסלאַנד און פוילן".

דער אויסלענדישער קאָמיטעט פון „בונד" האָט אויך פאַרעפנטלעכט מיטצייטלערישע דאָקומענטן, וואָס זענען נוגע געווען דעם אַלגעמיינעם מצב פון דער ייִדישער באַפעלקערונג אין רוסלאַנד ווי: דער געהיימער ראַפּאָרט פון ווילנער גובערנאַטאָר וועגן דעם מצב פון ייִדן אין רוסלאַנד, זשענעוו, 1904, „די קישיניעווער הריגה, מאַטעריאַלן און דאָקומענטן", לאָנדאָן, 1903, אאַז"וו.

חוץ „יעוו. סטאַרינאַ" און „פערעזשיטאָיע" פלעגן היסטאָרישע אָפּ־האַנדלונגען אויך דערשיינען אין אַנדערע דעמאָלטיקע צייטשריפטן בעיקר אין „בודושטשנאָסט" (1899—1904), אַרויסגעגעבן פון ד"ר גרוזענבערג מיט איר יערלעכן ליטעראַריש־וויסנשאַפטלעכן זאַמלבוך (דערשינען 3 בענד אין 1900, 1901 און 1903).

עס האָבן אין „בודושטשנאָסט" בפרט אין דעם וויסנשאַפטלעך־ליטע־ראַרישן יאָרבוך פאַרעפנטלעכט אַ צאָל היסטאָרישע אַרבעטן: מ. סעוויר

„די עוואָלוציע פון געזעלשאַפטלעכן געדאַנק אין 19טן יאָרהונדערט און די ייִדן", א. הרכבי (היסטאָרישע נאָטיצן וועגן די קראים), ש. דובנאָוו, יולי העססען, י. הענקעל, ד"ר ל. קאַנצענעלסאָן, אַ. כוואָלסאָן (וועגן אַנטיקער ייִדישער געשיכטע), ש. ליפשיץ — וועגן „ייִדן אין פוילן, ליטע און ווייס־רוסלאַנד אין 16טן און 17טן י"ה לויט רבנישע שאלות־ותשובות" (1טער זאַמלבוך), מ. קריינין (וועגן ייִדן אין ליטע — 1טער זאַמלבוך), אָסיפּאָוו, וועגן 100 יאָר לאַנדווירטשאַפטלעכער קאָלאָניזאַציע ביי די ייִדן אין רוס־לאַנד, א"אַנד. אין דריטן באַנד (1903) איז צום ערשטן מאָל פאַרעפנטלעכט געוואָרן דער רוסישער אָריגינאַל פון לייב נעוואַכאָוויטשעס „קול שועת בת יהודה", דאָס ערשטע באַקאַנטע ווערק פון אַן עקסטרעם אַסימילאַטאָ־רישן משכיל אין דער רוסיש־ייִדישער ליטעראַטור.

זייער אַ רייכן מאַטעריאַל צו דער געשיכטע פון ייִדן אין רוסלאַנד און פוילן אַנטהאַלטן די 16 בענד פון דער „יעווריעיסקאַיאַ ענציקלאָפּעדיאַ", וואָס איז אַרויסגעגאַנגען אין פעטערבורג אין די יאָרן 1909—1914, אונ־טער דער הויפּט־רעדאַקציע פון ד"ר קאַצענעלסאָן און באַראָן ד. גינזבורג, אין וועלכער עס האָבן זיך באַטייליקט אַ גרויסע צאָל ייִדישע (און אויך נישט־ייִדישע) מחברים־היסטאָריקערס. גענוג צו דערמאָנען אַז די זוכווער־טער: אַלעקסאַנדער 1טער און אַלעקסאַנדער 2טער און אַלעקסאַנדער דער 3טער, באַאַרבעט פון יולי העססען, פאַרנעמען אין דער ענציקלאָפּעדיע 42 שפּאַלטן. נאָך היינט איז די ענציקלאָפּעדיע אַן אומשאַצבאַרער רעפערענץ־בוך פאַר ייִדישער געשיכטע אין מזרח־אייראָפּע.

חוץ אין רוסיש, קענען מיר אויך אָבסערווירן אין דעם פעריאָד אַן אויפלעבונג אין דער ייִדישער געשיכטע־שרייבונג אין העברעיִש. דער וויכטיקסטער פאָרשטייער פון די העברעיִש־שרייבנדיקע היסטאָריקערס אין דעם דאָזיקן פעריאָד איז געווען שאול פּנחס ראַבינאָוויטש (1845—1910), וואָס איז תחילת 90ער יאָרן אַוועק פון געזעלשאַפטלעכער אַרבעט אין דער חיבת־ציון באַוועגונג און זיך אינגאַנצן געווידמעט היסטאָרישער פאָרשונג.

אָנגעהויבן מיט מאָנאָגראַפיעס פון דער מערב־אייראָפּעיִשער ייִדישער געשיכטע („מוצאי־גולה" — וועגן גירוש פון שפּאַניע און פּאָרטוגאַל, 1894; „יוסף איש רוסהיים", 1902; „יום טוב ליפמן צונץ", 1896 און „זכריה

פרענקל", 1898) האָט ער איבערגעזעצט און דערגאַנצט מיט אַ סך הוספות גרעצ'ס געשיכטע פון יידישן פאָלק אין 8 בענד (1890—1899) און זי דער־פירט ביז מענדעלסאָן און דעם ווילנער גאון. בפרט אומפאַנגרייך זענען זיינע הוספות צו דער געשיכטע פון די יידן אין אַלטן פוילן, ווו דער איבערזע־צער האָט זיך פאַקטיש פאַרוואַנדלט אין אַ זעלבשטענדיקן פאָרשער (אויך הרכבי האָט צוגעגעבן אַ סך באַמערקונגען און מילואים צו דעם 7טן באַנד). ראַבינאָוויטש האָט איבערגעלאָזט אַ נישט פאַרענדיקטן כתב־יד וועגן דער געשיכטע פון יידן אין רוסלאַנד פון אָנהייב ראָמאַנאָוו־דינאַסטיע ביז די לעצטע צייטן. ער האָט אויך געשריבן רוסיש אין דער „יעוו. סטאַרינאַ" פון 1911, ווו ער האָט פאַרעפנטלעכט אַ פּיאָנערישע אַרבעט וועגן שפּורן פון פריידענקעריי ביי פוילישע רבנים אין 16טן יאָרהונדערט.

אין 1899 האָט בן ציון כץ אַרויסגעגעבן זיין בוך „לקורות היהודים ברוסיה פולין וליטא בשנות מאות השש עשרה והשבע עשרה לספירתם" וואָס איז מעטאָדאָלאָגיש וויכטיק פון דעם שטאַנדפּונקט וואָס ער באַנוצט זיך בעיקר מיט היסטאָרישן מאַטעריאַל פון דער שאלות־ותשובות ליטע־ראַטור און האָט סטימולירט די היסטאָרישע פאָרשונג אין דער ריכטונג פון דעם דאָזיקן ביז איצט נישט אויסגענוצטן מקור.

היסטאָרישע אָפּהאַנדלונגען פון אַ וויסנשאַפטלעכן ווערט קען מען אויך געפינען אין דעם זאַמלבוך „מאסף", פּעטערבורג 1902, אונטער דער רעדאַקציע פון ל. ראַבינאָוויטש, און נחום סאָקאָלאָווס „ספר השנה" — היסטאָריש־ליטעראַרישער יאָרבוך, אַרויס אין 4 בענד אין וואַרשע אין 1900—1903, און אין „השלוח" (1896—1925) אונטער דער רעדאַקציע פון אַחד־העם, שפּעטער, פון ח. נ. ביאַליק און י. קלויזנער.

## 3טער פּעריאָד (1918 — 1930)

די ערשטע יאָרן נאָך דער רעוואָלוציע, די שווערע מאַטעריעלע באַ־דינגונגען און די נישט־סטאַביליזירטע פּאָליטישע לאַגע ביז דעם סוף פון דער סאָוועטיש־פּוילישער מלחמה אין 1921 זענען נישט געווען מסוגל פאַר דער רויִקער היסטאָרישער פאָרשונג. הגם פון דער אַנדער זייט האָבן זיך

פאַר איר געעפנט גרויסע מעגלעכקייטן מחמת דעם צוטריט צו די ביז איצט געהיימע צאַרישע אַרכיוון.

אַזוי למשל, איז כמעט אַ העלפט פון דעם 10טן באַנד פון דער „יעווּ. סטאַרינאַ" (1918) געווען געווידמעט די גירושים פון דער ייִדישער באַפעל־קערונג פון קורלאַנד, קאָוונער גובערניע און פון גאַליציע און וועגן די ערובניקעס אין די יאָרן 1914—1918. מען האָט אויך געזאַמלט און פאַר־עפנטלעכט (שוין אויף עמיגראַציע — זען וויטער) מאַטעריאַלן וועגן די פּאָגראָמען בעת דעם בירגער־קריג.

דער צוטריט צו די געעפנטע אַרכיוון האָבן געלאָקט די פאָרשערישע אַרבעט. אין 1917—1918 זענען דערשינען אין פּעטראָגראַד 2 בענד פון דער העברעיִשער פּערטליאָר־שריפט „העבר" אונטער דער רעדאַקציע פון ש. גינזבורג און דער מיטרעדאַקציע פון ד"ר מ. אייזענשטאַדט, בן ציון כץ און שמואל ראָזענפעלד מיט נייע מאַטעריאַלן פון דער קיִעווער אָכראַנע למשל, וועגן מ. ראַטנער און ג. גערשוני, וועגן ניקאָלאַי דעם Iטנס ראָל אין אַנטי־ייִדישע גזירות, דובנאָווס „חסידיאַנאַ" (אַנטי־חסידישע פּאַמפלעטן) אאַז"וו. אונטער גינזבורגס רעדאַקציע זענען אויך דערשינען 2 בענד פון „יעווּ־רעיסקי וויעסטניק" (1919, 1928) מיט אַ צאָל היסטאָרישע אָפּהאַנדלונגען פון מחבר א"אַנד, וואָס האָבן זיך געשטיצט אויף נייע ביז איצט אומבאַ־קאַנטע אַרכיוו־מאַטעריאַלן. גינזבורג האָט אויך אין יאָר 1923 אַרויסגעגעבן אין פּעטראָגראַד אַ זאַמלונג פון זיינע היסטאָרישע און פּובליציסטישע אַר־בעטן א"ב „מינוווישיע" (וואָס געווען) — היסטאָרישע שטודיעס, אַרטיקלען און כאַראַקטעריסטיקעס. תחילת 20ער יאָרן האָט אָנגעהויבן דערשיינען די „יעוורעיסקאַיאַ לעטאָפּיס" — אַ היסטאָרישע צייטשריפט, וואָס האָט גרופּירט אַרום זיך אַ גרעסערע צאָל היסטאָריקערס פון עלטערן און ייִנגערן דור, אונטער דער רעדאַקציע פון ל. קליאַטשקאָ, ביי דער נאָענטער מיט־אַרבעט פון י. קליינמאַן, לאָזינסקי און ל. אייזענבערג.

סך הכל זענען דערשינען 4 בענד: 1טער און 2טער אין 1923, 3טער אין 1924 און 4טער אין 1926. פון די היסטאָריקערס פון עלטערן דור האָבן זיך אין איר באַטייליקט י. העססען מיט אַ צאָל אָפּהאַנדלונגען, צוו. אַנד. וועגן דער ליטעראַטור וועגן ריטועלע פּראָצעסן אין רוסיש (ב' I), וועגן די

סלאַוויטער דרוקער, די ברידער שאַפּיראָ, אין זייער פאַרשיקונג קיין סי־ביר (ב׳ II), וועגן די סאָציאַל־עקאָנאָמישע קאַמפּן צווישן די רוסישע יידן במשך די 30־50ער יאָרן פון 19טן י״ה. (ב׳ IV).

י. צינבערג האָט דאָרט אַן אינטערעסאַנטע אַרבעט וועגן יידישן טעאַ־טער אין איטאַליע אין דער רענעסאַנס־תקופה. ר. קאַנטאָר׳ס אָפּהאַנדלונג וועגן אַלעקסאַנדער III און די פּראָגראָמען אין די יאָרן 1881—1883 — ברענגט דעם צאַרס יידנפיינדלעכע באַמערקונגען אויף די געהיימע ראַ־פּאָרטן וועגן די פּאָגראָמען אויפן סמך פון די דאָקומענטן פון דער קייזער־לעכער קאַנצעלאַריע און פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט. עס האָט אין ערשטן און צווייטן באַנד פאַרעפנטלעכט זיינע אינטערעסאַנטע זכרונות וועגן לובלין סוף 19טן און תחילת 20סטן י״ה — י. א. קליינמאַן; ג. בוכבינדער׳ס „יידי־שע רעוואָלוציאָנערע קרייזלעך פון די 80ער און תחילת 90ער יאָרן״, וואָס שטיצט זיך אויף נייע מאַטעריאַלן פון אַרכיוו פון פּאָליציי־דעפּאַרטאַ־מענט, האָט אַרויסגעבראַכט נייע פאַקטן וועגן יידישע קרייזלעך אין דעם דאָזיקן פריען פעריאָד.

אַ גרויסן אָרט פאַרנעמען אין די 4 בענד זכרונות, ווי ל. י. לעווידאָווס וועגן ווילנער יידישן לערער־אינסטיטוט, וואָס גיט אַ געטרײַ בילד וועגן די לימודים און אינערלעכן רעזשים אין אינסטיטוט, ווי אויך בעקראַלאָגן וועגן פאַרשטאָרבענע בעת דער מלחמה און רעוואָלוציע־יאָרן. זיי זענען פול מיט עלעגישע טענער און ראָמאַנטיזאַציע פון פאַרשווונדענעם עבר (למשל, ראַוו־רעבעס אָפּהאַנדלונג וועגן אוקראַיִנער חסידות אין צווייטן באַנד).

ביי אַ טייל עגבערט דאָס באַוווסטזיין, אַז דער גרויסער יידישער רוסי־שער קיבוץ שטייט ווי אַ נאַציאָנאַלער קיבוץ אויפן ראַנד פון אונטערגאַנג. דער אַנטראָפּאָלאָג לעוו שטערנבערג האָט געשריבן אין „יעוור׳ וויעסטניק״ (ב׳ 5־6, 1922) אַז עס איז געקומען אַ סוף צו דער געשיכטע פון יידן אין רוסלאַנד, דעריבער דאַרף מען זיך מער אָפּגעבן מיט „אַלגעמיינע פּראָבלע־מען פון דער יידישער געשיכטע״: דאָרטן ווו דער היסטאָרישער כלל צע־פאַלט זיך, נייטיקן זיך שוין יידן מער נישט אין פּרט־געשיכטעס. דאָס רו־סישע יידנטום הערט אויף צו עקסיסטירן ווי אַ גאַנצקייט. אין אַזאַ קריטי־שער צייט נייטיקט מען זיך אין אַ פאַרטיפטער נאַציאָנאַלער פילאָסאָפיע

פון געשיכטע, ווייל עס איז פאַראַן אַ שטאַרקע באַדערפעניש אין אַ סינטעטישן קוק אויף דעם אייגענעם עבר.

דער לעצטער פאַרמעלער אַקט פון ליקווידירן די „בורזשואַזע ייִדישע היסטאָרישע וויסנשאַפט" אין ראַטנפאַרבאַנד איז געווען דאָס שליסן די „ייִדישע עטנאָגראַפיש־היסטאָרישע געזעלשאַפט" סוף 1929. דער אַרכיוו און די ביבליאָטעק (העכער 4000 בענד) זענען איבערגעגעבן געוואָרן דעם „אינסטיטוט פאַר ייִדישער קולטור" ביי דער אוקראַיִנישער וויסנשאַפטלעכער אַקאַדעמיע אין קיִעוו און דער מוזיי — דער ייִדישער סעקציע ביי דער ווייסרוסישער אַקאַדעמיע אין מינסק.

ווי געזאָגט האָבן די געעפנטע צאַרישע אַרכיוון געשאַפן אַ ברייט פעלד פאַר אַרויסגעבן זאַמלונגען פון דאָקומענטן, וואָס זענען ביז איצט געווען פאַרהוילן פאַר דער עפנטלעכקייט. צוויי געביטן פון דער ייִדישער היסטאָריאָגראַפיע אין רוסלאַנד — די פּאָגראָמען אין די 80ער יאָרן און די ייִדישע אַרבעטער־באַוועגונג זענען אין דער צייט דאָקומענטאַריש זייער באַרייכערט געוואָרן. אין 1929 איז דערשינען אין לענינגראַד דער צווייטער באַנד פון „מאַטעריאַלן צו דער געשיכטע פון די אַנטי־ייִדישע פּאָגראָמען אין רוסלאַנד אין די 80ער יאָרן" אונטער דער רעדאַקציע פון ג. קראַסני־אַדמוני, אין וועלכן עס זענען צום ערשטן מאָל פּובליקירט געוואָרן אָפיציעלע דאָקומענטן, העץ־אויפרופן א"אַנד' מאַטעריאַלן וועגן די בלוטיקע פּאָגראָמען אין די יאָרן 1881—1883.

אין 1922 האָט ב. א. בוכבינדער אַרויסגעגעבן זיינע „מאַטעריאַלן צו דער געשיכטע פון דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג אין רוסלאַנד", באַנד I („מאַטעריאַלן פאַר אַ ביבליאָגראַפישן לעקסיקאָן פון די אָנטיילנעמערס פון דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג") און אין 1925 זיין „געשיכטע פון דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג, לויט נישט־פאַרעפנטלעכטע אַרכיוואַלע מאַטעריאַלן", מיט פיל נייע ערשטקלאַסיקע דאָקומענטן. לויט דעם קאָמוניסטישן נוסח פון געשיכטע־שרייבונג איז שוין א. ד. קירזשניצס בוך וועגן דעם אָנטייל פון די ייִדישע אַרבעטער אין דער רעוואָלוציע פון 1905, מיט מ. ראפעסעס הקדמה, 1928.

## 4. די ייִדיש־רוסישע היסטאָריאָגראַפיע אויף עמיגראַציע

דער גרעסטער טייל ייִדישע וויסנשאַפטלער, שרייבער און פובליציסטן, וואָס זענען אַוועק פון באָלשעוויסטישן רוסלאַנד האָבן זיך באַזעצט אין בערלין, ווו עס איז אין די 20ער יאָרן אַנטשטאַנען אַ צענטער פון דער רוסיש־ייִדישער עמיגראַציע.

אין 1924 איז אויך פון קאָוונע אַריבערגעפאָרן קיין בערלין שמעון דובנאָוו.

די נאָך־וואָס איבערגעלעבטע שטורמישע און בלוטיקע תקופה אין דער געשיכטע פון ייִדישן פאָלק האָט פאַר די ייִדישע היסטאָריקערס אויף עמיגראַציע געשטעלט אין פאָדערגרונט די אויפגאַבע דאָקומענטאַריש צו פאַרפיקסירן דאָס דאָזיקע טראַגישע און מיט אַזוי פיל אַנטוישונגען רייכע קאַפיטל.

אין 1923 האָט דער „מזרח־ייִדישער היסטאָרישער אַרכיוו" פאַרעפנטלעכט אין רוסיש אַ באַנד וועגן די ייִדישע פּאָגראָמען אין אוקראַיִנע, א"נ: „אַנטיסעמיטיזם און די פּאָגראָמען אין אוקראַיִנע 1917—1918", מיט אַן אַרטיקל פון דובנאָוון, וואָס איז אין דעם זעלביקן יאָר אויך אַרויס אין אַ ייִדישער ווערסיע. דאָס איז געווען דער ערשטער באַנד פון אַ פּלאַנירטער סעריע: „די געשיכטע פון דער פּאָגראָם־באַוועגונג אין אוקראַיִנע אין די יאָרן 1917—1921". אָבער דער צווייטער באַנד פון דער דאָזיקער אויסגאַבע, צונויפגעשטעלט פון אליהו טשעריקאָווער א"ב „די פּאָגראָמען פון 1919, די תקופה פון פּעטליוראַן און דעם אויפשטאַנד פון גריגאָריעוו" איז שוין נישט דערשינען און פאַרבליבן אין כתב־יד.

ערשט נאָך אַן איבעררייס פון 9 יאָר איז אין פאַרלאַג פון „מזרח־ייִדישן היסטאָרישן אַרכיוו" דערשינען אונטער דער רעדאַקציע פון א. טשעריקאָווער און נ. גערגעל — י. שעכטמאַנס: „די פּאָגראָמען פון דער פריוויליקער אַרמיי אין אוקראַיִנע (צו דער געשיכטע פון אַנטיסעמיטיזם אין אוקראַיִנע אין די יאָרן 1919—1920)".

אַ זאַמלבוך „אין דער תקופה פון רעוואָלוציע" איז אַרויס אין „ליטע־

ראַרישן פֿאַרלאַג" אין 1924, אין וועלכן עס זענען פּובליקירט געוואָרן זכרו־נות, מאַטעריאַלן און דאָקומענטן פֿון די דאָזיקע שטורמישע יאָרן. דובנאָוו האָט דאָרטן פֿאַרעפֿנטלעכט פֿראַגמענטן פֿון זיין טאָגבוך פֿון די יאָרן 1917־1918, א. רעוווצקי — זיינע זכרונות וועגן אוקראַינע אין 1919 (דערשינען באַזונדער אין בערלין, 1924), א. טשעריקאָווער — אַ גרויסע צאָל אַרטיק־לען און נאָטיצן אאַז"וו.

אין די יאָרן 1923—1925 זענען דערשינען 5 נומערן פֿון „בלעטער פֿאַר יידישער דעמאָגראַפֿיע, סטאַטיסטיק און עקאָנאָמיק" ווי אַן אויסגאַבע פֿון דער יידישער וועלטהילפֿס־קאָנפֿערענץ, אונטער דער רעדאַקציע פֿון ב. ברוצקוס, יעקב לעשטשינסקי און יעקב סעגאַל, אין וועלכע עס זענען אויך פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן אַ צאָל אַרבעטן אויפֿן פֿעלד פֿון יידישער ווירט־שאַפֿט־געשיכטע און סטאַטיסטיק ווי: י. לעשטשינסקיס: „די יידישע קהי־לות אין פּוילן (אוקראַינע) ערב דער צעטיילונג פֿון דער פּוילישער מלוכה", „באַרדיטשעווער יידישע קהילה פֿון 1789 ביז 1917" (נומ' 1), ע. נ. פֿרענקס: „די צאָל יידן און זייערע באַשעפֿטיקונגען אין די שטעט און דערפֿער פֿון קעניגרייך פּוילן אין 1843טן יאָר" (נומ' 1) א"אַנד'.

אין בערלין איז אויך צווישן 1925—1929 דערשינען דובנאָווס מאָ־נומענטאַלע 10־בענדיקע „וועלט־געשיכטע פֿון יידישן פֿאָלק" (אין דייטש), אין דער איבערזעצונג פֿון ד"ר א. שטיינבערג,[4] און אין 1925 — דער פֿולער טעקסט פֿון פּנקס מדינת ליטע, אַרויסגעגעבן פֿון ש. דובנאָוו און טובים (פֿריער דערשינען אין העפֿטן, ווי אַ ביילאַגע צו דער „יעוו' סטאַרינאַ").

אין בערלין זענען אויך אַרויס די זייער ווערטפֿולע זכרונות פֿון אַ ריי־רעוואָלוציאָנערע טוער אין עמיגראַציע ווי פּאַוועל אַקסעלראָדס „פּערעזשי־טאָיע אין פּערעדומאַננאָיע", 1923, מיט אינטערעסאַנטע פּרטים וועגן דעם

[4] מחוץ די גרענעצן פֿון רוסלאַנד, איז אַרויס אין ענגלישער איבערזעצונג אין פֿילאַדעלפֿיע (1916—1920) זיין 3־בענדיקע געשיכטע פֿון יידן אין רוסלאַנד און פּוילן, און אין די יאָרן 1949—1956 איז בוענאָס איירעס דערשינען אַ פֿולע יידישע אי־בערזעצונג פֿון דער 10־בענדיקער אויסגאַבע.

פרי־פּעריאָד פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג ביי ייִדן אין ווייסרוס־לאַנד (מאָהילעוו), אין צעדערבוים־מאַרטאָווס „זאַפּיסקי סאָציאַל־דעמאָקראַ־טאַ", וואָס אַנטהאַלטן פּיל ווערטפולע פאַקטן וועגן דעם אָנהייב פון דער ייִדישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין ווילנע.

דער אין 1925 אַנטשטאַנענער ייִדישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט אין ווילנע האָט גרופּירט אַרום זיך אַ צאָל רוסיש־ייִדישע היסטאָריקערס מיט ש. דובנאָוון בראש. בפרט האָט אַ לעבעדיקע אָרגאַניזאַטאָרישע און רעדאַקציאָנעלע טעטיקייט אַרום די „היסטאָרישע שריפטן" פון ייִוואָ אַנט־וויקלט דער סעקרעטאַר פון זיין היסטאָרישער סעקציע אליהו טשעריקאָווער.

אין די דורך אים רעדאַקטירטע צוויי בענד „היסטאָרישע שריפטן" פון ייִדישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט (1929—1937) און אין דעם דריטן באַנד, געווידמעט דער ייִדישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג ביז דער גרינ־דונג פון „בונד", אונטער דער רעדאַקציע פון א. טשעריקאָווער, א. מענעס, פ. קורסקי און א. ראָזין (בן־אדיר), ייִוואָ, 1939, איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אויך אַ גרויסע צאָל פאַרשונגען און דאָקומענטן צו דער געשיכטע פון ייִדן אין פּוילן און רוסלאַנד פון אַ פּאָר צענדליק מחברים (ש. דובנאָוו, ש. גינז־בורג, ש. באַראָוואָי, ב. בר־וצקוס, מ. ווישניאַק, מ. ווישניצער, א. טשעריקאָ־ווער, י. צינבערג, א. מענעס א"אַנד') צווישן זיי אויך פון ייִנגערן דור היס־טאָריקערס, וואָס האָבן אָנגעהויבן זייערע וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן שוין אין דעם נאָך דעם מלחמה־פּעריאָד.

אויך אין די „ייִוואָ־בלעטער" (אָנגעהויבן דערשיינען אין 1939, ביז 1962, אַרויס 42 בענד) און אין אַנדערע וויסנשאַפטלעכע אויסגאַבעס פון ייִדישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט, ווי אין „די שריפטן פאַר עקאָנאָמיק און סטאַטיסטיק" (ב' 1, 1928, ב' 2, 1932), רעדאַקטירט פון סעקרעטאַר פון דער עקאָנאָמיש־סטאַטיסטישער סעקציע, יעקב לעשצינסקי, אין ז'ער 2־בענדיקער (נישט־פאַרענדיקטער) „געשיכטע פון דער ייִדישער אַרבעטער באַוועגונג אין די פאַראייניקטע שטאַטן" (ב' 1: דער היסטאָרישער הינטער־גרונט און די סאָצ' עקאָנאָמישע פאַקטאָרן), רעדאַקטירט פון א. טשעריקאָ־ווער, זענען מיט זייערע פאָרשונגען וועגן דער געשיכטע (אויך ווירטשאַפט־

געשיכטע) פון פוילישן און רוסישן ייִדנטום פאַרטראַטן אַ צאָל מחברים — רוסיש־ייִדישע היסטאָריקערס.[5]

אויף עמיגראַציע (אין ניו־יאָרק) זענען אויך דערשינען אין די יאָרן 1937—1938 שאול גינזבורגס געזאַמלטע „היסטאָרישע ווערק", אַרויס־געגעבן פון „קאָמיטעט צו פייערן זיין 70־יעריקן יובל", אין דריי בענד. דער דאָזיקער קאָמיטעט האָט אין די יאָרן 1944—1946 אַרויסגעגעבן נאָך 2 בענד א"נ „אַמאָליקע פעטערבורג, פאַרשונגען און זכרונות וועגן ייִדישן לעבן אין דער רעזידענץ־שטאָט פון צאַרישן רוסלאַנד" און „משומדים אין צאַרישן רוסלאַנד". אַ געוויסער טייל פון די פאָרשונגען זענען איבערזע־צונגען פון זיינע אָפּהאַנדלונגען וואָס זענען דערשינען פריִער אין די רו־סישע און העברעיִשע צייטשריפטן. פאַראַן אויך אַ היפּשע צאָל איבערגע־חזרטע אָדער אין גאַנצן נייע אויפן סמך פון פרישע פון אים געפונענע אָדער פובליקירטע אַרכיוואַלע מקורים.

אויך אַ צווייטער זייל פון דער רוסיש־ייִדישער היסטאָריאָגראַפיע, מאַרקווישניצער, וואָס האָט זיך באַטייליקט מיט אַ גרעסערער צאָל סינטע־טישע און מאָנאָגראַפישע היסטאָרישע פאָרשונגען אין דעם אויבן־דער־מאָנטן מאָנומענטאַלן באַנד „געשיכטע פון ייִדן אין רוסלאַנד", 1914, אין דער „יעווריעיסקאַיאַ ענציקלאָפּעדיאַ" (געוועזן רעדאַקטאָר פון איר געשיכט־לעכן טייל), און אין אַנדערע היסטאָרישע צייטשריפטן, האָט אויף עמי־גראַציע (בערלין, ניו־יאָרק) אַנטוויקלט אַן אינטענסיווע היסטאָריש־פאָר־שערישע טעטיקייט.

אין בערלין האָט ער אין 1922 פאַרעפנטלעכט די ווערטפולע זכרונות פון בער באָלעכאָווער (1723—1805), אַרויסגעגעבן אַ בראָשור וועגן דער געשיכטע פון ייִדישע מלאכה — אַ געביט וואָס ער האָט געפאָרשט כמעט זיין גאַנץ לעבן און פובליקירט אויף דער דאָזיקער טעמע אַ גרעסערע צאָל אַרבעטן; אין דער „יעווריעיסקאַיאַ ענציקלאָפּעדיאַ" (ב' 8), און „ענציקלאָ־

[5] ייִוואָ־ביבליאָגראַפיע, אַ רשימה פון ביכער, זשורנאַלן, אַרטיקלען, רעצענזיעס, אאַז"וו, וואָס דער ייִדישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט האָט פובליקירט אין די יאָרן 1925—1941 (1), און אין 1941—1950 (2), ניו־יאָרק 1943 און 1955.

פּעדיאַ יודאַיקאַ" (ב' 7), אין „בלעטער פאַר יידישער דעמאָגראַפיע, 1925 א"אַנד'.

אין דעם מאָנומענטאַלן באַנד „ליטע", ניו־יאָרק, 1951, איז מ. וויש־ניצער פאַרטראָטן מיט אַ פּאָר פאַרנעמיקע היסטאָרישע סינטעטישע אַר־בעטן ווי „די געשיכטע פון יידן אין ליטע אין מיטלעלטער ביז דער ערש־טער וועלט־מלחמה"; „דער וועד ליטע, זיין סטרוקטור און די ראָלע זיינע אין דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן פון די ליטווישע יידן", און „יידישע מלאכה און בעל־מלאכה־צעכן אין ליטע".

צו די היסטאָרישע צייטשריפטן, וואָס האָבן אין די לעצטע יאָרן אָנ־געהויבן דערשיינען מחוץ די גרענעצן פון רוסלאַנד, דאַרף מען פאַררעכענען דעם „העבר", אַן אויסגאַבע פון דער ישראלדיקער געזעלשאַפט צו פאָרשן די געשיכטע פון יידן אין רוסלאַנד און אוקראַינע, מיט דעם כאַראַקטעריס־טישן נאָמען „אל תירא" — וואָס אין העברעיש מיינט עס: „זאָלסט נישט מורא האָבן" — אַ גאַנץ קלאָרע אָנצוהערעניש צו דעם היינטיקן מצב פון יידישן קיבוץ אין סאָוועט־רוסלאַנד.

דער „העבר" איז דערשינען ביז זיין טויט, אין 1958, אונטער דער רעדאַקציע פון בן־ציון כץ.

מיטן נאָמען פון דער צייטשריפט האָט די געזעלשאַפט געמיינט ממשיך צו זיין דעם היסטאָרישן זשורנאַל מיטן זעלביקן נאָמען, וואָס עס האָט אַרויסגעגעבן אין פּעטראָגראַד שאול גינזבורג. דער איצטיקער „העבר" האָט זיך נאָר טיילוויז דערנענטערט צו זיין פּראָטאָטיפּ. אָריגינעלע, אויף נייע אַרכיוו־מאַטעריאַלן זיך שטיצנדיקע, היסטאָרישע אַרבעטן זענען אין אים פאַראַן ווייניק. דער עיקרדיקער ווערט זיינער פאַר דער רוסיש־יידי־שער היסטאָריאָגראַפיע באַשטייט אין זיין רייכן מעמואַריסטישן מאַטעריאַל: דער איבערוויגנדיקער רוב פון די פאַרעפנטלעכטע אין אים אַרטיקלען באַשטייט פון אָפּט זייער ווערטפולע זכרונות פון פּערזאָנען, וואָס האָבן אַליין געשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע אין דער געשיכטע פון רוסישן יידנטום. אייניקע פון די דאָזיקע זכרונות זענען פאַרבליבן אין מאַנוסקריפּט און האָבן צום ערשטן מאָל דערזען די ליכטיקע שיין אין אַ העברעישער איבערזעצונג.

צו די וואַגיקסטע געהערן די זכרונות פון יצחק גרינבוים און מאַרק ווישניצער וועגן דעם פּעטערבורגער פּעריאָד אין זייער לעבן; פון יוליוס ברוצקוס וועגן די מאָסקווער „בני־ציון"; פון דוד פיינבערג (דעם גזועל־שאַפלעכן עסקן און סעקרעטאַר פון דער יי.ק.אַ. ביז 1914) פון אַ כתב־יד וואָס איז פאַרבליבן אין אַרכיוו; די אויטאָביאָגראַפיע פון הרב דוד סלושץ, דעם פאָטער פון נחום סלושץ; די זכרונות פון ש. אסף וועגן זיינע לערנ־יאָרן אין דער טעלזער ישיבה. אין די לעצטע צוויי זענען פאַראַן זייער אינטערעסאַנטע פּרטים וועגן דעם ישיבה־בחורישן לעבנס־שטייגער אין דער צווייטער העלפט 19טן און תחילת 20סטן י"ה; פון הרב מ. נוראָק — וועגן דעם גירוש פון די מערב־גובערניעס בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה; פון דער מערקווירדיקער רוסישער טאָכטער קסעניע זילבערבערג, דער אלמנה פון עסעראָוויעץ לעווי זילבערבערג (זיך באַזעצט אין קיבוץ נען) וועגן דעם אָנטייל פון דריי יידישע רעוואָלוציאָנערקעס רחל לוריא, בעלאַ לאַפּין און דאָרע ברילאַנט אין די טעראָריסטישע אַקציעס פון די עס־ערן. אַ סך אָרט איז אָפּגעגעבן דעם באַראָן דוד גינזבורג. דאָס זענען די זכרונות פון סאָפיאַ גינזבורג וועגן איר פאָטער, געהאַלטן אין אַביסל איבערגע־טריבענעם, טיילווייז פאַנעגיריסטישן טאָן (באַנד 6).

פאַראַן אין „העבר" אויך אַ פּאָר קלענערע אָפּהאַנדלונגען אויפן סמך פון נישט פּובליקירטן אַרכיוו־מאַטעריאַל, ווי פון אַ. קאַרלין וועגן דער יידישער קהילה אין ריגע, פאַר וועלכער ער האָט אויסגענוצט די חברה־קדישא פנקסים פון די יאָרן 1765—1783 און פון 1783—1936 (ב' ו), פון נ. מ. געלבער וועגן דעם אָנהייב פון דער ציוניסטישער באַוועגונג ביי די רוסיש־יידישע סטודענטן אין די יאָרן 1882—1891 (ב' 2 און 4), פון ישראל קלויזנער וועגן דעם ווילנער גאונס משכילישן קרוב ר' יוסף בן אליהו — אויפן סמך פון אומבאַקאַנטע מאַטעריאַלן פון ווילנער אַרכיוו.

עס דאַרפן נאָך דערמאָנט ווערן די אינטערעסאַנטע אָפּהאַנדלונגען פון יצחק מאור וועגן די רוסישע ליבעראַלן אין 19טן י"ה, פון יהודה ארז וועגן יידישן זעלבשוץ אין די יאָרן 1903—1905 א"א.

פאַראַן אין העפטן פון „העבר" נאָך ביבליאָגראַפישע מאַטעריאַלן וועגן

דעם ערשטן ייִדיש־רוסישן אָרגאַן „ראַזסוויעט״ און זײַן קורץ־דויערנדיקן נאָכפֿאָלגער „סיאָן״ (1860—1862) ווי אויך אַ רײַכער עפּיסטאָלאַרישער מאַ־טעריאַל: אומבאַקאַנטע בריוו פֿון קלמן שולמאַן צו שלום־עליכם, פֿון אַלעק־סאַנדער צעדערבוים, פֿון י. ל. קאַנטאָר, פֿון אַחד־העם א״אַ. עס איז אַ שאָד וואָס דער זשורנאַל דערשײַנט אַזוי זעלטן.

רעזומירנדיק:

די ייִדיש־רוסישע היסטאָריאָגראַפֿיע, וואָס האָט גרופּירט אַרום זיך אַ פּלעיאַדע גײַסטרײַכע ייִדישע געלערנטע, האָט במשך פֿון אַ לפֿי־ערך קור־צער צײַט אויפֿגעשטעלט אַ ריזיקן וויסנשאַפֿטלעכן בנין מיט ממש מאָנו־מענטאַלע ווערק.

זיי וועלן פֿאַרבלײַבן ווי אַן אוצר פֿון היסטאָרישן וויסן וועגן דעם גע־שיכטלעכן גאַנג פֿון דעם פֿיל־מיליאָניקן שעפֿערישן ייִדישן קיבוץ אין רוסלאַנד ביז זײַן טראַגישן קולטור־נאַציאָנאַלן אונטערגאַנג בימי סטאַלין.

# די אויפגאַבעס פון דער געשיכטע־פאָרשונג פון די חרוב־געוואָרענע יידישע קהילות אין פוילן

די לפי־ערך יונגע ייִדישע היסטאָריאָגראַפיע אין פוילן האָט געהאַט דעם זעלביקן ביטערן מזל און גורל ווי די פוילישע ייִדן. אין אַ מאָמענט ווען זי האָט זיך ערשט אָנגעהויבן פונאַנדערצובליִען און איז אַוועק אויפן פרוכפּערדיקן און פיל־צוזאָגנדיקן וועג פון מאָנאָגראַפישער, רעגיאָנאַלער פאָרשונג, האָט זיך איבער איר אויפגעהויבן די האַק פון מערדערישן היט־לעריזם.

אין די 30ער יאָרן איז געקומען צו אַן אויפשוווּנג אין דער פאָרשונג פון דער ייִדישער געשיכטע פון פוילן. אַ יונגע פּלעיאַדע היסטאָריקער־סטודענטן פון געשיכטע־פאַקולטעטן, פון יודאַיִסטישן אינסטיטוט אין וואַר־שע, פלעגן אויסקלייבן פאַר זייערע דיסערטאַציעס און סעמינאַר־אַרבעטן טעמעס פון ייִדישער געשיכטע אין פוילן. אין דעם סעמינאַר פאַר ייִדישער געשיכטע ביים וואַרשעווער אוניווערסיטעט, אונטער דער אָנפירונג פון פּראָפ׳ מאיר באַלאַבאַן, האָט אַ צענדליק און אפשר מער סטודענטן געאַר־בעט איבער טעמעס פון ייִדיש־פוילישער געשיכטע. געשען איז דאָס אין אַ גרויסער מאָס אונטער דער השפעה פונעם היסטאָריקער־קרייז ביי דער גע־זעלשאַפט „פריינד פון ייִוואָ״ אין וואַרשע. ס׳רוב זענען דאָס געווען מאָנאָ־גראַפישע, רעגיאָנאַלע אַרבעטן, אין וואָס די ייִדישע היסטאָריאָגראַפיע אין פוילן האָט געפילט אַ שטאַרקן דוחק. עס איז געגנוג געווען צו פאַרגלייכן דעם דאָזיקן צושטאַנד מיט די דערגרייכונגען פון דער ייִדישער היסטאָריאָ־גראַפיע אין דייטשלאַנד אויפן געביט פון רעגיאָנאַליזם, בכדי צו זען דעם גרויסן בלויז אויף דעם דאָזיקן געביט אין דער פאָרשונג פון דער ייִדישער געשיכטע אין פוילן.

דער בלויז האָט אָנגעהויבן צו ווערן אויסגעפילט. אַ ריי מאָנאָגראַ־פיעס פון קהילות, ווי וואַרשע (אין מיטלעלטער), בראָד, יאַראָסלאַוו, קאָ־

וועל, לאָדזש, סלאָנים, פּלאָצק, קוטנע, זענען פּובליקירט געוואָרן אין דעם צענדליק יאָר 1929—1939, און צענדליקער מאָנאָגראַפישע אָפּהאַנדלונגען, צווישן זיי געשיכטעס פון קהילות זענען פאַרבליבן אין כתב־יד.

איך האָב געהאַט די געלעגנהייט צו זען די דאָזיקע מאַגיסטער־ און סעמינאַר־אַרבעטן פון יידישע סטודענטן פון וואַרשעווער אוניווערסיטעט, וואָס זענען אין יאָר 1948 איבערגעגעבן געוואָרן דעם יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע, און איך בין פּשוט נשתומם געוואָרן פון דער אימ־פּאָזאַנטער צאָל געשיכטלעכע אַרבעטן אויף יידישע טעמעס. איך האָב זיך אַפילו אָנגעשטויסן אויף אַ דיסערטאַציע פון אַ פּוילישער דאָקטאָראַנטין אויף אַ טעמע פון דער יידישער געשיכטע אין פּוילן. אין די לעצטע עטלעכע יאָר האָט דער יידישער היסטאָרישער אינסטיטוט אין וואַרשע פּובליקירט אין זיין בולעטין די דיסערטאַציעס פון די דאָזיקע יונגע היסטאָריקערס.

די סיבה פון דער דאָזיקער דערשיינונג — ד״ה וועגן דעם אויפשוווּנג פון דער יידישער געשיכטע־פאָרשונג אין פּוילן אין פּעריאָד צווישן ביידע וועלט־מלחמות — האָט ד״ר יעקב שאַצקי געזען אין אַפּאָלאָגעטישע טענ־דענצן ווי די הויפּט־ספּרוזשינע פון דער דאָזיקער באַוועגונג. אַוודאי האָט דאָ אין אַ גרויסער מאָס מיטגעשפּילט אַפּאָלאָגעטיק — דאָס וועלן באַווייזן דעם טיפן עלטער און די טיפע פאַרוואָרצלטקייט פון דעם אַטאַקירטן און קעמפנדיקן יידישן ישוב אין פּוילן. אָבער נישט בלויז אַפּאָלאָגעטיק. דער אַלגעמיינער, כמעט אומפאַרגלייכלעכער נאַציאָנאַל־קולטורעלער באַרג־אַרויף פון דעם דאָזיקן וואָגיקסטן צענטער פון דער יידישער צעשפּרייטונג אין דעם דאָזיקן פּעריאָד, האָט די יונגע יידישע היסטאָריאָגראַפיע נישט אויסגעמיטן און נישט געקענט אויסמיידן. מען דאַרף נישט פאַרזען דעם נאַציאָנאַל־קולטורעלן מאָטיוו, וואָס האָט געשטויסן אָט־אָ־די סטודענטן זיך אָפּצוגעבן דעם דאָזיקן פאָרשונג־געביט, וואָס איז אין די סטודענטישע קרייזן נישט געווען איבעריק פּאָפּולער, אין יעדן פאַל נישט פּראַקטיש, און האָט זיי, די יונגע פאָרשערס, צום וויניקסטן געקענט צוזאָגן אַ וויסנשאַפט־לעכע קאַריערע, אויף וויפל דאָס איז נאָך בכלל געווען מעגלעך פאַר אַ יידישן געלערנטן אין פּוילן אין יענער צייט.

די דאָזיקע דערשיינונג געהערט גענעטיש צו דער זעלביקער קאַטע־

גאַריע ווי דאָס אַנטשטיין פון „יִוואָ״ אין דער מיט 20ער יאָרן, ווי דער אויפבלי פון יידישן שול־וועזן, יידיש־טעאַטער, פאַרלאַג און פרעסע אין דער זעלביקער צייט. אָבער דאָס אַלץ איז שוין געשיכטע, קאַטאַסטראָפאַל־טראַגיש פאַרענדיקטע געשיכטע.

אין די יאָרן נאָכן חורבן איז אין אַ ריי לענדער און אין ישראל אַנט־שטאַנען ביי די לאַנדסמאַנשאַפטן אַ גרויסע באַוועגונג. אַרויסגערופן פון ריין עמאָציאָנעלע מאָמענטן, האָט זי זיך געשטעלט פאַר אַן אויפגאַבע צו פאַר־אייביקן די חרוב־געוואָרענע היימישע שטעט און שטעטלעך דורך אַרויס־געבן יזכור־ביכער, וואָס זייער צאָל האַלט שוין איצט אָן גוזמא ביי דער אימפּאָזאַנטער ציפער פון איבער 150 (לײַדער איז נאָך ביז איצט נישט פאַראַן קיין פולע געדרוקטע רשימה פון די פובליקירטע יזכור־ביכער), זיי געהערן אין זייער איבערוועגנדיקן רוב צו דער חורבן־ליטעראַטור, זיי דערציילן אונדז אַ סך מער ווי אַזוי דאָס שטעטל איז חרוב געוואָרן ווי וועגן דעם ווי אַזוי דער דאָרטיקער יידישער ישוב איז אַנטשטאַנען, ווי אַזוי ער האָט זיך אַנטוויקלט און געלעבט ביזן חורבן.

די איניציאַטאָרן און רעדאַקטאָרן פון די יזכור־ביכער האָבן זיך דאָך נישט געשטעלט קיין וויסנשאַפטלעכע אויפגאַבעס, זייער מאָטיוו איז געווען אַ ריין געזעלשאַפטלעכער, אַן עמאָציאָנעלער. זיי זענען אויסן געווען צו באַפרידיקן די פּסיכאָלאָגישע באַדערפעניש פון זייערע לאַנדסלייט צו זען ווי זייער געליבט שטעטל, אין אָרעאַל פון אומקום, שטייט אויף תחית־המתים צווישן די טאָוולען פון אַ בוך. דאָס דאַרף זיין פאַר זיי אַ שטיקל נחמה אין זייער צער און טרויער.

עס זענען דאָ, פאַרשטייט זיך, אויסנאַמען, יזכור־ביכער וואָס האָבן אָפּגעגעבן אַ סך אָרט פאַר דער געשיכטע פון דער געגעבענער קהילה. צו זיי געהערן די יזכור־ביכער פון טשענסטעכאָוו, מלאַווע, לאָמזשע, האָראָדעץ, טאַרנע, סטאַניסלאַוו, בעלכאַטאָוו, זאַמאָשטש, בענדין, קראָקע און נאָך עט־לעכע. זייערע געשיכטלעכע טיילן זענען על־פּי־רוב באַאַרבעט געוואָרן פון קאָמפּעטענטע היסטאָריקערס, אָבער אַפילו אין אַזאַ ממש מאָנומענטאַלער אויסגאַבע ווי „דאָס בוך פון לובלין״ פעלט לחלוטין דער 19טער י״ה.

דער איבערוועגנדיקער רוב פון זיי פאַרמאָגט נאָר מער אָדער וויני־

קער וויכטיקן מאַטעריאַל אין דער פאָרעם פון זכרונות פאַר דער תקופה פון 1914 ביז 1939. דאַקעגן ווערט אין זיי בדרך־כלל אויספירלעך באַהאַנדלט דער חורבן־פעריאָד.

אַ גרויסע צאָל יזכור־ביכער האָט נאָך דעם חסרון פון וויטגייענדיקן סוביעקטיוויזם און בפירושער טענדענציעזיקייט אין אילוסטרירן דעם פע־ריאָד צווישןביידע וועלט־מלחמות. די פּראָפּאָרציע פונעם מאַטעריאַל, וואָס ווערט אָפּגעגעבן דער אָדער אַנדערער פּאָליטישער און אידעאָלאָגישער ריכטונג אינעם יידישן לעבן, איז ס׳רוב אָפּהענגיק פון די פּאַרטייאיש־פּאָ־ליטישע סימפּאַטיעס פון די רעדאַקטאָרן־צונויפשטעלערס.

אַ בולטערביישפּיל פון אַזאַ פּאַרטייאישער איינזייטיקייט איז דאָס „בוך פון לובלין״, פון וועלכן עס באַקומט זיך דער איינדרוק אַז איין ריכטונג, די אַ״ג לינקע, איז שיער נישט געווען די וויכטיקסטע געזעלשאַפטלעכע שטרעמונג אין לובלין, וואָס האָט פאַרמאָגט אַ צאָלרייכע חסידיש־אָרטאָ־דאָקסישע מאַסע פון איין זייט און אַלטע שטאַרקע בונדישע און ציוניסטי־שע באַוועגונגען פון דער אַנדערער.

איר וועט אויך בחינם זוכן אין דער סעריע מאָנאָגראַפיעס „ערים ואמ־הות בישראל״, וואָס עס גיט אַרויס דער „מוסד־קוק״ אין ירושלים אַנדערע פּאָליטישע ריכטונגען אין יידישן לעבן ווי די ציוניסטישע. וועגן זיי, די אַנדערע, איז מען על־פּי־רוב יוצא מיט אַ פּאָר גאָרנישט זאָגנדיקע שורות. דער רוב פון זיי ליידט אויך פון אַן אַנדערן חסרון, וואָס די חורבן־צייט איז אין זיי קנאַפּ און קאַרג באַאַרבעט. פיל אָביעקטיווער אין דעם פּרט און בכלל פון אַ סך אַ גרעסערן היסטאָריש־פאָרשערישן ווערט איז די סעריע קהילה־מאָנאָגראַפיעס, וואָס זענען דערשינען אין פאַרלאַג „אנציקלופדיה של גלויות״ אין ישראל.

זעלטן ווערט אין אַ יזכור־בוך איינגעהאַלטן אַן אָביעקטיווער, אַלפּאַר־טייאישער כאַראַקטער, וואָס זאָל באמת אָפּשפּיגלען אַלע ריכטונגען אינעם יידישן לעבן. צו אַזעלכע זעלטענע אויסנאַמען, וואָס זענען ווערט געלויבט צו ווערן, געהערט למשל דאָס בעלכאַטאָווער יזכור־בוך.

עס איז זיכער אַ גרויסער שאָד וואָס אַ קאָמפּעטענטע, וויסנשאַפטלעכע אינסטאַנץ, ווי דער ייִוואָ למשל, האָט נישט געמאַכט קיין באַמיִונגען צו קע־

רעוון דעם דאָזיקן כמעט סטיכישן יזכור־שטראָם אין אַ געהעריקער וויסנ־שאַפטלעכער ריכטונג, אַפילו בלויז אין דער פאָרעם פון שאַפן אַ באַראַטונג־ווינקל פאַר די איניציאַטאָרן און צונויפשטעלערס פון די יזכור־ביכער. דער איינציקער קאָנטאַקט וואָס איז יאָ געווען, איז ווייטער ווי ווענדן זיך צום יזווא מכוח מאַטעריאַלן נישט געגאַנגען.

פון דעם געזאָגטן איז קלאָר אַז די יזכור־ביכער קענען אין זייער רוב נישט פאַרטרעטן אָביעקטיוו וויסנשאַפטלעכע מאָנאָגראַפיעס פון יידישע קהילות אין מזרח־אייראָפע, וואָס דאַרפן זיין באַאַרבעט לויט כללים פון געשיכטלעכער פאָרשונג. זיי קענען נאָר דינען ווי אַ מאַטעריאַל פאַר היס־טאָריקערס און סאָציאָלאָגן, וואָס וועלן אָנשרייבן מאָנאָגראַפיעס פון די דאָזיקע קהילות. אָט דער באַטייט זייערער איז זייער וויכטיק, און דער יידישער היסטאָריקער דאַרף באמת זיין דאַנקבאַר די פּילצאָליקע לאַנדס־מאַנשאַפטן, איניציאַטיוו־גרופּעס און אַפילו יחידים פאַרן צונויפזאַמלען און פאַרעפנטלעכן דעם דאָזיקן מאַטעריאַל אין די יזכור־ביכער.

בכן שטייט די יידישע היסטאָרישע וויסנשאַפט אין די פרייע לענדער פאַר אַ גראַנדיעזער אויפגאַבע, ממשיך צו זיין דאָס ווערק, וואָס איז אָנגע־הויבן געוואָרן אין פּוילן אין די 30ער יאָרן, און איז אין זיינע התחלות רוצ־חיש פאַרשטומט געוואָרן.

די רעגיאָנאַלע געשיכטע־פאָרשונג פון יידישע קהילות אין פּוילן, קען שוין אָבער נישט געפירט ווערן אין דער פאָרעם ווי דאָס איז געטאָן געוואָרן ביז 1939 — אין דער פאָרעם פון פאַרזיכיקע, אויסשעפּיקע מאָנאָגראַפיעס. דאָס איז היינט צוליב כמה וכמה טעמים אוממעגלעך. ראשית פאַרמאָגן מיר נישט די אַרכיוואַלע באַזע פאַר אַזעלכע ברייט פאַרמאָסטענע מאָנאָגראַפיעס. אָן די אַ״ג לאַנד־גראַד־און שטאָטישע אַקטן קען קיין אַלזייטיקע וויסנשאַפט־לעך באַאַרבעטע געשיכטע פון אַ קהילה נישט געשריבן ווערן.

דער ריס אין דער וועלט צווישן מזרח און מערב האָט זייער באַשווערט דעם צוטריט צו די פּוילישע אַרכיוון, וואָס הגם זיי האָבן (בעת דער לעצ־טער מלחמה) אַ סך פאַרלוירן פון זייערע פאַרמלחמהדיקע פאַרמעגנס, פאַר־מאָגן זיי נאָך אומפאַרטרעטבאַרע אַרכיוואַלע אוצרות פאַר דער געשיכטע פון יידן אין פּוילן. וויכטיק פאַר דער רעגיאָנאַלער פאָרשונג איז דער־

פאַקט, וואָס די לאָקאַלע מלוכהשע, אָדער קאָמונאַלע אַרכיוון האָבן בדרך־כלל ווינציקער געליטן ווי די צענטראַלע און דאָס רוב פון זיי — געפינען זיך אין זייער פאַרמלחמהדיקן צושטאַנד. בפרט די אַרכיוון וואָס זענען נישט חרוב געוואָרן דירעקט בעת די מלחמה־אָפעראַציעס, נאָר זענען אָדער פאַרבליבן אויפן אָרט, אָדער אַרויסגעפירט געוואָרן קיין דייטשלאַנד און נאָך דער מלחמה צוריקגעבראַכט געוואָרן.

צו דער דאָזיקער פרינציפיעלער הויפט־מניעה קומט נאָך צו אַ צווייטע: עס פעלט דער ייִדישער היסטאָרישער וויסנשאַפט דער שטאַב יונגע היסטאָריקערס, אויסגעשולטע אויף די פוילישע מקורים־זאַמלונגען, באַהאַוונטע אין דער פּראָבלעמאַטיק פון דער מזרח־אייראָפּעיִשער געשיכטע בכלל און ייִדישער געשיכטע אין מזרח־אייראָפּע בפרט, וואָס זאָל זיין ביכולת אָנצוהייבן די דאָזיקע ריזיקע אַרבעט און דערפירן זי לידי גמר.

בכן קען פון אַן אויסשעפּיקער אַלזייטיקער מאָנאָגראַפישער פאָרשונג פון דעם רוב ייִדישע קהילות אין פוילן קיין רייד נישט זיין. דאָס איז איבעריקנס אַזאַ קאָלאָסאַלע אויפגאַבע וואָס בכדי זי צו רעאַליזירן וואָלטן מיר געדאַרפט פאַרמאָגן אַ פּילצאָליקן שטאַב היסטאָריקערס, וואָס זאָל אַרבעטן ביי די בעסטע טעכניש־וויסנשאַפטלעכע באַדינגונגען אין פרט פון אַרכיוון, ליטעראַטור, קווערענדאַ־רייזעס אאַז״וו.

זאָלן מיר אפשר דעריבער, צוליב די גרויסע מניעות, בכלל אויפגעבן דעם געדאַנק וועגן וויטער פאָרשן די געשיכטע פון די פוילישע ייִדן? איך מיין, אַז רעזיגנירן פון דער דאָזיקער אויפגאַבע הייסט אָרעמער מאַכן די היסטאָרישע ירושה, וואָס דאָס פוילישע ייִדנטום האָט אונדז איבערגעלאָזן, און אין דער אונטערשטער שורה זיך אַליין מאַכן אָרעמער. מיר טאָרן נישט און דאַרפן נישט רעזיגנירן. ווייל אויב מיר קענען נישט צוליב די אויסגערעכנטע טעמים ממשיך זיין די פאָרשונג פון דער ייִדישער געשיכטע אין פוילן אין אַ ברייטער מאָנאָגראַפישער ראַם, זענען מיר אָבער ביכולת, ביי אַ געהעריקער מאָביליזאַציע פון די פאַראַנענע כוחות און מיטלען, צו געבן אין תמציתדיקער פאָרעם די הויפט־עלעמענטן פון דער געשיכטע פון דעם רוב, אָדער לכל־הפחות קרוב פון דעם רוב, ייִדישע קהילות אין פוילן.

איך האָב זיך במשך פון דער צייט איבערצייגט, אַז נישט בלויז פון

קהילות, וואָס האָבן געהאַט די זעלטענע זכיה צו האָבן וועגן זיך דאָס, וואָס מען רופט אָן פּאַראַרבעטן, טיילווייזע מאָנאָגראַפיעס, נאָר אַפילו פון קהילות, וואָס וועגן זיי איז אין אונדזער היסטאָרישער ליטעראַטור נאָך קיין אות נישט אָנגעשריבן געוואָרן, קען מען צונויפשטעלן אַ תמציתדיקע קהילה־מאָנאָגראַפיע מיט די סאַמע וויכטיקסטע עלעמענטן פון איר געשיכטע.

חוץ ייִדישע געדרוקטע מקורים, וואָס צו די וויכטיקסטע געהערט די פּרעסע, סיי די ייִדישע, העברעיִשע און פרעמד־שפּראַכיקע, וואָס איז זייער ווייניק אויסגענוצט געוואָרן, און אַנדערע האַנטשריפטלעכע און געדרוקטע מאַטעריאַלן, קען מען ידיעות וועגן ייִדן געפינען אין הונדערטער אַלגעמיינע מאָנאָגראַפיעס פון שטעט, צייטשריפטן פאַר רעגיאָנאַלער געשיכטע, לאַנד־קענטעניש און פאָלקלאָר, אין צענטראַלע, היסטאָרישע און אַנדערע פּעריאָדישע אויסגאַבעס אאַז״וו.

נישט אַלץ, פאַרשטייט זיך, געפינט זיך מחוץ די גרענעצן פון פּוילן, אָבער אַ ריזיקער מאַטעריאַל ליגט אויפגעשפּייכלערט אין די פאַרשיידענע ביבליאָטעקן פון נאָרד־אַמעריקע, ווי אין דער ייִוואָ־ביבליאָטעק, אין דער ביבליאָטעק פון טעאָלאָגישן סעמינאַר, אין דער ניו־יאָרקער „פּאַבליק־לייבּרערי״, קאָלאָמביע־ביבליאָטעק, האַרוואַרד, אין קאַטוילישן צענטער אין טשיקאַגאָ אאַז״וו.

אַוודאי וואָלט געווען אומפאַרגלייכלעך לייכטער צוצוטרעטן צו דעם דאָזיקן ווערק ווען מיר וואָלטן פאַרמאָגט אַ געהעריק באַאַרבעטע רעגיאָנאַלע ביבליאָגראַפיע פון דער ייִדישער געשיכטע אין פּוילן, ווי עס האָט בשעתו געפּלאַנט פּראָפ׳ מאיר באַלאַבאַן. פון באַלאַבאַנס ביבליאָגראַפיע איז ליידער נאָר אַרויס דער ערשטער טייל אין 1939, דער צווייטער טייל, וואָס האָט געזאָלט האָבן אַ רעגיאָנאַלע ביבליאָגראַפיע לויט שטעט, האָט שוין נישט דערזען די ליכטיקע שיין און דער כתב־יד איז אַפּנים געגאַנגען לאיבוד.

ווי זאָל אויסזען אַזאַ תמציתדיקע, סינטעטישע מאָנאָגראַפיע פון אַ חרוב־געוואָרענער ייִדישער קהילה? וואָס זאָל זי אַנטהאַלטן? עס קענען דאָ זיין פאַרשיידענע שטאַנדפּונקטן. איך וויל זיך דאָ אויספּירלעכער אָפּשטעלן אויף איין שטאַנדפּונקט, וואָס איך האַלט אים פאַר דעם איינציק ריכטיקן.

אַזאַ קורצע, סינטעטישע געשיכטע פון אַ ייִדישער קהילה דאַרף, לויט מיין מיינונג, געבן אַ תוכיקע אינפאָרמאַציע, ד״ה ווייניקער פאַקטועלע געשיכטע און מער הויפּטליניעס פון איר סאָציאַל־ווירטשאַפטלעכער און קולטורעלער אַנטוויקלונג, דאָס אָרט וואָס זי פאַרנעמט אין דעם אַלגעמיינעם קולטור־היסטאָרישן בילד פון פּוילישן ייִדנטום.

איך וועל פּרוּוון אילוסטרירן דאָס געזאָגטע מיט ביישפּילן פון דריי ייִדישע קהילות אין פּוילן, וואָס איינע פון זיי געהערט צום טיפּ גרעסערע און צוויי — צום טיפּ מיטעלע קהילות.

לאָמיר נעמען אַזאַ ייִדישע קהילה ווי לובלין. איך בין כמעט זיכער אַז, ווען איך האָב דערמאָנט דעם נאָמען פון דער דאָזיקער קהילה, איז ביי אייך תיכף אויפגעקומען אַן אַסאָציאַציע מיט דעם וועד אַרבע אַרצות, מיטן מהרש״ל, מהרש״א, מיט דעם לובלינער געטאָ, וואָס האָט זיך ביז 1939 גע־האַט אַזוי ווונדערלעך אויפגעהיט. דער פּאַטאָס פון לובלין איז אַ היסטאָרי־שער, ער ליגט אין זיין ווייטן עבר. לובלין — ווי דער כמעט 100־יאָריקער זיצאָרט פון דעם העכסטן שטאַפּל פון דער ייִדישער אויטאָנאָמער אָרגאַני־זאַציע אין פּוילן, לובלין — ווי די אכסניה של תורה נישט בלויז פאַר פּוילן נאָר אַפילו פאַר ייִדישע בחורים פון אַמסטערדאַם, לובלין — די שטאָט פון די גרויסע יאַרידים, אויף וועלכע עס פלעגן זיך צונויפפאָרן ייִדן מארבע פנות פולין.

סוף 18טן און תחילת 19טן י״ה ווערט לובלין דער ערשטער צענטער פון פּוילישן חסידות (דער „חוזה״ פון לובלין) און במשך פון כמעט דעם גאַנצן 19טן י״ה איז די דעצידירנדיקע פאַרב אין דעם לובלינער ייִדישן פּייזאַזש — די חסידישע פאַרב. לובלין איז אַ פרום חסידישע שטאָט מיט אַן אייגענער צדיקישער דינאַסטיע.

ד״ר גרשון לעווין דערציילט למשל אין זיינע זכרונות אַז אין זיינע ייִנגלשע יאָרן — 70ער און 80ער יאָרן פון 19טן י״ה — האָט לובלין פאַרמאָגט סך־הכל דריי ייִדישע גלוחים, אויף וועלכע אַלע האָבן געטייטלט מיט די פינגער. אויף דער שטאַרקער פאַרשפּרייטונג פון חסידות, אין וואָס ער זעט די הויפּט מניעה דערפון וואָס לובלינער ייִדן ווילן זיך נישט אויס־

ליטישן, באַקלאָגט זיך אין יאָר 1872 דער לובלינער גובערנאַטאָר אין אַ קאָנפידענציעלן בריוו.

לובלין איז אַ טיפּיש פרומע ייִדישע שטאָט, אַרומגערינגלט מיט לעגענדעס פון גלאָריע־רייכן עבר און מיט אַ שטאַרקער רעליגיעזער טראַדיציע. לובלינער ייִדישער פאָלקלאָר איז פאַרבונדן מיט דעם האַלב איינגעזונקענעם קלויסטער ביים אַלטן, יחסנדיקן בית־עולם, מיט קדושים פון ריטועלע פּראָצעסן, וואָס פלעגן פאָרקומען פאַרן לובלינער קרוין־טריבונאַל, מיט דער מהר״של־שול און דעם מהר״שלס געשיכטע... די גרויסע היסטאָריש־רעליגיעזע טראַדיציע פון לובלין האָט געהאַט איר עפּילאָג אין דער „ישיבת חכמי לובלין״ אין די 30ער יאָרן פון אונדזער יאָרהונדערט.

פון דער אַנדערער זייט איז לובלין אין דער צווייטער העלפט פון 19טן י״ה אויך אַ שטאָט מיט אַנגעזעענע לומדישע, משכיליזירנדיקע מתנגדים. מען רופט זיי „די זאַמאָשטשער״ — אין לובלין האָט מען מיט דעם נאָמען באַצייכנט יעדן משכיל, ווייל די השכלה איז קיין לובלין אַריינגעדרונגען פון שכנותדיקן זאַמאָשטש.

זיי, די משכילים, קענען זיך נישט געפינען קיין אָרט אין דער דאָזיקער שטאָט מיט איר געדיכטער טראַדיציאָנעל־פרומער ייִדישקייט און זיי רייסן זיך אַרויס פון לובלינער געטאָ אין דער גרויסער וועלט אַריין: משולם ערליך קיין ברעסלע און קיין פּאַריז, גבריאל יהודה ליכטנפעלד קיין וואַרשע און יחיאל מענדלזאָהן קיין פלעש אונטער ברעסלע.

תחילת 20סטן י״ה קומט אויף אין לובלין אַ שטאַרקע אַרבעטער־באַוועגונג. סיי דער „בונד״ סיי די ייִדישע סעקציע פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי (פּפּ״ס) האָבן זייערע צאָלרייכע אָנהענגערס צווישן די ייִדישע אַרבעטנדיקע שיכטן. דאָס איז אַ קעמפערישע אַרבעטער־מאַסע מיט אייגענע קאַמף־אָפּטיילן (באָיוווקעס), וואָס וואַרפט אָן פחד אויף די צאַרישע דינערס. אין די האַרבסט־חדשים פון 1905 איז די שטאָט כמעט אין זייערע הענט. אַ זון פון אַ לובלינער משכילישן מתנגד, הענריק ערליך, ווערט שפּעטער דער בונדישער פירער אין נאָכמלחמהדיקן פּוילן. די דאָזיקע טראַדיציע — די טראַדיציע פון פּאָלקישקייט און סאָציאַליזם האָט געפונען

איר עפּילאָג אין דעם קולטור־הויז א״ג פון „י. ל. פּרץ״, אויפגעבויט האַרט פאַרן אויסברוך פון דער 2טער וועלט־מלחמה.

אין דעם חורבן־פּעריאָד איז לובלין און אומגעגנט די עקספּערימענ־טאַלע סטאַציע פון די נאַציס פאַר זייער אויסראָט־טעכניק. לובלין איז גע־ווען דער זיצאָרט פון דער פאַרניכטונג־קאָמאַנדע „איינזאַץ־ריינהאַרד״, דאָ איז רעאַליזירט געוואָרן געבעלסעס בלוטיקער פּראָפּאַגאַנדע־טריק: דער א״ג „יודענרעזערוואַט״, און לובלין איז געווען די ערשטע גרויסע ייִדישע קהילה אין פּוילן, פון וואַנען די נאַציס האָבן אָנגעהויבן זייער פאַרניכטונג־מאַרש קעגן דער ייִדישער באַפעלקערונג אין פּוילן.

אַ תמציתדיקע מאָנאָגראַפיע פון דער לובלינער קהילה דאַרף בעיקר אַרויסהייבן די דאָזיקע מאָמענטן.

גאָר פון אַן אַנדערן, גריילעך פאַרקערטן כאַראַקטער איז די ייִדישע קהילה אין וולאָצלאַוועק. זי איז אַ יונגע קהילה, אַנטשטאַנען ערשט תחילת 19טן י״ה, אָן היסטאָרישע טראַדיציעס מיט אַ גאָר אַנדער קולטור־היסטאָריש פּנים.

געגרינדעט דורך איינוואָנדערערס פון געגנטן, וואָס האָבן זיך דעמאָלט געפונען אונטער פּרייסישער הערשאַפט און שפּעטערווירטשאַפטלעך פאַר־בונדן מיט פּרייסישע האַנדלס־צענטערס ווי בערלין, פראַנקפורט, לייפּציג, נאָענט צו דער רוסיש־פּרייסישער גרענעץ, האָט זיך די יונגע קהילה באַלד אין איר התחלה געפונען אונטער דער השפעה פון דער פּרייסישער השכלה אין אירע אויסערלעכע פאָרמען ווי שפּראַך, הלבשה און דערציִונג. אויך דאָ ווי אָפט אין דער געשיכטע האָבן ווירטשאַפטלעכע קאָנטאַקטן געבאַנט אַ וועג פון קולטור־השפּעות. אַ ראַדיקאַלער וולאָצלאַוועקער משכיל פון פּריי־סישן שניט אין דער ערשטער העלפט 19טן י״ה דערציילט, אַז אין זיין צייט האָט מען אין וולאָצלאַוועק נישט געזען די פרום־טראַדיציאָנעלע ייִדישע קליידונג, אַז עס איז נישט געווען כמעט קיין לייטיש־ייִדישע היים ווו די קינדער זאָלן נישט דערצויגן ווערן אין דער לאַנדשפּראַך ד״ה אין פּויליש. דער וולאָצלאַוועקער רב איז דער צווייטער העלפט פון דעם דאָזיקן י״ה, דער דייטש־ריידנדיקער, ר׳ יוסף חיים קאַראָ (ער האָט געשטאַמט פון פּרייסן) באַקלאָגט זיך אין איינעם פון זיינע פּילצאָליקע הספדים, אַז לאַנגע יאָרן

האָט די וולאָצלאַוועקער קהילה נישט געהאַט קיין תורה־לערנערס, אַז די קינדער האָט מען נישט געלערנט קיין גאָטספאָרכטיקייט און מצוות, נאָר פרעמדע נישט קיין הייליקע וויסנשאַפטן פאַר פּראַקטישע צילן. אין דעם פּרט איז אפשר וולאָצלאַוועק געווען אַן אויסנאַם צווישן אַלע ייִדישע קהי־לות אין פּוילן.

אין דער נייער שול, וואָס איז פאַרטיק געוואָרן אין יאָר 1854 האָבן די וולאָצלאַוועקער פאַרדייטשמערישטע משכילים, וואָס זענען געווען מער פאַר־דייטשמערישט ווי משכילים, געטראַכט איינצופירן די נייע מנהגי־התפילה פון דער ערשטער רעפאָרמירטער וואַרשעווער סינאַגאָגע, וואָס איר פּרע־דיקער ד״ר גאָלדשמיד האָט זיך באַטייליקט אין דעם חנוכת־הבית פון דער שול מיט אַ דייטשער דרשה. דניאל נייפעלד, דער רעדאַקטאָר פון משכי־לישן וואָכנבלאַט אין פּויליש, „יוטזשענקאַ״, האָט אויסגעשטעלט אַן אַטעס־טאַט פאַר וולאָצלאַוועק ווי „דער איינציקער מוסטערהאַפטער קהילה אין דער פּראָווינץ״.

די אַסימילאַציע האָט אין דער וולאָצלאַוועקער קהילה געהאַט אַ גוטן קלימאַט און זי האָט געצייטיקט אַזעלכע סמעדיקע פּירות ווי משומדים, אַרויסגעבערס פון האַלבע און גאַנצע אַנטיסעמיטישע צייטונגען: דער אַרויס־געבער פון „קוריער וואַרשאַווסקי״ לעווענטאַל, און איזידאָר נוימאַן — דער אַרויסגעבער פון אַ „נאַראָ״־העצבלעטל אין וולאָצלאַוועק גופא.

וולאָצלאַוועק האָט אין דער צווייטער העלפט פון 19טן און תחילת 20־סטן י״ה פּראָדוצירט אַ לפי־ערך גרויסע צאָל האַלבע און גאַנצע משומדים, דאָס האָט איבעריקנס געפונען זיין אויסדרוק אין דעם וולאָצלאַוועקער באַ־קאַנטן אַבדעריט (צונאָמען): „וולאָצלאַווקער משומדים״.

אַ ראַדיקאַלער שינוי אין דעם גייסטיקן פּנים פון דער קהילה איז פאָר־געקומען בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען קיין וולאָצלאַוועק, וואָס האָט געהאַט אַ שם פון אַ „זאַטער״ שטאָט זענען אָנגעלאָפן אַ פּאָר הונדערט פאַמיליעס פון דעם הונגעריקן לאָדזש, וואַרשע א״אַ שטעט. דאָס איז שוין געווען אַ חסידיש־לומדישער עלעמענט, וואָס האָט בהדרגה זיך אַריינגעוועבט אין דעם קהילה־לעבן און געביטן זיין פּרי:ערדיקן כאַראַקטער. אין וולאָצ־לאַוועק גרינדן זיך דעמאָלט חסידים־שטיבלעך, עס אַנטשטייט אַ מוסר־

ישיבה. צום ערשטן מאָל אין איר געשיכטע האָט וולאָצלאַוועק געזען אין בית־המדרש אַזוי פיל לערנערס און ישיבה־בחורים.

אין יאָר 1857 זענען פאַר דעם דערמאָנטן וולאָצלאַוועקער משכיל די חסידים פון יענער זייט ווייסל, וואָס ער האָט צום ערשטן מאָל געזען, „קינדער פון אַ סטעפּן־גייסט, וואָס דער גיהנום האָט זיי אויסגעשפּיגן" און וועלכע ער עצהט צו פאַרשיקן שיער נישט קיין סיביר. מיט קנאַפּע 70 יאָר שפּעטער פאַרנעמען שוין די דאָזיקע „קינדער פון סטעפּן־גייסט" אָנפירנ־דיקע פּאָזיציעס אין זיין היימישער קהילה.

נאָך פריִער, סוף 19טן י"ה, איז אויפגעקומען די ציוניסטישע באַ־וועגונג און די בונדישע באַוועגונג וואָס צעוואַקסן זיך אינעם נאָך־מלחמה־פּעריאָד צו אַ גרויסן געזעלשאַפטלעכן כוח און רעוואָלוציאָנירן דאָס ייִדי־שע לעבן.

בקיצור, פון וולאָצלאַוועק האָט זיך נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה אָפּגעטאָן דער גייסט פון דער גייסטלאָזער עם־הארצישער אַסימילאַציע און זי ווערט אַ שטאָט ווי אַלע ייִדישע שטעט אין פּוילן.

דער געשיכטלעכער חותם פון דייטשמעריזם איז אָבער אינגאַנצן נישט פאַרשוווּנדן. זיינע שפּורן זענען פאַרבליבן סיי אין דער שפּראַך — דער עלטערער דור האָט נאָך ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה גערעדט אַ שטאַרק פאַרדייטשמערישטן ייִדיש — סיי אין דעם אויסערלעכן אופפיר און באַנעם.

אַפילו אַ וולאָצלאַוועקער חסיד איז געווען מער זאָרגעוודיק וועגן זיין אויסזען און קליידונג. עס איז נישט געווען דאָ די טיפּיש־חסידישע „נאָנ־שאַלאַנס" וואָס שייך אויסערלעכקייט און פאָרמען. אין דעם פּרט איז וולאָצ־לאַוועק געווען אין כמה פּרטים ענלעך אין כאַראַקטער צו די גרויספּוילישע קהילות וואָס האָבן זיך, אָנהייבנדיק פון 1815, אויסגעפורעמט אונטער דער השפּעה פון דעם ייִדיש־דייטשן קולטור־נוסח. אַ וולאָצלאַוועקער ייִד, ווי בכלל אַ ייִד פון דער דאָזיקער קויאַווער פּראָווינץ, האָט מען אויף יענער זייט ווייסל גערופן אַ „גרויספּוילישער".

קלאָר, אַז אַ תּמציתדיקע געשיכטע פון דער וולאָצלאַוועקער ייִדישער קהילה דאַרף קודם־כל אַרויסברענגען אָט־אָ די מאָמענטן פון איר קולטור־היסטאָרישער אַנטוויקלונג.

לובלין און וולאָצלאַוועק זענען צוויי שאַרף זיך קעגנשטעלנדיקע טיפּן פון פּוילישע ייִדישע קהילות, דאָס זענען כמעט צוויי עקסטרעמען. צווישן זיי ליגן הונדערטער קהילות מיט וויניקער אויסגעשפּראָכענע כאַראַקטע־ריסטישע שטריכן, ווו די צוויי עלעמענטן: דער חסידישער און דער משכי־לישער, אָדער משכיליזירנדיק־מתנגדישער האָבן זיך געקרייצט און באַ־קעמפט, געבנדיק אין רעזולטאַט מיטלטיפּן פון אַ געמישטן כאַראַקטער. אין 20סטן י״ה, ווען די ייִדישע געזעלשאַפט האָט דערגרייכט אַ הויכע שטופע פון סאָציאַלער דיפערענציאַציע, קומט נאָך צו ווי אַ ווירקנדיקער כוח די סאָציאַליסטישע באַוועגונג.

צו אַזאַ טיפּ קהילה געהערט למשל די פּלאָצקער קהילה.

פּלאָצק איז אַ קהילה מיט אַלטע, הגם פאַרשווונדענע היסטאָרישע טראַ־דיציעס (איינע פון די עלטסטע ייִדישע קהילות אין פּוילן — שטאַמט פון דער ערשטער העלפט 13טן י״ה), וואָס האָט זיך אינעם 19טן י״ה פאַרמירט אונטער דעם איינפלוס פון כמעט אַן אומאויפהערלעכן קאַמף צווישן דעם חסידישן עלעמענט פון איין זייט און דעם מתנגדיש־משכילישן פון דער אַנדערער.

די השכלה איז לפי־ערך פרי אַריינגעדרונגען קיין פּלאָצק, סוף 18טן און תחילת 19טן י״ה, ווען פּלאָצק האָט זיך געפונען אונטער פּרייסישער אָקופּאַציע און האָט אויפגענומען אַ גרעסערע צאָל איינוואַנדערערס פון פּרייסישע געביטן. עס איז נישט קיין צופאַל וואָס די קהילה האָט אין דער צייט אויסגעקליבן פאַר איר רב דעם באַקאַנטן פּיאָנער פון דער קאָנסער־וואַטיווער השכלה אין פּוילן און דייטשלאַנד — יהודה ליב מרגלית.

עס האָט זיך דאָרט אַרום דער העלפט פון 19טן י״ה אויסגעפורעמט אַ כאַראַקטעריסטישער טיפּ מתנגדים — די א״ג „קהל־קטניקעס״, וואָס האָבן געצויגן זייער טראַדיציע פון זלמן פאָזנערס לומדיש־מתנגדישער גרופּע „קהל קטן״ אין זיין דאָרף קוכאַרי — אַנאַלאָגיש צו יהושע צייטלינס לומדיש־משכילישער גרופּע אין זיין גוט לעבן שקלאָוו. שוין מיט זייער אויסער־לעכן אויסזען האָבן זיי זיך אונטערגעשיידט פון די איבעריקע פּלאָצקער ייִדן. זייער הלבשה איז געווען אַ מין צווישן־שטופע צווישן טראַדיציאָנעל־ייִדישער און אייראָפּעיִשער קליידונג — קורצע רעק, ווייסע געפּרעסטע

קעלנער, ריין־געפּוצטע שטיוול. אויך זייער גאַנג איז געווען כאַראַקטעריס־טיש: שטייף, מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ, די הענט פאַרלייגט אויפן רוקן. זיי זענען געווען בעלי־דקדוק און די שאַרפערע מוחות האָבן אין בית־המדרש, וואָס איז געווען פול מיט לומדים און לערנער, זיך מפלפל געווען אין „מורה נבוכים".

די פלאָצקער משכילים זענען געווען ווייניק שעפעריש און ווייניק מיליטאַנטיש. ב. סאָקאָלאָוו האָט זיי דאָס פאַרגעוואַרפן. זיי האָבן אַפילו נישט באַוויזן צו גרינדן פאַר זיך אַן אייגענעם מנין, ווי דאָס האָבן געטאָן, למשל, די לובלינער משכילים, און דער קולטור־קאַמף האָט זיך אייגנטלעך אָפּגע־שפּילט צווישן חסידים און מתנגדים, בפרט מיט דעם קריגערישסטן פליגל זייערן, די „קהל־קטניקעס", וואָס שאַרפע קעגנערשאַפט צו חסידות איז שוין געווען ביי זיי אַ טראַדיציע נאָך פון זלמן פאָזנערס צייטן. זייער מיליטאַנ־טיש זענען דאַקעגן געווען די חסידים.

די אָפּטע קאַמפן, וואָס האָבן זיך געפירט אַרום דער תלמוד־תורה, רבנים פלעגן טיילמאָל אָננעמען אומגעהויער שאַרפע פאָרמען און האָבן אין יאָר 1880 דערפירט, למשל, צו דעם, אַז דער דעמאָלטיקער רב, וואָס איז נישט געווען לויטן געשמאַק פון די חסידים, האָט געמוזט פאַרלאָזן די שטאָט (שוין צום צווייטן מאָל). די פאַרמעגלעכע מתנגדים מיט אַ צוגאָב פון אַ פאָר רייכע אַסימילירטע משכילים זענען געווען ווי אין דעם רוב יידישע קהילות אין פוילן די גרינדערס און בויערס פון די וויכטיקסטע קהלשע אינסטיטוציעס, די חסידים האָבן זיך באַגנוגנט מיט נישט־קאָנס־טרוקטיווער אָפּאָזיציע אין דער קהילה, וואָס זיי האָבן נישט געקאָנט באַ־הערשן.

אַ נעסט פון השכלה און שפּעטער פון ראַדיקאַלע געזעלשאַפטלעכע אידייען אין דער צווייטער העלפט פון 19טן י"ה איז אין פלאָצק געווען די מלוכהשע גימנאַזיע — די איינציקע אין דער גאַנצער גובערניע — וווּ דער באַקאַנטער משכיל און העברעישער שרייבער אברהם יעקב פּאַפּיערנאָ איז געווען לאַנגיאָריקער לערער פון רעליגיע. די לפי ערך ליבעראַלע באַציִונג מצד דעם ערשטן דירעקטאָר אירן צו די יידישע תלמידים (ער האָט למשל זיי באַפרייט אום שבת פון שריפטלעכע אַרבעטן) האָט באַאיינפלוסט אַפילו

חסידישע טאַטעס צו שיקן זייערע קינדער אין דער גימנאַזיע. עס איז אין פלאָצק געווען אַ גרויסער דראַנג צו בילדונג און די דאָזיקע בילדונג־טראַדיציע, סיי פון פול־געפּאַקטן בית־מדרש, סיי פון דער גימנאַזיע, איז אַפּנים די סיבה פון דעם פאַקט וואָס פלאָצק האָט אַרויסגעגעבן אַ לפי־ערך גרויסע צאָל יידישע פּראָפעסיאָנעלע אינטעליגענטן, געלערנטע און שרייבערס, וואָס האָבן געשפּילט אַ וויכטיקע ראָל סיי אין פּוילישן, סיי אינעם יידישן קולטור־לעבן. אין פלאָצק האָבן אין זייערע יוגנט־יאָרן באַקומען אַ גייסטיקע השפּעה דער סעמיטאָלאָג מאַרעק לידזבאַרסקי, נחום סאָקאָלאָוו און יצחק גרינבוים, די שרייבער זישע לאַנדוי, משה ווארשאַ, לייביש אָסטראָווער, חיים פלאַקס א״אַנד׳.

דער וווּנדערלעכער פלאָצקער פּייזאַזש האָט זיכער אינספּירירט אַזעלכע מוזיקערס ווי דער יונג־פאַרשטאָרבענער גוסטאַוו לעוויטאַ (1855 — 1889), און אַזעלכע מאָלערס ווי נתן קאָזשען און עליאַוויטש. די פלאָצקער גימנאַזיע איז אויך געווען אַ נעסט פון ראַדיקאַלע, סאָציאַליסטישע אידייען. פון אירע ווענט זענען אַרויס יוליאַן קוויאַטעק (1874—1910), איינער פון די מוטיקסטע פירער פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אין די רעוואָלוציע־יאָרן 1904 און 1905 און אסתר גאָלדע — די פיל באַוווּנדערטע טוערין פון דעם לינקן פליגל פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי פ.פ.ס. (שפּעטער באַקאַנט אין דער קאָמוניסטישער באַוועגונג ווי סטרושעצקאַ). פלאָצק האָט אויך אַרויסגעגעבן טוער פון דער יידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג (פון דער זעלבער משפחה גאָלדע). יצחק־לייבוש פּרץ איז אַ ריי יאָרן געווען פאַרבונדן מיט דער דאָזיקער משפחה, פלעגט אָפט קומען קיין פלאָצק, געלייענט לעקציעס אין „הזמיר״, און יוליאַן קוויאַטעק איז געווען ביי אים אַ בן־בית.

די דריי ביישפּילן אילוסטרירן דאָס וואָס, לויט מיין מיינונג, דאַרף זיין דער הויפּט־אינהאַלט פון אַ קאָנדענסירטער קהילה־מאָנאָגראַפיע אין דעם פּנקס־הקהילות. די פאַקטועלע געשיכטע, ווי וויכטיק זי זאָל נישט זיין פאַר זיך, מוז אָפּטרעטן אויפן צווייטן פּלאַץ. וויכטיק איז צו געבן דעם פּאָרטרעט פון דער קהילה, דעם וועג פון איר קולטור־היסטאָרישער אַנטוויקלונג, ביז

צו דער ענדגילטיקער אויספּאָרמירונג פון איר סאָציאַלן און קולטורעלן פּנים.

עס קאָנען נישט זיין קיין ספיקות וועגן דעם, אַז אונדזער אַרבעט פון רעקאָנסטרויִרן די געשיכטע פון די חרוב־געוואָרענע קהילות טראָגט דעם כאַראַקטער פון אַ כינוס־ווערק, פון אַ ווערק, וואָס זיין עיקר אויפגאַבע איז אויפזאַמלען און אויפהיטן לדורות די סאַמע וויכטיקסטע און תוכיקע עלעמענטן פון דעם געשיכטלעכן גאַנג פון דעם אומגעקומענעם פּוילישן יידנטום, די עיקרדיקסטע עלעמענטן פון זיין קולטור־ירושה.

דער פּרינציפּ, וואָס דאַרף דאָמינירן אין דער דאָזיקער אַרבעט איז דער פּרינציפּ פון שאַצנדיקער און שטרענגער סעלעקציע, היות אַלץ קאָן מען נישט אויפזאַמלען, מוז אויפגעזאַמלט און פאַרפיקסירט ווערן נאָר דאָס סאַמע עיקרדיקסטע. אַלץ איבעריקע, הגם געַנוג וואָגיק און אינטערעסאַנט פאַר אַן אויסשעפּיקער דעטאַליזירטער מאָנאָגראַפיע, און הגם עס איז קלאָר אַז דאָס אויסגעלאָזטע וועט שוין אפשר קיין מאָל מער נישט פאַרפיקסירט ווערן, מוז אַרויספאַלן. דאָס דיקטירט אונדז דאָס אָפּטמאָל אומברחמנות־דיקע געזעץ פון יעדער אויפזאַמל־אַרבעט. דאָס האָט שוין מער ווי איין מאָל געטראָפן אין אונדזער געשיכטע.

## וועגן חורבן־פֿאָרשונג

בנוגע דער פֿאָרשונג פֿון דער חורבן־תּקופֿה עקסיסטירן ביים ברייטן עולם, בפֿרט ביי די, וואָס האָבן אַדורכגעמאַכט די דאָזיקע שבֿעה מדורי גיהנום, צוויי איינשטעלונגען. איינע אַן אַגנאָסטישע, די צווייטע אַ מאָראַ־ ליזירנדיקע. די אָנהענגער פֿון דעם אַגנאָסטישן צוגאַנג האַלטן, אַז די וואָס זענען דאָרטן נישט געווען קאָנען בכלל נישט פֿאַרשטיין די דאָזיקע תּקופֿה מיט אירע תּהומיקע גרוילן, אַז נאָר דער וואָס האָט דאָס אַלץ מיטגעמאַכט איז מסוגל צו באַנעמען דאָס וואָס איז דאָרט געשען.

אייניקע גייען נאָך ווייטער און מיינען אַז די דאָזיקע „צייט אָן ביי־ שפּיל" לאָזט זיך בכלל נישט פֿאָרשן מיט די ביז־איצטיקע אָנגענומענע מעטאָדן פֿון היסטאָרישער פֿאָרשונג, אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַזאַ מיסטעריעזן און טונקעלן X וואָס לאָזט זיך נישט באַנעמען מיטן מענטש־ לעכן געדאַנק, און פֿאַר וועלכן עס פֿעלן ווערטער אין דער מענטשלעכער שפּראַך.

די אָנהענגער פֿון דעם צווייטן צוגאַנג, דעם מאָראַליזירנדיקן האַלטן, „אַז די וואָס זענען אין טרעבלינקע נישט געווען" האָבן נישט קיין רעכט אַרויסצוזאָגן מיינונגען און אָפּשאַצונגען וועגן דעם וואָס איז געשען אין די דאָזיקע גרויליקע יאָרן אין די געטאָס און לאַגערן.

און ווי אָפֿט, באַנוצט מען זיך מיט אַ גרייטן און באַקאַנטן פּסוק: „אל תּדין את חבֿרך עד שתּגיע למקומו". עס איז פֿאַראַן אַ גרויסע ענלעכקייט אין דער אַרגומענטאַציע צווישן די דאָזיקע ביידע איינשטעלונגען, וואָס דער צד השווה זייערער איז די מסקנא, אַז אייגנטלעך איז פֿאָרשונג פֿון דער חורבן־תּקופֿה, ווי אַן אָביעקטיווע היסטאָרישע פֿאָרשונג, גאָר נישט מעג־ לעך.

פּסיכאָלאָגיש זענען די דאָזיקע ביידע דערמאָנטע איינשטעלונגען, בפֿרט ביי די על־פּי־נס געראַטעוועטע, נאַטירלעך און פֿאַרשטענדלעך. דער

דאָזיקער אײן און אײנציקער, און אין אונדזער ביז־איצטיקער געשיכט־לעכער דערפאַרונג אומבאַקאַנטער פענאָמען פון פעלקער־מאָרד — די קאַלט־אויסגערעכנטע, מיט פּרעמעדיטאַציע אַדורכגעפירטע, גזלניש־אויסקאַלקו־לירטע פאַרטיליקונג פון מיליאָנען מענטשן; די אויסטערלישע אכזריות, פּערפידיע און סאַדיזם, מיט װעלכע דאָס איז אַדורכגעפירט געװאָרן; די ביז צום װאָרצל גרײכנדיקע פּראָצעסן פון דעהומאַניזאַציע בײ דעם רוצח און טײלװײז אויך בײ דעם קרבן; די דערשיטערנדיקע צעטרײס־לונג פון אַלע ביז דער צײט אײנגעשטעלטע נאָרמעס פון צװישן־מענטש־לעכע באַציִונגען; מיט אײן װאָרט: די אַנדערשקײט פון דער דאָזיקער תקופה אין פאַרגלײך מיט אַנדערע קאַטאַסטראָפאַלע תקופות אין דער ייִדישער געשיכטע, איז עלול אַרויסצורופן אַזעלכע אײנשטעלונגען װעגן װעלכע איך האָב אויבן דערמאָנט.

אָבער דאָס הײסט נישט, אַז די דאָזיקע אײנשטעלונגען זײנען אָביעק־טיװ ריכטיקע. די נאַצי־תקופה איז טאַקע אַנדערש, אָבער נישט טאָטאַל איכותדיק אַנדערש װי אַנדערע גרויסע קאַטאַסטראָפעס אין דער מענטש־לעכער געשיכטע, װאָס די געשיכטע־װיסנשאַפט האָט געפאָרשט און פאָרשט װײטער.

די נאַצי־תקופה שטעלט נאָר דעם פאָרשער אָן אַן ערך שװערערע אויפגאַבעס: אַ פײנלעכע, אחריותפולע אָפּגעהיטקײט בײם פעסטשטעלן און קאָנטראָלירן פאַקטן; אַ טיפערע, ביז אידענטיפיקאַציע, אינטימקײט מיט דעם פאָרש־אָביעקט, װאָס אין אונדזער פאַל זײנען דאָס מענטשן אין אַ תהום פון אויסטערלישע פּײן און לײדן; אַ טיפער־גרײכנדיקע קענטעניש פון דער פּסיכיק פון יחידים און גרופּעס אין עקסטרעמע לעבנס־סיטואַ־ציעס אאַז״װ. אָבער די עיקרדיקע אויפגאַבע פון יעטװעדער היסטאָרישער פאָרשונג װאָס איז, לויט דער קלאַסישער פאָרמולע פון ראַנקען, פעסטצו־שטעלן „װי איז עס אײגנטלעך געװען״, קאָן אויך אין אַ גרויסער מאָס דערגרײכט װערן װאָס שײך דער חורבן־פאָרשונג.

נאָך מער — קײן שום ייִדישע נאַציאָנאַלע קאַטאַסטראָפע האָט נישט איבערגעלאָזט אַזאַ אין כמות רײכע דאָקומענטאַציע, װי דער לעצטער חורבן אונדזערער. אויף איבערצולײענען אַלץ װאָס איז פון און װעגן דער היט־

לער־צייט אָנגעשריבן געוואָרן קלעקט שוין היינט נישט קיין מענטשלעך לעבן.

עס וועט נישט זיין קיין גוזמא צו זאָגן, אַז די געשיכטע פון לאָדזשער געטאָ, למשל, קאָן מען שרייבן לויט אַ כראָניקאַלישן מעטאָד, טאָג נאָך טאָג, במשך פון מער ווי 4 יאָר. דאָס זעלביקע איז אין אַ גרויסער מאָס אויך שייך צום וואַרשעווער געטאָ. די היסטאָרישע פאַקטן לאָזן זיך אין זייער איבערוויעגנדיקן רוב בלי־ספק פעסטשטעלן, הגם אין אַ סך פאַלן איז די ידיעה וועגן פאַקט פאַרשווונדן צוזאַמען מיטן עדות און קרבן. מיט דעם האָט דער פאָרשער דערגרייכט זיין עיקרדיקן ציל. פון זיי, פון די פאַקטן, וועלן שוין די מסקנות ממילא אַרויסדרינגען.

די היסטאָרישע ליטעראַטור פון דער חורבן־תקופה וואָס האָט זיך אומגעהייער צעוואַקסן אין כמות, ליידט אָבער פון אַ קאָנטיקער איינזייטיקייט. אין כמעט אַלע ביז איצט דערשינענע מעמואַרן, זאַמלונגען פון דאָקומענטן און גבית־עדות, פאָרש־אַרבעטן זענען בעיקר אַרויסגעהויבן געוואָרן צוויי אַספּעקטן פון דער קאַטאַסטראָפע — מאַרטיראָלאָגיע און ווידערשטאַנד. דאָס איז מכמה טעמים פאַרשטענדלעך. פון איין זייט, האָט ביי די על־פּי־נס ניצול־געוואָרענע זיך געריסן צום אויסדרוק די עמאָציאָנעלע באַדערפעניש צו דערציילן וועגן זייערע אוממענטשלעכע פּערזענלעכע יסורים און וועגן דעם ליידנס־וועג פון זייערע ברידער און שוועסטער אין די געטאָס און לאַגערן, וואָס איז גלייכצייטיק געווען אַן אויסגעשריִענער באַשולדיקונגס־אַקט קעגן די נאַצישע רוצחים. פון דער אַנדערער זייט, האָבן די אומגעשטילטע נקמה־געפילן לגבי דעם פאַרהאַסטן שונא געפונען אַ פּסיכישן תיקון און באַפרידיקונג אין די דערציילונגען און שילדערונגען וועגן אַקטן פון ווידערשטאַנד און פיזישער גבורה, וואָס יחידים, אָדער גרופּעס האָבן אויסגעפירט קעגן דעם נאַצישן צורר. עס האָט אין זיי אויך געשטעקט אַ באַוווסטזיניקער אָדער פאַרבאָרגענער דראַנג אָפּצולייקענען דעם פאָרוואורף פון פרעמדע און אייגענע וועגן „לאָזן זיך פירן ווי שאָף צו דער שחיטה".

אַזוי זעט עס אויס אין דער ייִדישער חורבן־ליטעראַטור. אין דער נישט־ייִדישער היסטאָרישער ליטעראַטור וועגן דער היטלער־תקופה ווערט בעיקר

דערציילט וועגן איין צד פון דער טראַגעדיע — דעם נאַצישן צד, און אין די ווינציקע ווערק, וואָס זייער טעמע איז אונדזער נאַציאָנאַלע קאַטאַס־טראָפע, ווערן געבראַכט דייטשע דאָקומענטן וועגן „אַקציעס״, „אויסזידלונ־גען״, מאַסן־רציחות אין די אומקום־לאַגערן אאַז״וו.

דער יידישער צד פון דער טראַגעדיע קומט צום אויסדרוק על פי רוב נאָר ווי דער פּאַסיווער קרבן־אָביעקט פון די נאַצישע רציחות.

עס איז שוין אָבער די העכסטע צייט, אַז אונדזער חורבן־פאָרשונג זאָל אָפּווענדן איר אויפמערקזאַמקייט פון דעם נאַצישן צד, וואָס זיינע שאַנד־טאַטן און מערדערייען זענען שוין גענוג דאָקומענטירט, און עפּעס נייעס איז שוין נאָך נירנבערג און אייכמאַן־פּראָצעס שווער מוסיף צו זיין, און ווענדן איר אינטערעס צו דעם יידישן צד, צו זיין לעבן ביזן אומקום.

אומקום איז געווען דער לעצטער טראַגישער עטאַפּ פון געטאָ און לאַגער, וואָס ביז אים האָט זיך געצויגן אָפט אַ גענוג לאַנגער פּעריאָד (צייט דאַרף אין דעם פאַל געמאָסטן ווערן נישט קאַלענדאַריש, נאָר לויט דעם קאָפּשווינדלערישן טעמפּאָ פון די געשעענישן און זייער דינאַמישער אָנ־געלאָדנקייט) פון גרויל פאַרן פיזישן און גייסטיקן קיום.

מיר זענען בלוטיק פאַראינטערעסירט צו וויסן, ווי אַזוי האָבן יידן געלעבט ביז זייער אומקום. צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פון דער מענטשלעכער ציוויליזאַציע איז אויפן גורל פון אַ פאָלק אויסגעפאַלן צו לעבן במשך פון אַ פּאָר יאָר אין שאָטן פון טויט. לײדער וויסן מיר זייער ווייניק וועגן דעם. דער טויט האָט אַזוי ענדגילטיק פאַרשלונגען דאָס לעבן, אַז פון דעם לעצטן איז כמעט קיין שפור נישט פאַרבליבן.

מיר וויסן עד־היום איבעראַשנדיק ווייניק וועגן דעם טאָג־איין טאָג־אויס גרויל פון די געטאָס פאַר זייער פיזישער און גייסטיקער עקסיס־טענץ; וועגן די טיף־גרייכנדיקע ענדערונגען אין דער פיזישער און פּסי־כישער געשטאַלט פון דעם געטאָ־ייד; וואָס פאַר אַ פאָרמען האָט אָנגענו־מען דאָס דאָזיקע לעבן אין די עקסטרעמסטע באַדינגונגען פון מענטשלעכער עקסיסטענץ, וואָס זענען אָן פּרעצעדענס אין דער געשיכטע פון דער מענטש־הייט. מיר האָבן זיך ביז איצט ווייניק מיט דעם אינטערעסירט, דעריבער האָבן מיר נישט קיין ענטפער אויף אַזעלכע, למשל, פראַגן: וואָס פאַר אַ

שינויים זענען פאָרגעקומען אין דער דעמאָגראַפישער סטרוקטור פון דער געטאָ־באַפעלקערונג און דערפירט אין אַ צאָל געטאָס צו דער כמעט פול־שטענדיקער דעזאינטעגראַציע פון דעם משפחה־לעבן; אָדער פון וואָס און ווי אַזוי האָבן זיך ייִדן דאָך מפרנס געווען, אויסגעהאַלטן דעם ביישפּיל־לאָזן עקאָנאָמישן דרוק און געווען ביכולת צו פאַרלענגערן זייער לעבן אויף אַ פיל לענגערן פּעריאָד, ווי עס איז געווען פאָרויסגעזען אין דער נאַצי־שער סטראַטעגיע פון אויסראָטונג דורך הונגער און מגיפות, און זיי „גע־צוווּנגען" איבערצוגיין צו דער סטראַטעגיע פון „דירעקטער אַקציע"? אָדער ווי אַזוי האָט אויסגעזען דאָס סאָציאַלע, פּאָליטישע, קולטורעלע, רעליגיעזע לעבן אין די געטאָס אאַז"וו.

ענטפערן אויף די דאָזיקע פראַגן קאָנען נאָר אויספירלעכע מאָנאָ־גראַפישע און שפּעטער סינטעטישע פאָרשונגען, וואָס וועלן אַריינדרינגען אין די אינעווייניקסטע, אָפט תהומיקע טיפענישן פון דעם ייִדישן לעבן אונטער די נאַציס.

# דאָס פּאָליטישע לעבן אין די געטאָס

I

פון אַלע געביטן פון געטאָ־לעבן איז ביז איצט אַמווינציקסטן באַקאַנט און געפאָרשט געוואָרן דאָס געביט פון פּאָליטישן לעבן, וואָס האָט זיך אין אַן אומלעגאַלער פאָרעם בלי־ספק מאַניפעסטירט אין אַ צאָל גרויסע און קלענערע געטאָס.

דאָס פּראָבלעם פון פּאָליטישן לעבן אין די געטאָס איז אין אונדזער נאָך־מלחמהדיקער היסטאָריאָגראַפיע צוגעשפּיצט געוואָרן צו דער פראַגע וואָס פאַר אַ פּאָליטישע גרופּירונגען האָבן דאָמינירט אין דעם וואַרשעווער אָדער ביאַליסטאָקער געטאָ־אויפשטאַנד. דערביי איז די דאָזיקע פראַגע באַהאַנדלט געוואָרן אויף אַן אופן וואָס איז מער פּובליציסטיש ווי אָביעקטיוו־וויסנשאַפטלעך. אָבער דאָס פּראָבלעם איז אַ סך ברייטער. די אויפשטאַנדן אין די געטאָס זענען נישט אויסגעבראָכן אין קיין פּוסטן חלל. זיי זענען בהדרגה אויסגעוואַקסן און רייף געוואָרן אויף אַ באָדן, אויף וועלכן די קערנער פון מרידה זענען פאַרזייט געוואָרן אַ לענגערע צייט פאַר זייער אויסברוך דורך פּאָליטישע גרופּירונגען, וואָס זענען געווען טעטיק אין געטאָ.

אָבער וועגן דער דאָזיקער טעטיקייט ווייסן מיר זייער ווייניק. די סיבה איז פאַרשטענדלעך. צוליב טעמים פון שטרענגער קאָנספּיראַציע האָט די אומלעגאַלע פּאָליטישע טעטיקייט נישט געטאָרט שריפטלעך פאַרפיקסירט ווערן. מען דאַרף דעריבער אָננעמען אַז דער רוב פאַקטן פון דעם מין איז פאַרלוירן געגאַנגען צוזאַמען מיט די קרבנות, וואָס האָבן זיך אין זיי באַטייליקט, און אַזוי אַרום זענען זיי געגאַנגען לאיבוד פאַר דער היסטאָרישער פאָרשונג. דער פּאָליטישער אַקטיוו אין די געטאָס, בפרט פון די אַרבעטער־פּאַרטייען, האָט געגעבן לפי־ערך די גרעסטע צאָל קרבנות און איז געווען

דער ערשטער קעגן וועמען דער געשטאַפּאָ־טעראָר האָט אַמבולטסטן גע־בושעוועט. דאָס פּאָליטישע לעבן אין די געטאָס איז דעריבער פאַרבליבן אַ קאַפּיטל וואָס איז כמעט אוממעגלעך צו רעקאָנסטרויִרן אין זיין גאַנצ־קייט אויפן סמך פון נאָכמלחמהדיקע רעלאַציעס פון ניצול־געוואָרענע, ווי דאָס איז געווען מעגלעך לגבי אַנדערע אַספּעקטן פון געטאָ־לעבן.

מיר קענען דעריבער נישט געבן קיין אויסשעפּיקן ענטפער אויף אַזאַ פראַגע, למשל, ווי ווייט פאַרשפּרייט אין די געטאָס איז געווען דאָס אומלע־גאַלע הערן און פאַרשפּרייטן ראַדיאָ־ידיעות אויפגענומען פון פאַרקאָנספי־רירטע ראַדיאָ־אָפּנעמער?

מיר האָבן וועגן דעם ידיעות נאָר פון אַ צאָל גרויסע געטאָס, ווי וואַר־שע, לאָדזש, ווילנע, ביאַליסטאָק, לעמבערג. אָבער מיר ווייסן אַז אויך אין קלענערע געטאָס, ווי למשל אין ביאַלע פּאָדלאַסק פלעגט מען דורך באַהאַל־טענע ראַדיאָ־אַפּאַראַטן אויפכאַפּן ידיעות פון אַלייִרטע ראַדיאָסטאַציעס. אָדער, ווי ווייט פאַרשפּרייט זענען געווען אין די געטאָס די אומלעגאַלע צייטשריפטן (אויך פלוג־בלעטלעך), כמו־פּעריאָדישע, אָדער איינמאָליקע אויסגאַבעס, געדרוקטע, העקטאָגראַפירטע, אָדער געשריבענע, פון אייגע־נער פּראָדוקציע, אָדער אַריינגעשמוגלטע דורך עמיסאַרן פון די שייכדיקע צענטראַל־קאָמיטעטן אין די גרויסע צענטערן?

אָדער, אין וואָס פאַרע אַ פאָרעם און מיט וואָס פאַרע אַ מאָס פון דער־פאָלג האָבן די רעשטלעך פון די פּאָליטישע פאַרטייען אין די געטאָס זיך געראַנגלט מיטן אומרחמנותדיקן געשטאַפּאָ־טעראָר. אָדער וועגן די צווישן־פאַרטייִישע באַציִונגען אין די געטאָס, און מכוח באַציִונגען מיט די אומלע־גאַלע פּאָליטישע באַוועגונגען פון דער קריסטלעכער סביבה?

די און ענלעכע פראַגן, וואָס זענען נוגע דעם פּאָליטישן לעבן אין די געטאָס, וואַרטן נאָך אויף זייער גרינטלעכער אויספאָרשונג, וואָס איז מחמת דעם דוחק אין געשריבענע און מינדלעכע מקורים מעטאָדאָלאָגיש זייער באַשווערט.

אין דעם דאָזיקן קאַפּיטל פּרוּוון מיר צו סקיצירן אַ בהכרח פראַגמענ־טאַריש בילד וועגן די פּאָליטישע פאַרהעלטענישן אין די געטאָס, אויף

וויפל זיי געפינען זייער קאַרגע אָפּשפּיגלונג אין די מקורים, געדרוקטע און אַרכיוואַלע.

***

ביים שילדערן די פּאָליטישע פאַרהעלטענישן אין די געטאָס מוז מען נעמען אין אַכט די וויטערדיקע מאָמענטן:

1. דער אַלטער פּאָליטישער אַקטיוו איז אין זיין גרעסטער מערהייט פאַרשוווּנדן. פילנדיק זיך באַדראָט מצד דער אָנקומענדיקער דייטשער אַר־מיי, איז ער אין דער ערשטער ריי אַנטלאָפן באַלד אין די ערשטע טעג פון מלחמה־אויסברוך אין דער ריכטונג קיין מזרח, און נאָך דעם 17טן סעפּ־טעמבער זיך שוין געפונען אויף דער טייל פון דער פּוילישער טעריטאָריע, וואָס איז אָקופּירט געוואָרן פון דער רויטער אַרמיי אויפן סמך פונעם ריי־בענטראָפּ־מאָלאָטאָוו אָפּמאַך. זייער ווייניק פון זיי זענען צוריקגעקומען. אַ טייל איז אַרעסטירט געוואָרן דורך דער סאָוועטן־מאַכט, בפרט טוער פון די אַרבעטער־פּאַרטייען. אַ געוויסן טייל האָט זיך איינגעגעבן אויף אַ לע־גאַלן וועג אַרויסצופאָרן קיין אויסלאַנד דורך מערב־וועגן (איטאַליע, שפּאַ־ניע) אָדער דורך מזרח־וועגן (ראַטנפאַרבאַנד, ווייטער מזרח).

2. באַלד אין די ערשטע וואָכן פון דער אָקופּאַציע האָט די געשטאַ־פּאָ אַרעסטירט באַקאַנטע פּאָליטישע טוער סיי פון דער פּוילישער, סיי פון דער יידישער באַפעלקערונג. דער רוב זייערער איז פאַרשיקט געוואָרן אין קאָנצענטראַציע־לאַגערן אָדער אַפילו תיכף דערמאָרדעט געוואָרן. דאָס האָט געהאַט אַן אָרט אין לאָדזש, ראָדעם, טשענסטאָכאָוו, קעלץ, פּיעטריקאָוו, וולאָצלאַוועק און פיל אַנדערע שטעט.

3. פון דעם טייל פּאָליטישן אַקטיוו וואָס איז פאַרבליבן אויף די ער־טער און געבליבן פאַרשוינט פון די רעפּרעסיעס האָבן נישט אַלע געוואָלט און זיך געקענט צופּאַסן צו די ראַדיקאַל־געענדערטע באַדינגונגען פון פּאָ־ליטישער קאָנספּיראַציע. מחמת מורא פאַר רעפּרעסיעס קעגן געוויזענע פּאָליטישע טוער האָט זיך אַ טייל צוריקגעצויגן פון פּאָליטישן לעבן, זיך אויסבאַהאַלטן אויף פרעמדע נעמען, אָדער אַנטלאָפן אין גרויסע צענטערן.

4. טעראָר־אַקציעס קעגן פאַרבליבענע פּאָליטישע טוער, בפרט פון צווישן די אַרבעטער־פּאַרטייען, זענען אָנגעגאַנגען אויך שפּעטער נאָכן אַנטשטיין פון די געטאָס.

5. אין געזעלשאַפטלעכן לעבן אין די יידישע קיבוצים אונטער דייטשער אָקופּאַציע האָט זיך דעריבער בדרך־כלל אַרויסגערוקט אַ נייער, יינגערער געזעלשאַפטלעכער אַקטיוו, וואָס האָט זיך בעיקר רעקרוטירט פון די יוגנט־באַוועגונגען פון די שייכותדיקע פּאָליטישע ריכטונגען. דער דאָזיקער יונגער עלעמענט איז געווען מער צוגעפּאַסט צו פּאָליטישער טעטיקייט אין באַדינגונגען פון אומלעגאַלער קאָנספּיראַציע. ער איז געווען קעמפערישער, מער איינשטעלעריש און איז ווייניקער געווען געבונדן מיט אַמאָליקע פאָרמען און טראַדיציעס פון פּאָליטישער טעטיקייט פון פאַר דער מלחמה. נישט געבונדן על־פּי־רוב דורך משפּחה־באַנדן האָט ער אין דרייסטע און ריזיקאַלע נסיעות געוואַגט איינצושטעלן פאַרבינדונגען צווישן די פולשטענדיק איזאָלירטע געטאָס, זאַמלען ידיעות, פאַרשפּרייטן די אומלעגאַלע צייטשריפטן, שמוגלען געווער, אאַז״וו. „נאָר אונדזערע מענטשן פלעגן אַרויס און אַריינגיין [אין די געטאָס], פלעגן אַדורכקריכן מויערן און קלעטערן איבער שטעכיקע דראָטן״, האָט פאַרנאָטירט אין זיינע טאָגנאָטיצן אַ פירער פון דער ציוניסטישער יוגנט־באַוועגונג — דרור, מרדכי טענענבוים־טאַמאַראָף. דאָס זעלבע קען מען זאָגן וועגן אַנדערע פּאָליטישע ריכטונגען. פון דעם דאָזיקן יונגן עלעמענט האָט זיך רעקרוטירט דער אַקטיוו פון דער אונטערערדישער באַוועגונג און די קעמפער אין אויפשטאַנדן אין געטאָס און לאַגערן.

6. אין כמעט אַלע פּאָליטישע ריכטונגען, וואָס זענען געווען טעטיק אין די געטאָס האָבן זיך אַרויסגערוקט נייע מענטשן, ווייניק באַקאַנטע פיגורן, פון צווייטן און דריטן, אַזוי צו זאָגן, געזעלשאַפטלעכן קאַליבער. אין די געטאָס זענען במשך פון די מלחמה־יאָרן אויפגעוואַקסן און רייף געוואָרן יונגע פּאָליטישע טוערס, וואָס זענען אין מאָמענט פון מלחמה־אויסברוך נאָך געווען אין יוגנטלעכן עלטער, געזעסן נאָך אויף די שול־בענק און אָנגעהערט על־פּי־רוב צום יוגנט־אַקטיוו פון די שייכדיקע פּאַרטייען.

אונטער די דערשיטערנדיקע קלעפּ פון די ערשטע אָקופּאַציע־חדשים האָט דער איבערגעבליבענער פּאַרטיי־שער אַקטיוו געטראַכט קודם־כל וועגן אויפהאַלטן די שיטער־געוואָרענע פּאַרטיי־קאַדרען. זייער טעטיקייט האָט זיך באַגרענעצט צו העלפן די אַרונטערגעקומענע חברים, זאָרגן וועגן זייער מאַטעריעלן מצב, צו אינטערווענצן אין די ייִדנראַטן, ווו זיי האָבן געהאַט השפּעה, לטובת זיי, ווי אויך אײַנצוהאַלטן אַ קאָנטאַקט מיט די שײַכדיקע צענטראַלע אינסטאַנצן אין דער הויפּטשטאָט. פון פאַנדן, געזאַמלטע צווישן חברים, באַקומענע פון די ייִדנראַטן אָדער פון זייערע צענטראַלעס, זענען געגרינדעט געוואָרן ביליקע קיכן, וואָס האָבן באַדינט בעיקר די פּאַרטיי־מיטגלידערשאַפט. די דאָזיקע קיכן האָבן אָפט געדינט פאַר קאָנספּיראַטיווע טרעף־פּונקטן און פאַר פאַרמאַסקירטער פּאָליטישער און קולטורעלער טעטיקייט (וואַרשע, לאָדזש, ווילנע א״אַ).

די פאַרבינדונגען מיט די צענטראַל־קאָמיטעטן אין דער הויפּטשטאָט זענען מחמת די דראַקאָנישע באַגרענעצונגען פון באַוועגונג בנוגע דער ייִדישער באַפעלקערונג געווען זייער באַשווערט און זענען אויפגעהאַלטן געוואָרן אַדאַנק מסירות־נפש און געוואַגטקייט פון ס׳רוב יוגנטלעכע פאַרבינדלער. די קאָנטאַקטן זענען אָנגעהאַלטן געוואָרן אויך אַדאַנק שליחים פון „דזשאָינט" וואָס האָבן זיך געקענט פרייער באַוועגן אַזוי לאַנג ווי דער „דזשאָינט" האָט געפירט לעגאַל זײַן טעטיקייט (ביז דעצעמבער 1941).

איינע פון די פּריסטע און גלײַכצײַטיק קאָמפּליצירטסטע פּראָבלעמען, וואָס די פּאָליטישע ריכטונגען אין די געטאָס האָבן געהאַט צו פאַרענטפערן איז געווען די שטעלונג צו די „יודען־ און עלטעסטנראַטן", וואָס די אָקופּאַציע־מאַכט האָט אָנגעהויבן אָרגאַניזירן אין די האַרבסט־חדשים פון 1939. עס האָט זיך פאַר זיי אין איר גאַנצער שאַרפקייט אַוועקגעשטעלט די פראַגע פון מיטאַרבעט אין דער פאָרעם פון באַטייליקן זיך אין דער אַרבעט פון די ייִדנראַטן, אָדער פאַרקערט, זיך שטעלן צו זיי אין אָפּאָזיציע. די דאָזיקע פראַגע איז, אָפּהענגיק פון לאָקאַלע באַדינגונגען, פאַרענטפערט געוואָרן פאַרשיידן, אויף אַ פּאָזיטיוון אָדער נעגאַטיוון אופן מיט ניואַנסן אין דער ערשטער אָדער צווייטער ריכטונג. קיין שייד־ליניע אין דער שטעלונג צו דעם דאָזיקן פּראָבלעם לויט פּאָליטישע ריכטונגען לאָזט זיך בשום

אופן נישט אַדורכפירן. מיר טרעפן אין די יידנראַטן פאָרשטייער פון כמעט אַלע פאַרטייען וואָס האָבן עקסיסטירט אויף דער יידישער גאַס ביז 1939 (מיטן אויסנאַם אפשר פון די קאָמוניסטן).

נאַטירלעך, זענען נישט אומעטום אַלע פאָליטישע ריכטונגען געווען פאַרטראָטן אין די ראַטן. די יידנראַטן זענען נישט צונויפגעשטעלט געוואָרן לויט אַ פאַרטייאישן שליסל, נאָר לויט גאַנץ אַנדערע קריטעריעס. עס איז אָבער קלאָר, אַז תחילת, ווען די ראַטן זענען על־פּי־רוב צונויפגעשטעלט געוואָרן פון געוועזענע קהילה־פּרנסים און געזעלשאַפטלעכע עסקנים, דאָרטן, ווו זיי זענען פאַרבליבן אויף די ערטער, האָט זייער פערזאָנען־צוזאַמענשטעל אָפּגעשפּיגלט אין אַ גרעסערער אָדער קלענערער מאָס דאָס פאַרמלחמהדיקע פאָליטישע בילד פון די קהילה־אָרגאַנען. די פּראַקטיק פון צונויפשטעלן די יידנראַטן איז נישט געווען אומעטום די זעלבע און וויַיזט אַרויס גרויסע לאָקאַלע אונטערשיידן. אין אַ גאַנצער ריי געטאָס האָט די אויפזיכט־מאַכט אויף איין פערזאָן, אָדער אַ קליינער גרופּע געוועזענע קהילה־מיטגלידער, אַרויפגעלייגט דעם חוב צונויפצושטעלן אַ רשימה פון קאַנדידאַטן (וואַרשע, לאָדזש, טשענסטאָכאָוו, א״אַ), אין אַנדערע פאַלן, בפרט אין די קלענערע געטאָס איז דער גאַנצער ראַט נאָמינירט געוואָרן דורך דער מאַכט. דאָרט ווו די יידישע באַפעלקערונג האָט געהאַט אַ קלענערע אָדער גרעסערע איניציאַטיוו ביים צוזאַמענשטעלן דעם יידנראַט — אין טשענסטאָכאָוו איז דער ראַט פאָרמעל „אויסגעוויילט״ געוואָרן דורך אַ קליינער צאָל צונויפגערופענע יידן — איז דער פערזאָנען־באַשטאַנד פון די ראַטן געווען פאָליטיש אַ מער קאָליריקער און פלעגט מער־וויניקער אָפּשפּיגלען די פאָליטיש־פאַרטייאישע פאַרהעלטענישן אין געגעבענעם ישוב (דער ערשטער לאָדזשער עלטעסטנראַט, וואַרשע, טשענסטאָכאָוו, פּיעטריקאָוו, ביאַליסטאָק א״אַ גרעסערע געטאָס). מען דאַרף אָבער באַמערקן, אַז דער פערזאָנען־צוזאַמענשטעל פון די ראַטן איז געווען, מחמת טעמים, וואָס וועגן זיי קענען מיר זיך דאָ אין קיין פּרטים נישט אַריינלאָזן, זייער אַ פליסיקער. ראַט־מיטגלידער פלעגן אַליין רעזיגנירן (דאָרט ווו דאָס איז געווען מעגלעך, ד״ה ווען עס האָט דערפאַר נישט געדראָט קיין רעפּרעסיעס מצד דער געשטאַפּאָ), אַנטלויפן אין אַנדערע געטאָס, אָדער באַזייטיקט ווערן פון דער

אויפֿזיכטמאַכט, ממילא פֿלעגט זיך אין די ראַטן אויך ענדערן די פּאַרטייען־פּאַרטרעטערשאַפֿט, און אַפֿילו אינגאַנצן עלימינירט ווערן.

אין ליכט פֿון די ביז איצט באַקאַנטע פֿאַקטן קען מען פֿעסטשטעלן, אַז בדרך־כלל זענען די בירגערלעכע פּאַרטייען (אַגודה, אַלגעמיינע ציוניסטן, רעוויזיאָניסטן, מזרחי) געווען נומעריש לפֿי־ערך מער רעפּרעזענטירט אין די ראַטן, ווי די אַרבעטער־פּאַרטייען („בונד", רעכטע און לינקע פּועלי־ציון). דאָס לאָזט זיך פֿון איין זייט דערקלערן מיטן פֿאַקט, וואָס אויך אין די פֿאַרמלחמהדיקע קהילה־אָרגאַנען זענען די דערמאָנטע בירגערלעכע פּאַרטייען געווען בדרך־כלל פֿיל שטאַרקער פֿאַרטראָטן ווי די אַרבעטער־גרופּירונגען. פֿון דער אַנדערער זייט האָט אויף אַזאַ פּאַרטייִשע קאָנסטעלאַציע פֿון די ראַטן משפּיע געווען דער מאָמענט פֿון גרעסערער געפֿאַר, וואָס האָט געדראָט טוער פֿון די אַרבעטער־פּאַרטייען מצד דער געשטאַפּאָ, בפּרט נאָכן אויסברוך פֿון דער סאָוועטיש־דייטשער מלחמה. אין פֿיל געטאָס זענען די ראַטן באַשטאַנען אויסשליסלעך פֿון פֿאָרשטייער פֿון די ייִדישע בירגערלעכע פּאַרטייען. די געשטאַפּאָ, וואָס האָט כּמעט אומעטום געהאַט קאָנפֿידענציעלע רשימות פֿון לאָקאַלע געזעלשאַפֿטלעך־פּאָליטישע עסקנים, האָט נאַטירלעך נישט נאָמינירט און נישט באַשטעטיקט קיין פֿאָרשטייער פֿון מאַרקסיסטישע פּאַרטייען אין די ראַטן, אויב זי האָט דערביי נישט געהאַט קיין פּראָוואָקאַטאָרישע כּוונות. געווען אויך נישט ווייניק ייִדנראַטן וואָס זייַנע נאָמינירטע מיטגלידער האָבן זיך בכלל רעקרוטירט נישט פֿון פּאַרטייִשע קרייזן נאָר פֿון אומפּאַרטייִשע עסקנים און כּלי־קודש.

אין אַ צאָל געטאָס האָבן געוויסע פּאָליטישע ריכטונגען (בעיקר „בונד" און לינקע פּועלי־ציון) אין אַ שפּעטערדיקן פּעריאָד, ווען עס איז קלאָר געוואָרן פֿאַר זיי דער בהכרח קאָלאַבאָראַציאָניסטישער כאַראַקטער פֿון די ראַטן, פֿאַרנומען אַ פּרינציפּיעל־אָפּאָזיציאָנעלע שטעלונג צו די אָרטיקע ייִדנראַטן און זיך אין זיי נישט באַטייליקט (וואַרשע, לאָדזש, טשענסטאָכאָוו).

נאַטירלעך זענען אויך אין די ראַטן, דאָרט ווו זייער צוזאַמענשטעל איז צושטאַנד געקומען מער אויף אַ געזעלשאַפֿטלעכן ווי אויף אַ פּערזענלעכן יסוד, געקומען צום אויסדרוק, ווי אין די פֿאַרמלחמהדיקע קהילה־אָרגאַנען, באַשטימטע אינטערעסן פֿון פֿאַרשיידענע סאָציאַלע שיכטן פֿון

דער ייִדישער באַפעלקערונג, וואָס זענען געווען רעפּרעזענטירט דורך זייערע שייכדיקע פאָרשטייער.

נאָך מער. אין די ראַטן, וואָס זייערע פונקציעס און קאָמפּעטענצן לגבי דער ייִדישער באַפעלקערונג זענען געווען אָן אַן ערך גרעסערע ווי פון די פאַרמלחמהדיקע קהילה־אָרגאַנען (עקאָנאָמישע און יורידישע), און זענען אָפט געווען אין דער לאַגע צו דעצידירן אַפילו וועגן לעבן אָדער טויט פון געגעבענעם יחיד (ווי באַשטימען זיין אַפּראָוויזאַציע־סטאַטוס, אַריינשטעלן אָדער נישט אין די רשימות פון באַשטימטע צו גירושים און דעפּאָרטאַציעס אין די פאַרניכטונגס־לאַגערן) פלעגט דער קאַמף צווישן די פאָרשטייער פון די פאַרשיידענע געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישע גרופּירונגען סיי בנוגע אינער־וויייניקסטע ייִדישע ענינים, סיי אין פראַגן פון טאַקטיק לגבי דער אויפ־זיכט־מאַכט, דערגיין טייל מאָל צו אַ הויכער מדרגה פון אינטענסיווקייט.

II

די פאָרמען פון פּאָליטישן לעבן האָבן זיך, נאַטירלעך, געמוזט צופּאַסן צו די ראַדיקאַל־געענדערטע באַדינגונגען פון אונטערערדישער קאָנספּיראַ־ציע. די מיטגלידערשאַפט, איז פאַרטיילט געוואָרן אין קליינע גרופּקעס („פינפטלעך", „זיבעטלעך") צו וועלכע מען האָט צוגעלאָזט נאָר אויסגע־פּרוווטע, דעם פולסטן צוטרוי פאַרדינענדיקע יחידים. די טרעף־פּונקטן זענען געווען פּריוואַטע דירות פון חברים, אַמאָל דער בית־עולם אָדער אַן אַנדערער „כשרער" פּלאַץ. ווי דערמאָנט פלעגן אויך די פאָלקס־קיכן דינ־נען ווי ערטער פון קאָנספּיראַטיווע צוזאַמענטרעפן. אין גרויסע צענטערס (וואַרשע, קראָקע, ווילנע, ביאַליסטאָק) האָבן אייניקע פּאַרטייען („בונד", פּועלי־ציון, השומר־הצעיר, קאָמוניסטן) געהאַט געהיימע דירות אויף דער „אַרישער" זייט, וואָס זענען געווען באַוווינט דורך חברים, אָדער חברטעס וואָס זענען אָנגעגאַנגען אַלס „אַריער".

אין אייניקע גרויסע געטאָס איז דאָס פּאַרטיי־לעבן געווען אין געוויסע, פרײַע פּעריאָדן גאַנץ אינטענסיוו.

אונטער דער דאַטע פון 7טן מײַ 1942 האָט ע. רינגעלבלום פאַרנאָטירט

וועגן וואַרשעווער געטאָ די וויטערדיקע שורות: „לעגאַלע קאָנספּיראַציע קען מען אָנרופן די תקופה ביז צום באַרימטן פרייטיק 18 אַפּריל [1942].

„אַלע פּאָליטישע פּאַרטייען האָבן געפירט אַ כמעט האַלב־לעגאַלע טעטיקייט. אויסגאַבן האָבן זיך געמערט ווי שוואָמען נאָכן רעגן... עס איז דערגאַנגען דערצו, אַז דער בולעטין פון אַ געוויסער ריכטונג איז אַרויס צוויי מאָל אַ וואָך. דער קאָלפּאָרטאַזש איז געווען בפני כל עם ועדה. מען פלעגט בלעטלעך און קאָמוניקאַטן לייענען אין ביוראָען, וואַרשטאַטן וכדומה. פאַרזאַמלונגען פון פאַרשיידענע פּאַרטייען פלעגן פאָרקומען כמעט אָפן אין געזעלשאַפטלעכע לאָקאַלן. מען פלעגט אַפילו מאַכן גרויסע פייערונגען עפנטלעך. אויף איינער אַזאַ פאַרזאַמלונג האָט אַ רעדנער פאַר אַן עולם פון 50 (?) מענטשן גערעדט וועגן אַקטיוון ווידערשטאַנד. איך האָב בייגעוווינט אַ פייערונג פון 550 יוגנטלעכע פון איין גרופּירונג. מען האָט געוווסט ווער עס זענען די מחברים פון די אַרטיקלען אין די צייטונגען, מען האָט אַפילו צווישן זיך פּאָלעמיזירט און כמעט זיך געזידלט ווי אין די גוטע פאַרמלחמהדיקע יאָרן. עס האָט זיך אַלעמען געדאַכט אַז מען מעג אַלץ... דער עולם האָט געמיינט, אַז די דייטשן אַרט ווייניק, וואָס די ייִדן טראַכטן און טוען. געמיינט האָט מען אַז זיי גייט נאָר וועגן אויסשפּיאָנירן ייִדישע סחורות, געלט, וואַלוטע, גייסטיקע זאַכן זענען זיי נישט אָנגעגאַנגען.״

אין וואַרשעווער געטאָ זענען אין די יאָרן פון 1940 ביז אַפּריל 1943 דערשינען, לויט נישט קאָמפּלעטע ידיעות, קרוב פערציק אומלעגאַלע צייטשריפטן אין ייִדיש, פּויליש און העברעיִש, פון כמעט אַלע פּאָליטישע ריכטונגען. חוץ דעם זענען דערשינען ליטעראַריש־היסטאָרישע אַנטאָלאָגיעס און זאַמלביכער ווי „פּיין און גבורה״, „לידער״, „פּאַריזער קאָמונע״ א״אַ. אַ נישט פולע רשימה בלויז פון בונדישע אויסגאַבעס אין וואַרשעווער געטאָ האַלט 13 פאַרשיידענע טיטלען, וואָס צוזאַמען האָבן זיי באַטראָפן בערך 180,000 מאַשינשריפט זייטן.

אומלעגאַלע אויסגאַבעס פון פאַרשיידענעם כאַראַקטער און פאָרעם, (העקטאָגראַפירט, וואַנט־צייטונגען, אויפרופן און פלוגבלעטלעך) זענען אויך דערשינען אין אַנדערע אַפילו קלענערע געטאָס.

אין טשענסטאָכאָווער געטאָ האָבן די אונטערערדישע טוער, וואָס האָבן

זיך גרופּירט אַרום דעם „טאָז״ אַרויסגעגעבן אַ פּעריאָדישע אומלעגאַלע העקטאָגראַפירטע צייטשריפט אין פּויליש א״נ Rasta (קיצור פון Rada Starszych) מיט אַן אילוסטרירטער אַפּטיילונג (קאַריקאַטורן). „אין דער ׳ראַסטאַ׳ האָט זיך אָפּגעשפּיגלט דאָס לעבן פון די ייִדן אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע, די גרויזאַמע טעטיקייט פון געשטאַפּאָ, שוץ־פּאָליציי און שטאָט־הויפּטמאַנשאַפט, ווי אויך די טרויעריקע ראָל פון ייִדנראַט און פון דער ייִדישער פּאָליציי״. צום קאָלפּאָרטאַזש פון דער „ראַסטאַ״ האָבן אַפילו מיטגעהאָלפן צוויי פּאָליאַקן. ווען עס איז אין טשענסטאָכאָווער אַ״ג קליינעם געטאָ (נאָך דער ליקווידאַציע פון געטאָ אין די חדשים סעפּט׳־אָקט׳ 1942) אַנטשטאַנען אַן איינהייטלעכע קאָמענדאַטור (פאַר אַן עווענטועלן ווידערשטאַנד פון כמעט אַלע פּאָליטישע ריכטונגען), פלעגט זי אַרויסגעבן בולעטינען און אויפרופן. די בולעטינען האָבן אַנטהאַלטן אינפאָרמאַציע־מאַטעריאַל אויפן סמך פון ידיעות אויפגענומענע פון אַ געהיימען ראַדיאָ.

אין לאָדזשער געטאָ פלעגט דערשיינען במשך אַ לענגערן פּעריאָד (אין 1941 יעדע 3־4 וואָכן) אַ מימעאָגראַפירטער און אילוסטרירטער „בולעטין פון בונד״ מיט ראַדיאָ־בייעס און קריטישע נאָטיצן וועגן דער טעטיקייט פון רומקאָווסקיס געטאָ־אַדמיניסטראַציע. חוץ דעם האָט אַן אָרטאָדאָקסישער פאַרמלחמהדיקער זשורנאַליסט אַרויסגעגעבן פון אייגענער איניציאַטיוו במשך קנאַפּע 3 יאָר (דער ערשטער נומער איז פון תשרי ת״ש) אַ געשריבן בלעטל אין העברעיִש א״נ „המספר״ מיט אַ ליטעראַרישער ביילאַגע „מן המצר״, ווו ער פלעגט פאַרצייכענען די כראָניק פון געטאָ־לעבן, שרייבן אַרטיקלען, אַקטועלע געטאָ־לידער, געטאָ־הומאָרעסקעס (אין ייִדיש). ווי ווייט דאָס דאָזיקע בלעטל איז פאַרשפּרייט געוואָרן אין געטאָ איז נישט באַוווּסט.

בעת שטורמישע פּעריאָדן אין געטאָ לעבן, ווי בעת די אויגוסט־דעמאָנסטראַציעס פון 1940 אין לאָדזשער געטאָ, פלעגן די אינעם קאַמף אַנגאַזשירטע פּאָליטישע ריכטונגען אויך אַרויסגעבן געשריבענע אויפרופן און פלוגבלעטלעך.

אין קראָקע האָבן די חלוצישע גרופּעס (השומר־הצעיר, עקיבא, החלוץ א״אַ) אָנגעהויבן אַרויסגעבן אין דער צווייטער העלפט 1942 אַן אומלעגאַל בלעטל א״נ „החלוץ הלוחם״ אין פּויליש (נאָר דאָס קעפּל איז געווען אין

העברעיש) מיט אַ טיראַזש פון 250 עקזעמפּלאַרן, וואָס פלעגן פאַרשפּרייט ווערן אויך אין אַנדערע געטאָס.

אין קאָוונער געטאָ האָט די ציוניסטישע יוגנט אַרויסגעגעבן אַ העקטאָגראַפירט העברעיש בלעטל „הניצוץ", וואָס איז קאָנטינויִרט געוואָרן אַפילו אין לאַגער דאַכאַו־קאָופערינג, וווהין זיי זענען נאָך דער ליקווידאַציע פון געטאָ פאַרשיקט געוואָרן. אין ווילנער געטאָ האָט די „פאַראייניקטע פּאַרטיזאַנער אָרגאַניזאַציע" סיסטעמאַטיש אַרויסגעגעבן בולעטינען מיט ידיעות אויפגענומענע דורכן געהיימען ראַדיאָ־אָפּנעמער.

אַפילו אין אַזאַ קליינעם בערך געטאָ ווי וולאָצלאַוועק האָט דער יוגנט־בונד „צוקונפט" באַוויזן אַרויסצוגעבן 5 נומערן פון אַ העקטאָגראַפירט אומלעגאַל בלעטל אין פּויליש א"נ Wiadomości Rokotowskie (לויטן נאָמען פון דער פאַרשטאָט ראָקטאָטאָוועק, ווו עס איז אַנטשטאַנען דאָס געטאָ פאַר די וולאָצלאַוועקער ייִדן.

אומלעגאַלע אויפרופן וואָס מען פלעגט אויסקלעפּן אויף די מויערן, געשריבענע אָדער העקטאָגראַפירטע, אין וועלכע פאַרשיידענע פּאַרטייִשע גרופּעס און אונטערערדישע קאַמף־אָרגאַניזאַציעס פלעגן נעמען שטעלונג צו אויסערגעוויינטלעכע געשעענישן אין געטאָ, ווי שטרייקן, דעמאָנסטראַציעס קעגן דער ייִדישער געטאָ־אַדמיניסטראַציע, בשעת דייטשע אַקציעס אאז"וו, פלעגן דערשיינען אין פיל געטאָס, חוץ די שוין דערמאָנטע אויך אין וואַרשע, ביאַליסטאָק, ווילנע, טשענסטאָכאָוו, ראָדעם, סאָסנאָווצע א"אַ.

הגם די פאַרשפּרייטונג פון דער אומלעגאַלער פּרעסע איז מחמת פאַרשטענדלעכע טעמים געווען אַ באַגרענעצטע, איז אָבער איר מאָראַליש־פּאָליטישע באַדייטונג געווען זייער אַ גרויסע. זי איז געווען אַ שלאָגנדיקער באַווייז, אַז נישט געקוקט אויף די עקסטרעמעטישע אָפּגעשלאָסנקייט און די אוממענטשלעכע לעבנס־באַדינגונגען, איז דער פּאָליטישער געדאַנק אין די געזעלשאַפטלעך־אַקטיווע קרייזן פון דער ייִדישער באַפעלקערונג נישט אַטראָפירט געוואָרן. זי איז געווען אַ קוואַל פון ריכטיקער, דורך נאַצישער פּראָפּאַגאַנדע נישט געפעלשטער, אינפאָרמאַציע וועגן דער פּאָליטישער און סטראַטעגישער לאַגע אין דער וועלט און געדינט ווי אַ מקור פון דערמונטערונג און אינספּיראַציע.

מיט אומלעגאַלער ליטעראַטור פלעגן די פּראָווינציעלע געטאָס באַ־זאָרגט ווערן דורך די צענטראַל־קאָמיטעטן פון די שייכדיקע פּאַרטייען מיט דער הילף פון קאָנספּיראַטיווע קוריערן, וואָס האָבן זיך רעקרוטירט בעיקר פון פרויען־קוריערקעס. עס פלעגן גאַטירלעך טרעפן דורכפאַלן, וואָס פלעגן נאָך זיך ציִען גרויזאַמע רעפּרעסיעס מצד דער געשטאַפּאָ. איינער אַזאַ דורכפאַל פון אַ שליח מיט בונדישער אומלעגאַלער ליטעראַטור תחילת יוני 1941 (אַגב אַ פּוילישע אונטערעדרישע פּאַרבינדלערין) האָט גורם געווען אַרעסטן און פאַרשיקונגען אין קאָנצענטראַציע־לאַגערן פון בונדיסטן אין אַ גאַנצער ריי געטאָס, ווי פּיעטריקאָוו, ראָדעם, טשענסטאָכאָוו, טאָמאַשאָוו מאַזאָוויעצק א״אַ.

בלוטיקע טעראָר־אַקציעס פון אַ פּאָליטישן כאַראַקטער (בעיקר קעגן טוער פון אַרבעטער־פּאַרטייען, אַרויסגעבער, דרוקער און קאָלפּאָרטערן פון דער אומלעגאַלער פּרעסע) האָבן אין די חדשים פעברואַר און אַפּריל 1942 געהאַט אַן אָרט אין אַ ריי געטאָס (קראָקע, טאַרנע, טשענסטאָכאָוו, ראָדעם, קעלץ, אָסטראָווצע) און האָבן קולמינירט אין דעם אויבן דערמאָנטן „בלוט־טיקן פרייטיק״ אין וואַרשעווער געטאָ, בעת וועלכן די געשטאַפּאָ האָט אַרויסגענומען פון זייערע היימען העכער 50 פּערזאָן, צווישן זיי אַ גרעסערע צאָל אַקטיוויסטן פון דער אומלעגאַלער פּרעסע און זיי דערמאָרדעט אויף דער גאַס.

די פאָלגן פון דער אַפּריל־שחיטה אין וואַרשעווער געטאָ זענען פאַר דער אונטערערדישער באַוועגונג געווען שווערע: די אומלעגאַלע פּרעסע האָט זיך אָפּגעשטעלט. די פּאָליטישע טעטיקייט איז באַדייטנדיק אָפּגע־שוואַכט געוואָרן, „מער נישט די לעגאַלע קאָנספּיראַציע ווערט פאַרוואַנדלט אין אַן אמתער קאָנספּיראַציע, וואָס דרינגט אַריין טיפער אונטער דער ערד״ — האָט אין זיינע נאָטיצן פאַרנאָטירט עמנואל רינגעלבלום.

אַ וויטערדיקע טעטיקייט פון די פּאָליטישע גרופּירונגען אין די געטאָס איז געווען דאָס אָרגאַניזירן אַן אונטערערדישן ראַדיאָ־אונטערהערער, וואָס האָט אַדורכגעריסן די מויער פון איזאָלאַציע פון דער דרויסנדיקער וועלט.

באַלד אין די ערשטע וואָכן פון דער אָקופּאַציע איז די באַפעלקערונג

געווען געצוווּנגען אויסצוליפערן דער מאַכט אירע ראַדיאָ־אַפּאַראַטן, וואָס זענען געווען אין איר באַזיץ, און שווערע שטראָפן האָבן געדראָט פאַר נישט אויספאָלגן דעם באַפעל. נישט געקוקט אויף דעם האָט מען אין פיל געטאָס געהערט אויסלענדישע ראַדיאָ־אוידיציעס דורך אויסבאַהאַלטענע אָדער אין געהיים קאָנסטרויִרטע, אָפט פּרימיטיווע קורץ־כוואַליקע אַפּאַראַטן.

אין וואַרשעווער געטאָ פלעגן די קאָמוניקאַטן פון ענגלישן ראַדיאָ זייער שטאַרק פאַרשפּרייט ווערן ביז דעם טראַגישן 18טן אַפּריל. ע. רינ־געלבלום איז מוסיף צו דער דאָזיקער ידיעה, אַז „אַ טייל מענטשן האָבן דערפון געהאַט פּרנסה".

אין לאָדזשער געטאָ האָט די גרופּע וואָס האָט אָרגאַניזירט דעם גע־היימען ראַדיאָ־אונטערהער כמעט במשך דער גאַנצער צייט פון זיין עקסיס־טענץ, און איז באַשטאַנען פון בונדיסטן, ציוניסטן און אומפּאַרטייִישע, גע־ענדיקט אויף אַ טראַגישן אופן. מחמת אַ מסירה פון אַ היימישן אויסוואורף איז די גאַנצע גרופּע במשך 3 טעג, פון 6טן ביזן 8טן יוני 1944, אַרעסטירט געוואָרן, אויסער איינעם, אַ ציוניסטישן טוער, וואָס איז נאָכן אַרעסט פון זיינע חברים באַגאַנגען זעלבסטמאָרד, כדי נישט אַריינצופאַלן אין די הענט פון דער געשטאַפּאָ. קיינער פון זיי האָט נישט איבערגעלעבט די מלחמה, וואָס איר נאָענטן און פאַר די אַליאַנטן זיגרייכן סוף זיי האָבן שוין דעמאָלט געקענט אָנזאָגן.

וועגן אונטערערדישע אויפנעמער פון ראַדיאָ־ידיעות הערן מיר אויך פון טשענסטאָכאָוו, ביאַליסטאָק, פּרוזשענע, ווילנע, אַפילו פון אַזאַ קליינעם געטאָ ווי ביאַלע פּאָדלאַסק. אָבער די דאָזיקע געטאָס שעפּן זיכער נישט אויס געאָ־גראַפיש דאָס גאַנצע פּראָבלעם. מען דאַרף משער זיין אַז פון אַ גרויסער צאָל געטאָס, ווו מען האָט געהיים געהערט ראַדיאָ, זענען קיין שפּורן אין די מקורים נישט פאַרבליבן.

דער אונטערערדישער ראַדיאָ־אונטערהער אין די געטאָס האָט געהאַט, ענלעך ווי די אומלעגאַלע פּרעסע, אַ קאָלאָסאַלע פּאָליטישע און מאָראַלישע באַדייטונג. ער האָט קודם־כל דערמעגלעכט זיך צו אָריענטירן טאָג־טעגלעך אין דעם פאַקטישן סטראַטעגישן מצב אויף די פראָנטן, וואָס די דייטשע פּראָפּאַגאַנדע האָט געפּרווט פאַרצושטעלן אין אַ פאַלשן און גינסטיקן פאַר־

איר ליכט, און געשטאַרקט אַזוי אַרום ביי די געטאָ־אַסירים, דאָס זעלבסט־געפיל און די האָפענונג אויף איבערצולעבן. וועגן דעם געפינען מיר אין אַ טאָגבוך, וואָס איז געשריבן געוואָרן אין לאָדזשער געטאָ, אונטער דער דאַטע פון 8טן מײַ 1944, די ווייטערדיקע כאַראַקטעריסטישע שורות: „דאָס ביסל ידיעות וואָס דערגייט צו דער געטאָ איז אַן אויפהאַלטער (!) וואָס לאָזט די מענטשן נישט רעזיגנירן פון אַלעם".

עס זענען אויך אָפּגעהיט געוואָרן אין די געטאָס געוויסע טראַדיציעס פון פייערן פּאַרטיי־יום־טובים און געדענק־טעג. אין לאָדזשער געטאָ, למשל, פלעגט מען אין די וואַרשטאַטן, ווו די אָפּיציעלע און שפּעטער, געהיימע דעלעגאַטן, זענען געווען סאָציאַליסטן, פייערן אין אַ באַשיידענער מאָס די ערשטע מײַ־יום־טובים. געהיים פלעגן פאַרשפּרייט ווערן צווישן די אַרבעטער צעטעלעך מיט דער דערמאָנונג וועגן דער דאַטע, איבערגערייסן די אַר־בעט אויף אַ קורצער צייט און זינגען אַמאָליקע רעוואָלוציאָנערע לידער. אין פיל געטאָס פלעגט מען דעם 1טן מאַי אָדער אין די דאַטעס פון אַנדערע אַמאָליקע פּאַרטיי־פייערונגען זיך צונויפקומען אין פּריוואַטע דירות אין קליינע גרופּעס און פראַווען „יומטובדיקע באַנקעטן" ביי די קאַרגע און אָרעמע געטאָ־טישן. ביי די ציוניסטישע גרופּירונגען ווידער פלעגן כ׳ תמוז פאַרקומען הערצל־ביאַליק־אַקאַדעמיעס. צו די שלושים פון זשאַבאָטינסקיס טויט אין זומער 1940 איז פאַרגעקומען אין דעם געטאָ־פּערטל מאַרישין אַ טרויער־פייערונג איינגעאָרדנט דורך די רעוויזיאָניסטן.

„החלוץ", „השומר־הצעיר", „דרור", „גורדוניה", „עקיבא", „הנוער־הציוני" האָבן אין אַ צאָל געטאָס (וואַרשע, לאָדזש, ווילנע, קראָקע, ביאַ־ליסטאָק, טשענסטאָכאָוו, סאָסנאָוועץ, קעלצער געגנט א"אַ ערטער) איינגע־האַלטן זייערע סעמינאַרן, קיבוצים און הכשרה־פּונקטן (די לעצטע ביז צו דעם אויסזידלונג־פּעריאָד). זיי האָבן אין אַ שפּעטערדיקן פּעריאָד געדינט ווי פאַרמאַסקירטע שטיץ־פּונקטן פאַר אומלעגאַלער פּאָליטישער טעטיקייט און ווידערשטאַנד־אַקציעס. אויך דער יוגנט־בונד „צוקונפט" האָט אין די געטאָס פון וואַרשע, ווילנע, לאָדזש, ביאַליסטאָק א"אַ אָנגעפירט סעמינאַרן, ווו עס איז געפירט געוואָרן אַ פּאָליטישע און בילדונגס־אַרבעט צווישן זיינע מיטגלידער.

III

## צווישן פּאַרטייִשע באַציִונגען

דאָס לעבן פון דער ייִדישער באַפעלקערונג אין די געטאָס, וואָס איז געווען געחתמעט מיט אַזאַ שטאַרקן שטעמפּל פון גורל־געמיינזאַמקייט, האָט געשאַפן דעם באָדן פאַר דערנענטערונג און קאָאָרדינירטקייט צווישן די פּאָליטישע פּאַרטייען. אַ דעציִדירנדיקער סטימול פאַר דערנענטערונג און צוזאַמענאַרבעט צווישן די באַזונדערע פּאַרטייען איז געווען דער מאָמענט פון גרייטן זיך צו אַן אַקטיוון ווידערשטאַנד — אין אַ צאָל געטאָס ווו דער דאָזיקער ווידערשטאַנד האָט געהאַט אַן אָרט. אויך קולטור־אַרבעט אין די געטאָס, בפרט אין די קלענערע, פלעגט נישט זעלטן פירן צו אַ דערנענטערונג און צווישן־פּאַרטייִשער צוזאַמענאַרבעט. מיר אָבסערווירן די דאָזיקע דערשיינונג אין וואַרשע („ייִקאָר") לאָדזש („קולטור־ליגע"), אין טשענסטאָכאָוו, ווילנע (די טעטיקייט פון קולטור־אָפּטייל ביים ייִדנראַט). אין קוטנע (בשותפותדיקע אַרבעט צווישן „בונד" און די ציוניסטן אויפצושטעלן אַ שולע) אאַז"וו.

קודם־כל קען מען פעסטשטעלן, מיט ווינציקע אויסנאַמען, אַ דערנענטערונג און צוזאַמענאַרבעט צווישן די ציוניסטישע גרופּירונגען. ציוניסטישע „פעדעראַציעס", וואָס האָבן אַרומגענומען דעם רוב שטרעמונגען פון דער באַוועגונג זענען אַנטשטאַנען אין לאָדזש (אַלג' ציוניסטן, רעכטע פּועלי־ציון, „התאחדות", „מזרחי" און „יודענשטאַט־פּאַרטיי"); אין קאָוונער געטאָ, ווו 4 ציוניסטישע פּאַרטייען — אַלגעמיינע ציוניסטן א' און ב', מזרחיסטן און „יודענשטאַטלער" — האָבן זיך פאַראייניקט אין איין קערפּערשאַפט א"ב „קאָאָרדינאַציע"; אין וואַרשעווער געטאָ, ווו די אָרגאַניזאַציאָנעלע קאָנסאָלידאַציע פון די ציוניסטישע שטרעמונגען (חוץ די רעוויזיאָניסטן) איז צושטאַנד געקומען אין די ראַמען פון דעם „ייִדישן נאַציאָנאַלן קאָמיטעט" שוין נאָך דער פאַרניכטונג פון כמעט 90 % פון דער ייִדישער באַפעלקערונג בעת די זומער־דעפּאָרטאַציעס פון 1942; אין ווילנער געטאָ,

וווּ סוף 1941 איז אַנטשטאַנען דער אַ״ג „דאַך״־קאָמיטעט מיטן אָנטייל פון די פּועלי־ציון־התאחדות, די אַלג׳ ציוניסטן א׳ און ב׳, די רעוויזיאָניסטן און די חלוצישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס.

אין סאָסנאָווצע („אָסט־אָבערשלעזיע״) איז נאָך אין 1940 צושטאַנדגעקומען אַ קאָנסאָלידאַציע פון ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס („הנוער הציוני״, „השומר הצעיר״, „גורדוניה״), וואָס האָבן געפירט אַן אַנטי־יידנראַטלערישע און אַנטי־נאַצישע אַגיטאַציע מיט דער הילף פון אומלעגאַלע אויפרופן צו דער געטאָ־באַפעלקערונג. די דאָזיקע אַגיטאַציע האָט געפירט צו רעפּרעסיעס און אַרעסטן מצד דעם עלטעסטנראַט און דער געטאָ־פּאָליציי נישט נאָר קעגן די קאָנספּיראַטאָרן, נאָר אויך קעגן זייערע פאַמיליעס. אין רעזולטאַט איז דער אָנפירער פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין פעברואַר 1943 אַרעסטירט געוואָרן פון דער געטאָ־פּאָליציי און צוזאַמען מיט נאָך אַ חבר אויסגעליפערט געוואָרן אין די הענט פון דער געשטאַפּאָ.

אויך אין בענדין זענען די ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס געווען ענג צווישן זיך פאַרבונדן און געמיינזאַם זיך געגרייט צום באַוואָפנטן ווידערשטאַנד, וואָס האָט זיך פאַר זיי טראַגיש פאַרענדיקט.

אין אַ ריי געטאָס זענען אויך געווען פּרוּוון פון קאָאָרדינירטער צוזאַמענאַרבעט צווישן די אַרבעטער־פּאַרטייען („בונד״, פּועלי־ציון און קאָמוניסטן). אין לאָדזשער געטאָ איז, למשל, צווישן די אויסגערעכנטע פּאַרטייען געשאַפן געוואָרן אַ פאַרשטענדיקונג־קאָמיסיע, וואָס פלעגט אַ געוויסע צייט זיך צונויפקומען אויף בשותּפותדיקע באַראַטונגען. אירס אַ דעלעגאַציע ביי רומקאָווסקין נאָך די שטורמישע הונגער־דעמאָנסטראַציעס פון אויגוסט 1940 האָט אויסגעפועלט, אַז פאַר יעדער אַרבעטער־משפּחה זאָל פון אַפּראָוויזאַציע־אָפּטייל אַרויסגעגעבן ווערן אַ געוויסער סכום פּראָוויאַנט צו דער דיספּאָזיציע פון די פּאַרטייען, וואָס זענען געווען פאַרטרעטן אין דער דעלעגאַציע. אָבער קיין איינהייטלעכער אַרבעטער־פראָנט איז אין געטאָ נישט געשאַפן געוואָרן. דער אַרבעטער־בלאָק איז זיך צעפאַלן און יעדע פּאַרטיי האָט ווייטער געאַרבעט אויף אייגענער האַנט. די טראַדיציעס פון פאַר־מלחמהדיקן פּאַרטיי־קאַמף זענען נאָך געווען אַזוי שטאַרק, אַז מען האָט אַפילו אין די געטאָ־באַדינגונגען זיי נישט געקענט בייקומען. מען האָט זיך אין

געשריבענע פלוג־בלעטלעך געמאַכט קעגנזייטיקע ביטערע פאַרוואורפן, בפרט איז אין דעם פרט געווען זייער אַקטיוו די קאָמוניסטישע געטאָ־גרופּע. חוץ דעם זענען געווען סיי אידעאָלאָגישע און סיי טאַקטישע חלוקי־דעות, וואָס האָבן אוממעגלעך געמאַכט אַן איינהייטלעכן אַרבעטער־פראָנט אין געטאָ. צווישן „בונד" און די קאָמוניסטן איז ווי אַ מחיצה געשטאַנען קודם־כל די שטעלונג צום ראַטנפאַרבאַנד. וואָס שייך די רעכטע פּועלי־ציון האָט דער אַקטיווער אָנטייל פון זייערס אַ פאַרשטייער אין דער רומקאָווסקי־אַדמיניס־טראַציע אויסגעשלאָסן די מעגלעכקייט פון צוזאַמענאַרבעט מיטן „בונד" און די קאָמוניסטן, וואָס האָבן פאַרנומען אַן אויסגעשפּראָכענע אָפּאָזיציאָנעלע שטעלונג צו דעם רומקאָווסקי־רעזשים אין געטאָ.

אין וואַרשעווער געטאָ איז אין מערץ 1942 געקומען צו אַ פאַרשטענ־דיקונג צווישן די לינקע פּועלי־ציון און די קאָמוניסטן, וואָס האָבן צוזאַמען געשאַפן דעם „אַנטי־פאַשיסטישן בלאָק". צו אים זענען אַביסל שפּעטער צו־געשטאַנען דער השומר הצעיר, „דרור", „החלוץ", „גורדוניה" און די רעכ־טע פּועלי־ציון. עס איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ בשותפותדיקע אָנפירער־שאַפט און מען איז צוגעטראָטן צו אָרגאַניזירן קאָנספּיראַטיווע קאַמף־פינפט־לעך. די צאָל מיטגלידער פון די קאַמף־גרופּעס איז דערגאַנגען צו קרוב 500. דער בלאָק האָט אויך אַרויסגעגעבן אַן אומלעגאַלע מימעאָגראַפישע צייטשריפט „דער רוף" (אָנגעהויבן דערשיינען דעם 15טן מאַי 1942). מחמת דעם אַרעסט און דערמאָרדונג פון 2 אָנפירנדיקע מיטגלידער פון דער קאַמף־אָרגאַניזאַציע פון „בלאָק" האָט זיך זיין ווייטערדיקע אַנטוויקלונג אָפּגע־שטעלט. אין דער צייט פון דער זומער־אויסזידלונג איז זיך דער „אַנטי־פאַשיסטישער בלאָק" צעפאַלן.

תיכף ווי עס האָט זיך אָנגעהויבן די „עוואַקואַציע" פון דער ייִדישער באַפעלקערונג איז צושטאַנד געקומען אַ קאָנפערענץ פון פאַרטיי־פאַרשטייער און געזעלשאַפטלעכע עסקנים („געזעלשאַפטלעכער ראַט"), אויף וועלכער מען האָט זיך אָבער נישט געקענט אייניקן וועגן דער טאַקטיק, וואָס דאָס געטאָ זאָל אָנווענדן לגבי דער אויסזידלונג־אַקציע. „השומר" און „החלוץ" געשטיצט פון „בונד" האָט געפאָדערט צו רופן די ייִדישע באַפעלקערונג צו אַן אַקטיוון ווידערשטאַנד. די איבעריקע פאַרטייען האָבן בעיקר, מחמת דער

סכנה פון אָנווענדן דורך די דייטשן דעם פּרינציפּ פון קאָלעקטיווער אחריות, זיך אַרויסגעזאָגט קעגן. זיי האָבן געהאַט אויך די אילוזיע אַז די ליקווידאַציע וועט נישט זיין קיין טאָטאַלע. עס וועלן נאָר אַרויסגעפירט ווערן די „אומפּראָדוקטיווע עלעמענטן".[1] די קאָנפערענץ האָט נישט געבראַכט קיין שום רעזולטאַטן.

שוין נאָך דער „אַקציע" (בערך אין אָקטאָבער 1942) האָבן כמעט אַלע ציוניסטישע גרופּירונגען זיך פּאַראייניקט, ווי שוין דערמאָנט, אין דעם „יידישן נאַציאָנאַלן קאָמיטעט" (Żydowski Komitet Narodowy) מיט וועלכן עס האָבן אויך מיטגעאַרבעט די יידישע קאָמוניסטן.

די צוזאַמענאַרבעט מיטן „בונד" איז צושטאַנד געקומען דורך דער „יידישער קאָאָרדינאַציע־קאָמיסיע" Żydowska Komisja Koordynacyjna אַנטשטאַנען אין אָקטאָבער 1942, וואָס אין איר זענען געווען פאַרטראָטן, חוץ די אויבנדערמאָנטע פּאַרטייען, אויך דער „בונד".

דער „יידישער נאַציאָנאַלער קאָמיטעט" ווי אויך די „קאָאָרדינאַציע־קאָמיסיע" זענען נישט געווען קיין פּאָליטישע רעפּרעזענטאַטיווע קערפּערשאַפטן פון דער נאָך דער שחיטה איבערגעבליבענער יידישער באַפעלקערונג. די פּאָליטישע גרופּירונגען, וואָס האָבן זיך אין זיי באַטייליקט, האָבן ווייטער אויטאָנאָם געפירט זייער פּאַרטייאיש־פּאָליטישע טעטיקייט אין און מחוץ דעם געטאָ. זייער אויפגאַבע איז באַשטאַנען אין אָרגאַניזירן און

[1] אין די יאָרן פון יידישן חורבן, ז׳ 176. א. בערמאַן שרייבט אין זיין „די ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין וואַרשעווער געטאָ" אין ביולעטין פון יידי׳ היסט׳ אינסטיטוט, נ׳ 29, 1959, ז׳ 44: „...נאָך אַ פּאָר טעג פון כמעט אַלגעמיינער פּאַניק איז צושטאַנד געקומען אַ קאָנפערענץ מיטן אָנטייל פון פאָרשטייער פון אַלע פּאָליטישע גרופּירונגען און געזעלשאַפטלעכע עסקנים, אויף וועלכער מען האָט באַהאַנדלט די ניי־געשאַפענע לאַגע. די פאָרשטייער פון די ריכטונגען, וואָס האָבן באַלאַנגט צו דעם „אַנטי־פאַשיסטישן בלאָק", האָבן געהאַלטן, אַז דאָס איז דער אָנהייב פון סוף, די התחלה פון דער פולשטענדיקער פאַרניכטונג פון וואַרשעווער געטאָ. זיי האָבן דעריבער געהאַלטן אַז מען דאַרף אויפפאָדערן די באַפעלקערונג זיך קעגנצושטעלן דעם אָקופּאַנט. אַן אַנאַלאָגישע שטעלונג, הגם אַביסל אַ געמעסיקטע, האָבן פאַרנומען די פאָרשטייער פון „בונד". דעם דאָזיקן אַרטיקל האָט בערמאַן פאַרענדיקט אין יאַנואַר 1943 אויף דער „אַרישער זייט".

קאָאָרדינירן דעם ווידערשטאַנד צו וועלכן מען האָט זיך געגרייט אין פאַל פון אַ נייעם פּרוּוו פון ליקווידירן דאָס געטאָ. די ייִדישע קאַמף־אָרגאַניזאַציע (Żydowska Organizacja Bojowa), וואָס איז אַנטשטאַנען דעם 27סטן אָקטאָבער 1942 און אין איר באַשטאַנד זענען אַריינגעגאַנגען אַלע אויבן־דערמאָנטע פּאָליטישע פּאַרטייען, איז אָנערקענט געוואָרן ווי דער באַוואָפנטער אָרגאַן פון דער קאָאָרדינאַציע־קאָמיסיע.

דער העראָישער אויפשטאַנד פון וואַרשעווער געטאָ איז געווען דער היסטאָרישער רעזולטאַט פון דער קאָלעקטיווער כמעט איבערמענטשלעכער אָנשטרענגונג פון דער פּאַרטיי־יוגנט פון אַלע פּאָליטישע ריכטונגען וואָס זענען געווען אָנגעשלאָסן אין דער „ייִדישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע". די רע־וויזיאָניסטן האָבן לויט אַן אָפּמאַך מיט דער קאָמענדאַנטור פון דער „ייִ.ק.אָ." באַקומען צוגעטיילט אַ קאַמף־אָפּשניט אין געטאָ (מוראַנאָווער ראַיאָן), די רעליגיעזע פּאַרטייען („אגודה", „מזרחי") האָבן אויך אַן אָרגאַניזירטן אופן אין אויפשטאַנד זיך נישט באַטייליקט.

אַ צווייט געביט פון דער בשותפותדיקער טעטיקייט איז געווען די הילף־אַרבעט פאַר די רעשטלעך פון דער ייִדישער באַפעלקערונג.

אין די ראַמען פון די דאָזיקע צוויי טעטיקייטן, וואָס זענען, איבעריקנס, געווען דער א און ת פון דער דעמאָלטיקער ייִדישער טעטיקייט אין אונ־אויסערן געטאָ בכלל, איז די קאָאָרדינאַציע־קאָמיסיע געווען די הויפּט־אינסטאַנץ פון דער נאָך לעבנגעבליבענער ייִדישער באַפעלקערונג, פּאַקטיש נישט בלויז אין וואַרשע נאָר אויפן שטח פון גאַנצן אָקופּירטן פּוילן. דער דאָזיקער צושטאַנד האָט אָנגעהאַלטן אויך נאָך דער ענדגילטיקער ליקווי־דאַציע פון וואַרשעווער געטאָ, בעת דעם געטאָ־אויפשטאַנד אין אַפּריל־מיי 1943, מיט דער אונטערשייד וואָס די דאָזיקע ביידע אינסטאַנצן — „דער ייִדישער נאַציאָנאַל־קאָמיטעט" און די „קאָאָרדינאַציע־קאָמיסיע" האָבן געפירט זייער טעטיקייט נאָר אויף דער „אַרישער זייט".

אין ביאַליסטאָקער געטאָ, וואָס האָט, אין פאַרגלייך מיט אַנדערע פּוי־לישע געטאָס, גענאָסן פון אַ לענגערן סטאַבילקייט־פּעריאָד (ביז פעברואַר 1943 זענען אין ביאַליסטאָק נישט געווען קיין מאַסנהאַפטע פּאַרטיליקונג־אַקציעס) און פון אַ לפי־ערך בעסערן מאַטעריעלן מצב, האָט דער קאָנסאָ־

לידאַציע־פּראָצעס צווישן די פּאָליטישע ריכטונגען אויף דער באַזע פון גרייטן זיך צום בשותּפותדיקן קאַמף קעגן דער דראָענדיקער „אויסזידלונג־אַקציע" געדויערט פיל לענגער און איז פּאַקטיש רעאַליזירט געוואָרן ערשט אין דעם אויפשטאַנד בעת דער לעצטער ליקווידאַציע אין אויגוסט 1943.

אין מערץ 1942 איז אַנטשטאַנען אַ פּאַראייניקטע קאַמף־אָרגאַניזאַציע פון דריי פּאַרטייען (השומר הצעיר, קאָמוניסטן און די לינקע ריכטונג אין „בונד" — „די צווייער"), אונטער אַ בשותּפותדיקער אָנפירונג.

ווען אַ פאָרשטייער פון „דרור" (מרדכי טענענבוים) איז דעם 1טן נאָוועמבער 1942 אָנגעקומען קיין ביאַליסטאָק, ווי אַ שליח פון דער „יידי־שער קאַמף־אָרגאַניזאַציע" אין וואַרשעווער געטאָ, איז געשאַפן געוואָרן אַ פּאַראַלעלע אויסגעברייטערטע פאַראייניקונג פון די ציוניסטישע גרופּירונגען (השומר הצעיר, דרור, הנוער הציוני און רעוויזיאָניסטן) און טיילן פון „בונד". דער השומר הצעיר האָט זיך גלייכצייטיק באַטייליקט אין ביידע פּאָליטישע בלאָקן.

די אָרגאַניזאַציאָנעלע און אידעאָלאָגישע צעמענטירונג אין ביידע בלאָקן איז אָבער געווען זייער אַ לויזע. גורם געווען דערצו האָבן אַ ריי סיבות, ווי: די אונטערשיידן אין דער שטעלונג צום יודנראַט, בעיקר צו זיין פּאָרזיצער, וואָס איז געשטאַנען אין פאַרבינדונג און מאַטעריעל גע־האָלפן דער אונטערערדישער באַוועגונג; אונטערשיידן בנוגע דער קאַמף־טאַקטיק — אָנהייבן דעם קאַמף אין געטאָ, אָדער אַרויסרייסן זיך אין די וועלדער צום פּאַרטיזאַנען־קאַמף; דער אומצוטרוי פון די קאָמוניסטן צו די ציוניסטישע גרופּירונגען און „בונד" פון איין זייט, און דער אומצוטרוי מצד אַלע פּאַרטייען צו די רעוויזיאָניסטן פון דער אַנדערער זייט. די דאָ־זיקע מאָמענטן זענען געווען די סיבה דערפון, וואָס די פּאַראייניקונג איז פּאַקטיש צעמענטירט געוואָרן, ווי דערמאָנט, ערשט אינעם פייער פונעם געטאָ־אויפשטאַנד.

דאָס געטאָ אין טשענסטאָכאָוו איז געווען פון די ווינציקע געטאָס אין פּוילן, וווּ עס איז נאָכן מלחמה־אויסברוך געבליבן אַ באַדייטנדיקע צאָל אַקטיווע טוער פון אַלע פּאָליטישע ריכטונגען (די דייטשע אַרמיי איז שוין געווען אין טשענסטאָכאָוו דעם 3טן סעפּטעמבער און ווייניק ווער האָט באַ־

וויזן צו אַנטלויפֿן). תחילת האָט, ווי אומעטום, יעדע פּאַרטיי געפֿירט איר אַרבעט באַזונדער. מען פֿלעגט זיך צונויפֿקומען אין געהיים אויפֿן בית־עולם בעת לוויות פֿון אומגעקומענע, אָדער פֿאַרשטאָרבענע חברים און זיך אָרגאַניזירט אין קליינע גרופּעס אונטער דער אָנפֿירונג פֿון אַ געהיימען פּאַרטיי־קאָמיטעט אַז״וו.

שפּעטער צו זענען געמאַכט געוואָרן פּרווון צו קאָאָרדינירן די אונ־טערערדישע טעטיקייט פֿון די באַזונדערע פּאַרטייען. אין די זומער־חדשים פֿון 1940 זענען אָפּגעהאַלטן געוואָרן 2 צווישן־פּאַרטייִשע באַראַטונגען וועגן שאַפֿן אַ בשותּפֿותדיקן זעלבסטשוץ, אָבער קיין פֿאַרשטענדיקונג איז נישט דערגרייכט געוואָרן.

די דורכפֿאַלן און אַרעסטן צווישן די קאָמוניסטן (דעם 30סטן אַפּריל 1941) און „בונד״ (אין דער העלפֿט יולי 1941) האָבן אויף אַ לענגערן פּעריאָד פּאַראַליזירט די טעטיקייט פֿון בײדע פּאַרטייען. ווען מען האָט זיך אָנגעהויבן ריכטן אויף אַן „אויסזידלונג־אַקציע״, איז אויף דעם 21סטן סעפּ־טעמבער 1942 באַשטימט געוואָרן אַ צווישן־פּאַרטייִשע באַראַטונג. זי איז שוין אָבער נישט צושטאַנד געקומען, היות 2 דעלעגאַטן צו דער קאָנפֿערענץ זענען אַרעסטירט געוואָרן און אין דעם זעלביקן אָוונט האָט זיך אָנגעהויבן די אַקציע.

נאָך דער מערדערלעכער „אויסזידלונג״, וואָס האָט אָנגעהאַלטן 5 וואָכן און וואָס אין איר רעזולטאַט זענען פֿאַרבליבן בערך 6,500 ייִדן אין א״ג קליינעם געטאָ (פֿון קרוב 40,000), איז לויט דער איניציאַטיוו פֿון „בונד״ צונויפֿגערופֿן געוואָרן אין נאָוועמבער אָדער דעצעמבער 1942 אַ צווישן־פּאַרטייִשע באַראַטונג אין וועלכער עס האָבן זיך באַטייליקט, חוץ דעם „בונד״ שליחים פֿון דער פּועלי־ציון (לינקע און רעכטע), אַלגעמיינע ציו־ניסטן, השומר הצעיר, גורדוניה און די קאָמוניסטן. די באַראַטונג האָט באַ־שלאָסן צו שאַפֿן אַ בשותּפֿותדיקע קאַמף־אָרגאַניזאַציע מיט אַ 10־פּערזאָ־ניקער אָנפֿירונג פֿון אַלע באַטייליקטע פּאַרטייען. מחמת חילוקי־דעות אין דער פֿראַגע וועגן קאַמף־טאַקטיק (שוץ פֿון געטאָ, אָדער זיך אַרויסרייסן אין די וועלדער און צושטיין צום פּאַרטיזאַנען־קאַמף), איז אין יאַנואַר 1943 פֿאָרגעקומען אַ שפּאַלטונג אין דער קאַמף־אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט זיך

צעטיילט אויף צוויי פּאַראַלעלע גרופּעס: פון איין זייט „בונד" און די לינקע פּועלי־ציון (אָנהענגער פון זעלבשוץ אויפן אָרט) און פון דער אַנדערער זייט די איבעריקע פּאַרטייען (אָנהענגער פון אַרויסגיין אין וואַלד). צווישן ביידע גרופּעס איז אָנגעהאַלטן געוואָרן אַ קאָנטאַקט דורך פּאַרבינדלער.

מחמת אַ מסירה פון אַ יידישן פּאָליציאַנט, און דער איבערראַשונג־טאַקטיק, וואָס די נאַציס האָבן אָנגעווענדט אין דער ליקווידאַציע פון „קליי־נעם געטאָ" דעם 25סטן יוני 1943, זענען די געוועזער־מאַגאַזינען פון די ווי־דערשטאַנד־גרופּעס אַנטדעקט געוואָרן און דער אָרגאַניזירטער קאַמף, צו וועלכן מען האָט זיך לאַנג און מיט מסירות־נפש געגרייט, איז געוואָרן אוממעגלעך.

אין ווילנער געטאָ, ווו די מאַסנהאַפּטע אויסראָט־אַקציעס מצד די „איינזאַץ־קאָמאַנדאָס" האָבן זיך אָנגעהויבן כמעט תיכף נאָכן אויסבראָך פון דער מלחמה מיטן ראַטנפאַרבאַנד (פּאָנאַר), איז אַ פאַראייניקונג צווישן די פּאַרטייען אויף דער באַזע פון ווידערשטאַנד, צושטאַנד געקומען לפי ערך פרי. דעם 21סטן אָדער 23סטן מערץ 1942 איז אויף אַ בשותּפותדיקער זי־צונג פון פאָרשטייער פון קאָמוניסטן, רעוויזיאָניסטן, השומר־הצעיר, החלוץ און הנוער הציוני געשאַפן געוואָרן די „פאַראייניקטע פּאַרטיזאַנער־אָרגאַ־ניזאַציע", באַקאַנט מיט די ראשי־תּיבות: פ. פּ. אָ., אונטער אַ בשותּפותדי־קער אָנפירונג. שפּעטער איז אויך דער „בונד" צוגעטראָטן צו דער פ. פּ. אָ. און זיינס אַ פאָרשטייער איז אַריין אין דער 5־פּערזאָניקער אָנפירונג.

חוץ דער פ.פּ.אָ., וואָס האָט געטראָגן אַ בולטן פּאָליטיש־נאַציאָנאַלן כאַראַקטער, איז אין געטאָ אַנטשטאַנען אַ צווייטע קאַמף־אָרגאַניזאַציע, וואָס נאָך דער מלחמה האָט זי באַקומען דעם נאָמען „יחיאלס (איליאַס) גרופּע" (לויט דעם נאָמען פון איר צענטראַלער פיגור יחיאל שיינבוים, מיטגליד פון די פּועלי־ציון־התאחדות). איר קערן איז באַשטאַנען פון יוגנט פון „פריי־הייט" — „החלוץ הצעיר", וואָס צו איר זענען שפּעטער צוגעשטאַנען: אַן אָפּגעשפּאָלטענע גרופּע פון „ביתר", אַ גרופּע פון דער יוגנט־אָרגאַניזאַציע „עקיבא", קאָמוניסטישע יוגנטלעכע פון דער פּראָווינץ און אומפּאַרטייישע. ביי דער פאַראייניקונג אין מערץ 1943 האָט זי געציילט בערך 100 מיט־גלידער.

צום אונטערשייד פון דער פ. פ. אָ. האָט די אָנפירונג פון דער גרופּע געהאַלטן, אַז נעמענדיק אין אַכט די אויסזיכטלאָזיקייט פון אויפנעמען דעם קאַמף אין געטאָ, דאַרף די אויפגאַבע פון אַ יידישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע זיין דאָס אַרויסשיקן וואָס מער באַוואָפנטע קעמפער אין די פּאַרטיזאַנער רייען אין דער סביבה פון ווילנע. עס איז געלונגען באַצייטנס אַרויסצופירן אין די וועלדער אַ פּאָר הונדערט פּאַרטיזאַנער. בעת דער לעצטער ליקווידאַציע־אַקציע פון ווילנער געטאָ אין די ערשטע טעג פון סעפּטעמבער 1943 איז דער אָנפירער פון דער גרופּע, יחיאל שיינבוים, וואָס צווישן אים און דער פ.פ.אָ. איז נאָך אין מיי געקומען צו אַ הסכם וועגן נאָענטער צוזאַמענאַרבעט, געפאַלן בעת דער שיסעריי אויף דער באַריקאַדע ביי דער סטראַשון־גאַס נומ׳ 12.

די „פּאַראייניקטע פּאַרטיזאַנער אָרגאַניזאַציע" איז געווען אַ שטרענג פּאַרקאָנספּירירטע גרופּע, וואָס האָט, מחמת מורא פאַר דעקאָנספּיראַציע, אויסגעמיטן צו קומען אין באַרירונג מיט ברייטערע שיכטן פון דער געטאָ־באַפעלקערונג, און ממילא נישט געקאָנט האָבן אויף זיי קיין פּראָפּאַגאַנדיסטישע השפעה.

אויף אַ געהיימער זיצונג וואָס איז צונויפגערופן געוואָרן לויט דער איניציאַטיוו פון דער גרופּע „פרייע שריפטן" דעם 20סטן מיי 1943, אין וועלכער עס האָבן זיך חוץ דער איניציאַטיוו־גרופּע באַטייליקט פאָרשטייער פון „בונד" און פ.פ.אָ., רעכטע פּועלי־ציון, קאָמוניסטן און אַ גרופּע קולטור־טוער, איז דיסקוטירט געוואָרן די פראַגע פון אויסברייטערן די געזעלשאַפטלעכע באַזע פון פ.פ.אָ. אין דער ריכטונג פון שאַפן אַ פאָלקס־זעלבשוץ. די פאָרשטייער פון דער גרופּע „פרייע שריפטן" האָבן אָנגעוויזן אַז די פ.פ.אָ. איז נישט גענוג פּאָפּולער צווישן דער געטאָ־באַפעלקערונג און מחמת דעם דראָט אַ געפאַר, אַז אין פאַל פון ווידערשטאַנד זאָל די מאַסע בלייבן אין אַ זייט. אויף אַ ווענדונג פון אַ פאָרשטייער פון דער גרופּע „פרייע שריפטן" האָט דער קאָמענדאַנט פון דער פ.פ.אָ. באַגרינדעט דעם דאָזיקן כאַראַקטער פון דער פ.פ.אָ. מיט דער סכנה פאַר איר עקזיסטענץ אין פאַל פון אויסברייטערן איר באַזע.

אַ צווייטע זיצונג פון פאָרשטייער פון די דערמאָנטע גרופּן אין יוני־

האָט באַשלאָסן צו נעמען צו קענטעניש די דערקלערונג פון קאָמענדאַנט.

דער מחבר פון דער דאָזיקער אינפאָרמאַציע, וואָס האָט געהערט צו די איניציאַטאָרן פון דער מיי־באַראַטונג, איז אין זיין בוך ווענן ווילנער געטאָ, וואָס איז שוין דערשינען נאָך דער מלחמה מוסיף בתורת קאָמענטאַר אַז „די ווייטערדיקע געשעענישן (די טראַגישע געשיכטע מיט וויטענבערגן, דעם קאָמענדאַנט פון דער פ.פ.אָ., וואָס איז אונטערן דרוק פון אַן אויפגעהעצטער מאַסע, דעם 16טן יולי 1943 אַרויסגעגעבן געוואָרן אין די הענט פון דער געשטאַפּאָ) האָבן אָבער באַוויזן אַז די פאָרשטייער פון די „פריי שריפטן" זענען געווען גערעכט".

אין רעזולטאַט פון דער דאָזיקער פאַטאַלער געשעעניש, וואָס האָט באַוויזן בולט ווי ווייט די דורך הונגער און עבודת־פרך צעריבענע געטאָ־מאַסע, וואָס איז במשך צוויי יאָר געשפּייזט געוואָרן פון גענס אילוזאָרישער ר'עטונג־אידעאָלאָגיע, איז ווייט פון געדאַנק פון אַ באַוואָפנטן ווידערשטאַנד, האָט די אָנפירונג פון דער פ.פ.אָ. געמוזט רעזיגנירן פון אויפנעמען דעם קאַמף אין געטאָ גופא און זיך דעצידירט אַרויסצופירן אירע קאַדרען אין וואַלד, בכדי זיך אָנצושליסן אין פּאַרטיזאַנער־קאַמף.

מיר האָבן דאָ געבראַכטביישפּילן פון די גרויסע געטאָס אין די אָקו־פּירטע געביטן. עס האָבן זיך אויפגעהיט ידיעות אויך פון אַנדערע קלע־נערע געטאָס ווענן פאַלן פון צוזאַמענאַרבעט פון פאַרשידענע פּאָליטישע גרופּירונגען. מחמת קנאַפּקייט פון אויפגעהיטן מאַטעריאַל דאַרף דער אָפּ־שניט פון פּאָליטישן לעבן אין די קלענערע געטאָס נאָך ווייטער געפאָרשט ווערן.

IV

## באַציִונגען מיט נישט־ייִדישע אומלעגאַלע פּאָליטישע באַוועגונגען

דאָס געטאָ אין די אָקופּירטע געביטן, וואָס איז צוו"אַנד' פאַרטראַכט געוואָרן ווי אַ מיטל פולשטענדיק צו איזאָלירן די ייִדישע באַפעלקערונג פון דער קריסטלעכער סביבה, בכדי זי זאָל נישט קאָנען רעכענען אויף קיין

שום הילף פון דרויסן, האָט זיך די נאַציס אין אַ גרויסער מאָס איינגעגעבן, אָבער נישט אין גאַנצן.

ענלעך ווי מיט דערווירטשאַפטלעכער איזאָלאַציע איז אויך אין אַ צאָל גרויסע געטאָס געלונגען דורכצוברעכן די מויער פון פּאָליטישער אָפּזונדערונג און אָנקניפּן קאָנטאַקטן מיט אומלעגאַלע פּאָליטישע באַוועגונגען אין דער קריסטלעכער סביבה.

דאָס צושטאַנדקומען פון די דאָזיקע קאָנטאַקטן איז געווען אָפּהענגיק פון אַ ריי פאַקטאָרן, וואָס האָבן געוואָרצלט אין דער עטנישער און פּאָליטישער קאָנסטעלאַציע פון דער נישט־ייִדישער סביבה. אין דער פּראַקטיק זענען זיי געווען אָפּהענגיק: פון דער פּאָליטישער אָריענטאַציע (פּראָ־ אָדער אַנטי־נאַציסטישע) פון די אָנפירנדיקע פּאָליטישע באַוועגונגען פון די שייכדיקע פעלקער; פון דער מאָס און טיפקייט פון די אַנטיסעמיטישע איינשטעלונגען ביי די פאַרשידענע עטנישע און סאָציאַלע גרופּעס; פון דעם היסטאָרישן הינטערגרונט און געשטאַלטונג פון די קעגנזייטיקע באַציִונגען, אאַז״וו.

די דאָזיקע טעמע איז זייער אַ ברייטע און פאָדערט אַ באַזונדערע אויספירלעכע שטודיע. מיר מוזן זיך דאָ באַגנוגענען מיט סקיצירן בקיצור און אין אַלגעמיינע שטריכן דאָס נאַציאָנאַלע און פּאָליטישע בילד פון דער קריסטלעכער סביבה אַרום די געטאָס אין די אָקופּירטע געביטן.

ביי אַ צאָל פעלקער, וואָס האָבן געבילדעט דעם קריסטלעכן אַרום פון די געטאָס אין מזרח־אייראָפּע, ווי ביי די ליטווינער, לעטן, אוקראַיִנער און טיילווייז אויך ווייסרוסן, איז די פּראָ־דייטשע אָריענטאַציע געווען אַזוי דאָמינירנדיק און די אַנטיסעמיטישע איינשטעלונגען ביי דעם איבערוויגנדיקן רוב באַפעלקערונג אַזוי שטאַרק און טיף פאַרוואָרצלט (די דאָזיקע אַנטי־ייִדישע שטימונגען זענען אומגעהויער נאָך פאַרשאַרפט געוואָרן במשך דעם קורצן פעריאָד פון סאָוועטישער אָקופּאַציע פון די דאָזיקע לענדער, ביז יולי 1941), אַז וועגן פּאָליטישע קאָנטאַקטן מיט די רעפּרעזענטאַטיווע אינסטאַנצן זייערע האָט גאָר קיין רייד נישט געקאָנט זיין. אַ פּשיטאַ, נישט וועגן מאָראַלישער אָדער מאַטעריעלער הילף פאַר דער פאַרפאָלגטער ייִדישער באַפעלקערונג. פאַרקערט, געוויסע פּאָליטישע גרופּירונגען און קרייזן

ביי די דערמאָנטע פעלקער האָבן נישט בלויז מיט התמדה און אייפער אַק־טיוו געשטיצט די נאַצישע אויסראָט־פּאָליטיק לגבי דער ייִדישער באַפעל־קערונג, נאָר אַליין מאַסנווייז זיך באַטייליקט אין איר אויספירונג. עס איז גענוג צו דערמאָנען די ליטווישע „פּאַרטיזאַנער", די לעטישע „פּערקאָנ־קרוסט" („פייערקרייצלער"), די „אָרגאַניזאַציע פון די אוקראַיִנישע נאַציאָ־נאַליסטן" (אָ. או. ען.) און אירע מיליטערישע פּאַרטיזאַנער־איינהייטן, אָנ־געפירט פון מעלניקן און באַנדעראַן אאַז"וו. ווייטער ווי צו אינטערווענצן מצד ייִדישע כלל־טוער ביי געוו' פּאָליטישע פירער און באַקאַנטע פּער־זענלעכקייטן איז עס נישט דערגאַנגען (קאָוונע, לעמבערג).

זענען דאָך צאָלרייכע טיילן פון דער ייִדישער באַפעלקערונג אין ליטע אויסגעמאָרדעט געוואָרן דורך די „פּאַרטיזאַנער", ווי נאָר די סאָוועטישע אַרמיי האָט זיך צוריקגעצויגן און איידער עס האָט זיך איינגעשטעלט דער אָקופּאַציע־רעזשים (קאָוונע, מעמעל־געביט און אַנדערע פּונקטן). אין אַ קלענערער מאָס איז דאָס אויך געשען ביים אַריינמאַרש פון דער דייטשער אַרמיי קיין לעטלאַנד, מזרח־גאַליציע און וואָלין.

פּאַראיינצלטע און ליידער זייער שפּעטע שטימען פון קליינע גרופּעס אַנטוישטע אין נאַציזם, ווי דער אויפרוף פון „וואָלינער אוקראַיִנישן קאָ־מיטעט" (אָן דאַטע, משמעות פון סוף 1943, אָדער ערשטער העלפט פון 1944) קעגן מאָרדן איבער פּאָליאַקן, ווו עס ווערט אויך פאַראורטיילט דער אוקראַיִנישער אָנטייל אין מאָרדן איבער דער ייִדישער באַפעלקערונג; אָדער דאָס פלוגבלעטל פון אַ ליטווישער אַנטי־נאַצישער גרופּע „פאַרבאַנד פאַר דער באַפרייונג פון ליטע" פון מיי 1943, וואָס האָט פאַראורטיילט ייִדן־מאָרדן, אַפּעלירט צו די ליטווינער נישט אָנטייל צו נעמען אין אים און זיך קעגנשטעלן; אָדער די פּראָ־ייִדישע שטעלונג פון גריכיש־קאַטוילישן (אוניא־טישן) מעטראָפּאָליט, אַנדריי שעפּטיצקי אין לעמבערג, וואָס האָט נאָך אין פעברואַר 1942 פּראָטעסטירט אין אַ בריוו צו הימלערן קעגן אַנטי־ייִדישע „אַקציעס", בפרט קעגן צוציִען צו דער דאָזיקער מאָרד־אַרבעט די אוקראַיִ־נישע הילף־פּאָליציי. אָט־אָ די דאָזיקע שטימען זענען נאָר ווינציקע אויס־נאַמען פון אַ שרעקלעכן כלל אין דער באַציִונג פון די דאָזיקע פעלקער לגבי זייערע ייִדישע שכנים.

איבעריקנס, איז דער דויער פון די געטאָס אין די באַלטישע לענדער,
אין ווייסרוסלאַנד און אין אוקראַ:נע געווען אַזאַ קורצער, מיט ווינציקע אויס־
באַמען, אַז ווען עס האָט זיך אין געוויסע פּאָליטישע קרייזן פון דער באַ־
פעלקערונג אין די דערמאָנטע לענדער אָנגעהויבן אַ פּראָצעס פון אויסניכ־
טערונג און אַנטוישונג אין זייער ביז־איצטיקער פּראָ־נאַצישער שטעלונג
(ביי די ליטווישע „קריסטלעכע דעמאָקראַטן״, אין מעלניקס גרופּע פון דער
„אָ. או. ענ.״), זענען שוין אויף דער דאָזיקער טעריטאָריע, מיט ווינציקע
אויסנאַמען, קיין ייִדן נישט געווען.

אגב, איז ביי געוויסע פּאָליטישע ריכטונגען, ווי למשל, ביי די באַנ־
דעראָווצעס, מעלניקאָווצעס, אַנטי־נאַציזם (נאָך דער אַנטוישונג אין דער
האָפענונג צו גרינדן מיט דייטשער הילף אַ זעלבשטענדיקע אוקראַ:נישע
מלוכה) געגאַנגען געפּאָרט מיט ריקזיכטלאָזער ייִדן־שנאה.

ערשט מיט דעם וווּקס פון דער סאָוועטישער און פּראָ־סאָוועטישער
פּאַרטיזאַנער באַוועגונג אויף די דאָזיקע שטחים איז פאַר די נאָך איבער־
געלאָזטע געטאָס (פון די גרעסערע: ווילנע, קאָוונע, ביאַליסטאָק), אַנטשטאַ־
נען די מעגלעכקייט פון אָנבינדן קאָנטאַקטן מיט אַ פּאָליטישער באַוועגונג
וואָס איז לכל־הפּחות אין טעאָריע נישט געווען ייִדן־פיינטלעך (פּאַקטיש
איז אויך די סאָוועטישע פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג נישט געווען פריי פון אַנ־
טיסעמיטישע שטימונגען, וואָס פלעגן דאָ און דאָרט אָננעמען אַן אַגרעסיוו־
ייִדן־פיינטלעכן כאַראַקטער).

קאָמפּליצירטער האָבן זיך געשטאַלטיקט די באַציִונגען מיט די פּוי־
לישע אונטערערדישע פּאָליטישע גרופּירונגען אויפן שטח פון אָקופּירטן
פּוילן. פון איין זייט איז כמעט ביי דער גאַנצער פּוילישער באַפעלקערונג
די אַנטי־דייטשע שטעלונג, להיפּוך ווי ביי די ליטווינער, לעטן און אוקראַ:־
נער געווען זייער שאַרף, אָבער פון דער אַנדערער זייט זענען ביי ברייטע
שיכטן פון דער באַפעלקערונג אויך שטאַרק געווען די אַנטיסעמיטישע
שטימונגען.

עס איז סימפּטאָמאַטיש פאַר דער אינטענסיווקייט פון די דייטש־פיינט־
לעכע געפילן ביי דער פּוילישער באַפעלקערונג, אַז אין ערשטן חודש פון
דער מלחמה, ווען עס זענען נאָך אָנגעגאַנגען די שלאַכטן, זענען די אַנטי־

סעמיטישע שטימונגען כמעט פאַרשווונדן פון דער אויבערפלאַך און עס איז שיער נישט אַנטשטאַנען אַ צווייטער פעריאָד פון פוילישער־ייִדישער פאַרברידערונג, ענלעך צו דער קורצער תקופה פון פאַר דעם אויפשטאַנד פון 1863.

דער דאָזיקער, אין אַ גרויסער מאָס דורך דער שנאה צום נאַציזם, נייטראַליזירטער אַנטיסעמיטיזם איז אָבער גיך ווידער אַרויס אויף דער אויבערפלאַך. אַן אומגליקלעכע השפעה אויף דעם ווידערקער פון דעם לאַטענטן אַנטיסעמיטיזם האָבן געהאַט די גוזמאדיקע און טענדענציעזע באַריכטן וועגן דעם פאַרהאַלטן זיך פון דער ייִדישער באַפעלקערונג אויף די מזרח־שטחים פון פוילן, וואָס זענען אָקופּירט געוואָרן דורך די סאָוועטן. די טאַקטלאָזע און טייל מאָל פאַררעטערישע האַלטונג פון ייִדישע קאָמוניסטן אין מאָמענט ווען די דאָזיקע געביטן זענען אַריבער אין סאָוועטישע הענט (טרי׳ומפאַלע באַגריסונגען, איינגלידערן זיך אין טאָוועטישן אָקופּאַציע־אַפּאַראַט, מסירות ביי דער נקוו״ד אויף פוילישע און אויך ייִדישע בירגערלעכע און סאָציאַליסטישע געזעלשאַפטלעכע טוער אויף די ערטער), ווי אויך די בדרך־כלל פּאָזיטיווע איינשטעלונג פון דער ייִדישער באַפעלקערונג אויף די דאָזיקע שטחים צו דעם פאַקט פון סאָוועטישער אָקופּאַציע, וואָס האָט זי צייטווייליק געראַטעוועט פון דער געפאַר אַרונטערצופאַלן אונטער דער נאַצישער הערשאַפט, זענען צווישן דער פוילישער באַפעלקערונג דורך צוריקגעקומענע פּליטים ווי אויך אין דער אַנטיסעמיטישער אונטערערדישער פרעסע פאַרגעשטעלט געוואָרן ווי אַ קאָלעקטיווער פאַרראַט פון די פוילישע ייִדן, ווי אַ באַשטעטיקונג פון דער אַלטער אַנטיסעמיטישער לאָזונג וועגן ייִדן־באָלשעוויקעס („זשידאָ־קאָמונאַ״).

נאַטירלעך האָט אויך די נאַצישע פּראָפּאַגאַנדע און די פאַרקויפטע לעגאַלע פוילישע פרעסע (נאָכן אויסברוך פון דער דייטש־סאָוועטישער מלחמה) זייער געשיקט אויסגענוצט דעם דאָזיקן מאָמענט פאַר העצערישער שנאה צו דער ייִדישער באַפעלקערונג.

אַ פיל שטאַרקערע ראָל האָט דער דאָזיקער מאָמענט געשפּילט אין דער פאַרשאַרפונג פון אַנטיסעמיטיזם אין די באַלטישע לענדער און אין גאַליציע נאָך דעם ווי די דייטשע אַרמייען האָבן פאַרנומען די דאָזיקע געביטן.

אין אַלגעמיין איז די פאַרמלחמהדיקע דיפערענציאַציע פון די פּוילישע פּאָליטישע ריכטונגען און זייער שטעלונג צו דער ייִדישער באַפעלקערונג געווען אויך גילטיק, מיט קליינע אויסנאַמען, במשך דעם גאַנצן אָקופּאַציע־פּעריאָד. פון איין זייט דער רעכטער לאַגער מיט דער „נאַרדאָווא דעמאָקראַציע (ענדעקעס) בראש, וואָס איז פאַרבליבן אַנטיסעמיטיש (מיר שליסן דאָ אויס פאַלן פון יחידישע מעטאַמאָרפאָזעס) און האָט מיט שטילער סאַטיס־פאַקציע צוגעקוקט ווי הימלער „לייזט" ראַדיקאַל די ייִדן־פראַגע אין פּוילן, הגם ער האָט אָפיציעל פאַראורטיילט זיינע מעטאָדן ווי באַרבאַריש.

די דאָזיקע שטעלונג איז געקומען צום אויסדרוק אין דער אונטער־ערדישער פרעסע פון דעם דאָזיקן לאַגער („וואַלקאַ", נאַרוד" א"אַנד").

זיין עקסטרעמער רעכטער פליגל, די גרופּע אָ.נ.ר., „פאַלאַנגאַ", „אַ. ב. צ.", וואָס האָט פאַר דער מלחמה געפירט אַן אַגרעסיוו־אַנטיסעמיטישע טאַקטיק און איז געווען באַגייסטערט פון היטלעריזם, האָט פאַקטיש באַ־רעכטיקט די היטלעריסטישע רציחות מיטן אַרגומענט אַז ייִדן האָבן די שטראָף פאַרדינט און נישט איין מאָל געשטעלט די מערדער און זייערע קרבנות אויף איין ברעטל.[2]

פון דער אַנדערער זייט די „פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי" (פּ.פּ.ס.).

---

[2] אין זייערס אַן אויסגאַבע „סלאָוואָ פּראַוודי" (וואָרט פון אמת) פון 30סטן אָק־טאָבער 1943 לייענען מיר אין אַן אַרטיקל א"ג „די ייִדישע מינדערהייט" די וויטערדיקע גיפטיקע שורות: ...„די איצטיקע מלחמה האָט געוויזן, אַז נישט געקוקט וואָס מיר האָבן אַ בשותפותדיקן פיינט — פאַר אונדז די דייטשן בכלל און פאַרן ייִדן היטלער־דייטשלאַנד — האָבן די ייִדן נישט נאָר נישט געהאַט קיין אָנטייל אין דעם קאַמף מיטן געמיינזאַמען שונא, נאָר דאָרט ווו זיי האָבן געהאַט די מעגלעכקייט, האָבן זיי אונדז געבראַכט פאַר־ניכטונג, סיי ווי אַגענטן פון נ.ק.וו.ד., סיי ווי, ס'איז פשוט נישט צום גלייבן, ווי אַגענטן פון דער געסטאַפּאָ..." „ייִדן וועלן אַרויסשווימען אין אַ קריטישן מאָמענט, געטראָגן פון נקמה־געפילן קעגן אונדז און וועלן שטרעבן צוצונעמען ביי אונדז די פרוכטן פון נצחון (איבער דייטשלאַנד) אַדאַנק זייערע איינפלוסן אין מערב און ביי די סאָוועטן". זייער הויפּט־אָרגאַן „שאַניעץ" האָט אין נומ' פון 15טן פעברואַר 1943 אַן אַרטיקל א"ג „די צוויי אויסדערוויילטע פעלקער", ד"ה ייִדן און דייטשן, וואָס ווערן פאַרגעשטעלט ווי שותפים אין דער פאַרניכטונג פון פּוילן.

בפרט איר לינקער פליגל, די פּ. ס., שפּעטער די „פּוילישע סאָציאַליסטישע אַרבעטער־פּאַרטיי (ר.פּ.פּ.ס.) און די אין מערץ 1942 רעאָרגאַניזירטע קאָ־מוניסטישע פּאַרטיי (די „פּוילישע אַרבעטער־פּאַרטיי" — פּ.פּ.ר.) האָבן אין זייערע אומלעגאַלע אויסגאַבעס אָפּן פאַראורטיילט די נאַצישע פאַרניכטונג־מלחמה קעגן דער יידישער באַפעלקערונג, זיך באַטייליקט אין הילף־אַק־ציעס פאַר איר און אַפּעלירט צו דער פּוילישער באַפעלקערונג אַרויסצו־ווייזן הילף די פאַרפאָלגטע.[3] אַן ענלעכע שטעלונג האָבן פאַרנומען די „דע־מאָקראַטישע פּאַרטיי" און מיט געוויסע פאַרבעהאַלטן, וואָס שייך די צו־קונפט פון יידן אין נייעם פּוילן — די „פּויערים־פּאַרטיי".[4]

---

[3] די פּ.פּ.ס. (די גרופּע „פרייהייט") האָט נאָכן שאַפן די געטאָ אין וואַרשע אַרויס־געלאָזט אין נאָוועמבער 1940 אַ שאַרפן פּראָטעסט־אויפרוף קעגן דער דאָזיקער „מאַסנ־האַפטיקער חיהשקייט מצד די ס.ס., וואָס איז נישט באַקאַנט אין דער געשיכטע". אויף סוף אַפּריל 1943, ווען דאָס געטאָ האָט געפירט זיין העראָישן קאַמף, האָט די פּ.פּ.ס. פאַרעפנטלעכט אַן אויפרוף, אין וועלכן, לויבנדיק די העלדישקייט פון די יידישע קעמ־פערס און פאַרזיכערנדיק, „אַז זייער טאַט וועט נישט אַריבערגיין אָן אַן עכאָ", האָט זי נישט געזאָגט קיין איין וואָרט וועגן ממשותדיקער הילף פאַר דעם קעמפנדיקן געטאָ. די פּ.פּ.ס., געבונדן מיט דער דעלעגאַטור, האָט אין דער פראַגע פאַרנומען אַן ענלעכע שטע־לונג ווי די לעצטע. דאַקעגן די פּ.פּ.ר. און די ר.פּ.פּ.ס. האָבן גערופן אַרויסצווייזן אַק־טיווע הילף די יידישע קעמפער פון דער י.ק.אָ. זען: דעם אונטערערדישן אָרגאַן פון פּ.פּ.ר. „גלאָס וואַרשאַווי" (די שטים פון וואַרשע) פון 28סטן אַפּריל 1943 און די צייט־שריפט פון ר.פּ.פּ.ס. „ראָבאָטניק" (דער אַרבעטער) פון 1טן מאַי 1943.

[4] „גלאָס דעמאָקראַציי" (די שטים פון דעמאָקראַטיע) ענדיקט איר לייטאַרטיקל פון 4טן סעפּטעמבער 1943 מיט די ווייטערדיקע שורות: „אין דעם דאָזיקן פאַל (די אויס־ראָטונג פון דער יידישער באַפעלקערונג דורך די נאַציס) איז מעגלעך נאָר איין מענטש־לעכע און ערלעכע שטעלונג: עקל און פאַראַכטונג צו די מערדער און מיטגעפיל צו די געפייניקטע קרבנות. ווער עס קען ביי זיך נישט פועלן צו פאַרנעמען אַזאַ שטעלונג, פאַרדינט נישט דעם נאָמען מענטש און דאַרף אַריינגעלייגט ווערן אין חרם". דאַקעגן דער פּראָגראַמאַטישער אָרגאַן פון דער פּויערים־פּאַרטיי „פּזשעבודזאַוואַ" (איבערבוי) האָט אין זיינס אַ לייטאַרטיקל פון יוני־יולי 1943 וועגן די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן אין פּוילן, וואָס שייך יידן, אַזאַ קאָמענטאַר: „מיר שטייען אויף אַ קלאָרן שטאַנדפּונקט, אַז זיי זע־נען פאַראַן אין פּוילן צו פיל. אַ סך פּראָבלעמען פון אונדזער ווירטשאַפטלעכן, פּאָלי־טישן און קולטורעלן לעבן קענען נישט גינסטיק פאַרענטפערט ווערן, היות עס דריקט

די אַמאָל שטאַרקע „סאַנאַציע״־פּאַרטיי האָט פאַרנומען אַ נישט קיין איינהייטלעכע שטעלונג. בדרך־כלל האָט זי אין אירע אָפיציעלע ענונציאַציעס פאַרנומען די זעלביקע פּאָזיציע וואָס די פּוילישע עמיגראַציע־רעגירונג.[5]

די פּוילישע אונטערערדישע באַוועגונג איז מיט דער צייט געוואָרן פאַראייניקט (מיטן אויסנאַם פון די קאָמוניסטן) לויטן מוסטער פון דער פאַראייניקונג וואָס איז צושטאַנד געקומען שוין תחילת צווישן די אויבן דערמאָנטע פּאַרטייען אין גלות־לאָנדאָן.

מיט איר האָט אָנגעפירט די „דעלעגאַטור״ פון דער פּוילישער עמיגראַציע־רעגירונג אין לאַנד, וואָס אין אירע הענט זענען געלעגן אַלע פּאָליטישע און אַדמיניסטראַטיווע ענינים פון דער אונטערערדישער מלוכה. ממילא איז זי אויך געווען די העכסטע אונטערערדישע מלוכהשע אינסטאַנץ פאַר דער ייִדישער באַפעלקערונג.

איידער עס איז נאָך געשאַפן געוואָרן די „דעלעגאַטור״, האָט דער „בונד״, וואָס איז פון די ייִדישע פּאַרטייען געווען די איינציקע (חוץ די קאָמוניסטן), וואָס האָט געהאַט אַ לאַנגע טראַדיציע פון צוזאַמענאַרבעט מיט דער סאָציאַליסטישער לאַנד־פּאַרטיי (אין פאַרשידענע פעריאָדן האָבן זיך די קעגנזייטיקע באַציִונגען פאַרשיידן געשטאַלטיקט) זיך באַמיט אין אַ ריי געטאָס (וואַרשע, קראָקע, טאַרנע, וולאָצלאַוועק, פּיעטערקאָוו, לאָדזש א״אַ)

---

אויף אונדז אַ גרויסע ייִדישע מאַסע... הגם מיר זענען ווייט דערפון אָנצוווענדן די אַכזריותדיקע דייטשע מעטאָדן, שטייען מיר אָבער אויפן שטאַנדפּונקט, אַז עס מוז ליקווידירט ווערן דער איבערוווקס פון דעם ייִדישן אָנטייל אין אונדזער לעבן און ייִדן אין זייער איבערוועגנדיקער מערהייט מוזן פאַרלאָזן פּוילן״...

[5] „מישל פּאַנסטוואָוואַ״ (מלוכהשער געדאַנק) פון 30סטן אַפּריל 1943, שרייבט וועגן געטאָ־אויפשטאַנד, אַז „די פּוילישע געזעלשאַפט קוקט אויף די דאָזיקע דערשיינונג מיט דרך־ארץ, גיט אים מאָראַלישע אונטערשטיצונג, ווינטשדיק, אַז דער ווידערשטאַנד זאָל דויערן וואָס לענגער״...

אַלע ציטאַטן פון דער פּוילישער אונטערערדישער פּרעסע זענען גענומען פון .Archiwum Studjum Polski Podziemnej

איינצוהאַלטן די פאַרמלחמהדיקע פאַרבינדונגען מיט דעם פוילישן סאָציאַ־ליסטישן לאַגער.

אין זיין באַריכט פון 16טן מערץ צו דער אַמעריקאַנער רעפּרעזענ־טאַנץ פון „בונד" שרייבט דער צ"ק פון אונטערערדישן „בונד" אין וואַר־שעווער געטאָ: „ביז העלפט 1941 האָבן מיר איינגעהאַלטן אַ קאָנטאַקט מיט וו. ר. נ. (פּ.פּ.ס.) און מיט דער גרופּע „וואָלנאָשטש" (פרייהייט). דער קאָנ־טאַקט איז געווען אַ לויזער און גאַנץ קילער — נישט צוליב אונדזער שולד... אין דער אַנדערער העלפט 1941 האָבן מיר אָנגעקניפּט באַצוּונגען מיט אַן אַנדער גרופּע, פון וועלכער עס האָט זיך שפּעטער אויסגעבילדעט די אָר־גאַניזאַציע פון „פוילישע סאָציאַליסטן"... זיי גרופּירן אַרום זיך אַלע אָפּאָ־זיציאָנעלע און לינקע עלעמענטן פון דער אַמאָליקער פּאַרטיי. דער קאָנ־טאַקט מיט די פוילישע סאָציאַליסטן איז געוואָרן וואָס אַמאָל נענטער. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זיי פאַרענטפערן די פּרינציפּיעלע גרונט־פראַגן אַזוי ווי מיר. דאָס קומט צום אויסדרוק אין זייערע אויסגאַבעס... מיר העלפן זיך קעגנזייטיק אין אַ ריי פאַלן. מיט וו. ר. נ. (פּ.פּ.ס.), טרעפן מיר זיך אויך ווייטער און באַהאַלטן נישט פאַר זיי אונדזערע באַציִונגען מיט די „פוילישע סאָציאַליסטן". דורך דער פאַרמיטלונג פון די „פוילישע סאָציאַליסטן" האָבן מיר זיך פאַרבונדן מיטן דעלעגאַט פון דער רעגירונג". די ר.פּ.פּ.ס. האָט צוו"אַנד' אויך פאַרשפּרייט דעם אומלעגאַלן בונדישן אָרגאַן אין פויליש („פאַר אונדזער און אייער פרייהייט") צווישן פוילישע לייענער, נישט בלויז אין וואַרשע, נאָר אויך אין דער פּראָווינץ.

ווען אין 1943 איז אַנטשטאַנען די א"ג „צענטראַליזאַציע", וואָס האָט אַרומגענומען די סאָציאַליסטישע, סינדיקאַליסטישע און דעמאָקראַטישע גרופּירונגען פון דער פוילישער געזעלשאַפט, איז דער „בונד" צו איר צו־געטראָטן.

אין דעם פּעריאָד פון צוגרייטן דעם געטאָ־אויפשטאַנד איז אַ דאַנק דער הילף פון ר.פּ.פּ.ס. געשאַפן געוואָרן אַ מעגלעכקייט אַז אַן אָנפירנדי־קער מיטגליד פון דער יידישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע (אינזש' מיכאל קלעפּ־פיש) זאָל אויף דער „אַרישער" זייט זיך אויסלערנען די פּיראָטעכנישע

מלאכה פון אויסאַרבעטן גראַנאַטן און אַנדערע עקספּלאָזיווע קאַמף־מכשי־רים פאַרן געטאָ.

אויך די ייִדישע קאָמוניסטן אין געטאָ האָבן אָנגעהאַלטן אַ לעבעדיקן קאָנטאַקט מיט דער פּאַרטיי אויף יענער זייט מויערן (פּ.פּ.ר.). מיט פאַר־שטייער פון פּ.פּ.ר. פלעגן זיך טרעפן שליחים פון געטאָ־אונטערערד. ביידע פּאַרטייען, די פּ.פּ.ר. און ר.פּ.פּ.ס., האָבן געגעבן דעם געטאָ הילף איןָ דער פּאָרעם פון באַוואָפענונג און דיווערסיע־אַקציעס ערב און בעת דעם געטאָ־אויפשטאַנד אין וואַרשע, ווי אויך ביי דער אַקציע פון אַרויספירן די לעבנ־געבליבענע קעמפער פון חרובן געטאָ.

ביי אַנדערע פאַרטייען זענען די קאָנטאַקטן מיט געוויסע פּוילישע פּאָ־ליטישע גרופּירונגען געווען זייער שוואַכע, על־פּי־רוב פון אַן אינדיווידועלן כאַראַקטער. דער השומר־הצעיר, למשל, האָט אַ דאַנק צוויי ענטוזיאַסטישע פריינד זיינע אין די רייען פון דער פּוילישער סקאַוטן־באַוועגונג („האַר־צעזש פּאָלסקי״) געהאַט אַ געוויסן אָנשפּאַר און הילף אין די דאָזיקע קרייזן. איינע פון די דאָזיקע אויסערגעוויינלעכע פרויען (אירענאַ אַדאַמאָוויטש) האָט אים אויך געדינט ווי אַ געטרייע פאַרבינדלערין אין די געפערלעכע נסיעות פון געטאָ צו געטאָ.

די רעוויזיאָניסטן אין וואַרשעווער געטאָ האָבן אין דעם ערב־אויפ־שטאַנד פּעריאָד באַקומען אַ פאַרבינדונג און הילף מצד אַ, ביז איצט נישט פעסטגעשטעלטער, רעכטער מיליטערישער אָרגאַניזאַציע, וואָס איז גע־שטאַנען אויסער די רייען פון דער אונטערערדישער לאַנד־אַרמיי. דער דאָ־זיקער קאָנטאַקט האָט אויפן 3טן טאָג פון אויפשטאַנד געהאַט, פאַר די רע־וויזיאָניסטישע קעמפער, זיין טראַגישן עפּילאָג.

אַ גרופּע רעוויזיאָניסטישע קעמפער, וואָס האָט זיך מיט איר הילף אַרויסבאַקומען דורך אונטערערדישע קאַנאַלן אויף דער אַרישער זייט, האָט אָנגעטראָפן אָנשטאָט זייערע פּוילישע פאַרבינדעטע, אַ דייטשן פּאַטרול. אין דעם קאַמף איז אומגעקומען דער רוב קעמפער. אויך די קליינע גרופּע וואָס האָט זיך אַדורכגעריסן אין דער סביבה פון וואַרשע (לעבן דעם זומער־אָרט מיכאַלין), ווו עס איז פון פריִער צוגעגרייט געוואָרן אַ געהיימע דירה, איז עטלעכע שעה שפּעטער אַרומגערינגלט געוואָרן דורך דייטשע פּאָליציי־

און בעתן אַנטלויפן איז כמעט די גאַנצע גרופּע אומגעקומען און נאָר אַ 2־3 זענען געבליבן לעבן.

עס לייגט זיך אויפן שכל די השערה, אַז די רעוויזיאָניסטישע קעמפער זענען פאַראַטן געוואָרן דורך זייערע צווייפלהאַפטע פּוילישע פאַרבינדעטע פון רעכטן אַנטיסעמיטישן לאַגער[6].

מיט דער „דעלעגאַטור" פון דער לאָנדאָנער רעגירונג אין וואַרשע, סיי מיט איר ציווילן און סיי מיט איר מיליטערישן סעקטאָר זענען געשטאַנען אין אַ שטענדיקער פאַרבינדונג דער „יידישער נאַציאָנאַלער קאָמי־טעט" און די צווי פאַרשטייער פון דער „יידישער קאָאָרדינאַציע־קאָמיסיע" (אַ רעפּרעזענטאַנט פון „בונד" און פון די ציוניסטישע גרופּירונגען (חוץ די רעוויזיאָניסטן), פאַראייניקטע אין „נאַציאָנאַלן קאָמיטעט"). אַ דאַנק דער „דעלעגאַטור" און אירע קורירן האָבן די דערמאָנטע פּאַרטייען און קערפּערשאַפטן געקאָנט זיך פאַרבינדן, אָנהייבנדיק פון הארבסט 1943, מיט די יידישע פּאַרטייען און אָרגאַניזאַציעס אין אויסלאַנד, שיקן זיי שיפרירטע דעפּעשן, באַריכטן און באַקומען פון זיי מאָראַלישע און פינאַנציעלע הילף.

די באַציונגען צווישן דער יידישער פאַרשטייערשאַפט אויף דער „אַרי־שער" זייט און דער „דעלעגאַטור", וואָס זענען אין אָנהייב געווען גאַנץ פריינדלעכע, האָבן זיך מיט דער צייט פאַרערגערט. צו דעם האָבן גורם געווען צוויי סיבות: די פראַגע פון געווער פאַרן קעמפנדיקן געטאָ און דער וווּקס, נאָך גענעראַל שיקאָרסקיס געהיימניספולן טויט אין יולי 1943, פון רעאַקציאָנערע און אַנטיסעמיטישע איינשטעלונגען אין די פּוילישע רעגירנ־דיקע קרייזן אין לאַנד.

די אָנפירונג פון די אונטערערדישע כוחות (ז. וו. ז. — „פאַרבאַנד פון באַוואָפנטן קאַמף", שפּעטער א. ק. „לאַנד־אַרמיי") האָט געהאַט בדרך־כלל אַ נעגאַטיווע באַציונג צו דער פראַגע פון צושטעלן געווער פאַרן געטאָ,

---

[6] אין דער בראָשור האמת על המרד ורשה, אַרויסגעגעבן פון דעם פּראָפּאַגאַנדע־אָפּטייל פון ביתר, תל־אביב, 1946, ווערט אָנגעגעבן אַן אַנדערע, זייער נישט קלאָרע ווערסיע פון די דאָזיקע געשעענישן. עס ווערט אין איר נישט אידענטיפיצירט די גרופּע פון דעם פּוילישן אונטערגרונט, מיט וועלכער די רעוויזיאָניסטשע קעמפער זענען גע־שטאַנען אין פאַרבינדונג.

וואָס האָט זיך געגרייט צום ווידערשטאַנד. אין אַ דעפּעשע אַרויסגעשיקט פון קאָמענדאַנט פון ז. וו. ז. (פּסעוודאָנים „קאַלינאַ") קיין לאָנדאָן דעם 7טן יאַנואַר 1943, לייענען מיר: „ייִדן פון פאַרשידענע גרופּקעס, אויך קאָמוניסטן, ווענדן זיך צו אונדז, לאחר־המעשה, וועגן געווער אַזוי ווי מיר וואָלטן געהאַט פולע מאַגאַזינען. בתורת פּראָבע האָב איך אַרויסגעגעבן אַ ביסל פּיסטאָלעטן; איך האָב נישט די זיכערקייט צי זיי וועלן דאָס בכלל נוצן, מער וועל איך קיין געווער נישט געבן, היות, ווי איר ווייסט, האָבן מיר אַליין נישט, מיר וואַרטן אויף דעם"...

ערשט נאָך דער יאַנואַר־אַקציע פון 1943, בעת וועלכער עס איז געקומען צום ערשטן באַוואָפנטן צוזאַמענשטויס צווישן לויזע גרופּעס פון דער ייִדישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע און דייטשע זשאַנדאַרן, האָט דער מיליטערישער סעקטאָר צוגעשטעלט פאַרן געטאָ 50 פּיסטאָלעטן, 50 גראַנאַטן און 4 קילאָגראַם אויפרייס־מאַטעריאַלן, וואָס איז, אין פאַרגלייך מיט די באַדערפענישן פאַר אַן אָרגאַניזירטן באַוואָפנטן ווידערשטאַנד, געווען ווי אַ טראָפּן אין ים. דאָס איז געווען דאָס צווייטע און לעצטע מאָל וואָס דער אָפיציעלער פּוילישער אונטערערד האָט געהאָלפן מיט אַ קנאַפּן סכום געווער און אַמוניציע דעם וואַרשעווער געטאָ אין דעם פּעריאָד פון גרייטן זיך צום אויפשטאַנד. שפּעטער, ווען דער אויפשטאַנד איז שוין אויסגעבראָכן, זענען אַלע אַלאַרם־רופן וועגן הילף מצד די פאַרשטייער פון דער „קאָאָרדינאַציע־קאָמיסיע" און דער ייִדישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע געבליבן אָן רעזולטאַט.

ביי דער דאָזיקער פּאָליטיק פון נישט העלפן מיט געווער האָט זיך די מיליטערישע אָנפירונג אין לאַנד געהאַלטן די גאַנצע צייט, נישט געקוקט אויף אַ בפירושער אינסטרוקציע פון גענעראַל שיקאָרסקיס שטאַב צום קאָמענדאַנט פון דער „אַרמיאַ קראַיאָוואַ" פון 27סטן יולי 1943, וואָס פאָדערט אים אויף „צו געבן זיי (די ייִדן) הילף ווו דאָס וועט נאָר זיין מעגלעך, צושטעלנדיק געווער און מיליטערישע אויסשטאַטונג פון די פאַראַנענע זאַפּאַסן..."

די סיבה פאַר דעם דאַרף מען זוכן ראשית אין דער אַלגעמיינער איינשטעלונג פון דער אָפיציעלער אָנפירונג פון פּוילישן אונטערערד אין דעם דאָזיקן פּעריאָד אויסצומיידן פאַר יעדן פּרייז מאַסנהאַפטע באַוואָפנטע אַרויס־

טרעטונגען קעגן נאַציִשן אָקופּאַנט. איר לאָזונג איז געווען „וואַרטן מיט דער ביקס ביים פוס", זי האָט דעריבער מורא געהאַט, אַז אַן אָרגאַניזירטער ייִדישער אויפשטאַנד אין געטאָ זאָל זיך אַ מאָל נישט אויסשפּרייטן אויף דעם פּוילישן שטאָט־טייל און אַרומכאַפּן די פּוילישע באַפעלקערונג.

והשנית, האָט דאָס געטאָ געהאַט אין די דאָזיקע קרייזן אַ שם פון אַ נעסט פון שטאַרקער קאָמוניסטישער אינפילטראַציע און מען האָט מורא געהאַט אַז מיטן באַוואָפענען דעם געטאָ באַוואָפנט מען אויך קאָמוניסטישע קאַמף־גרופּעס.

די צווייטע סיבה איז געווען, ווי דערמאָנט, דער וווּקס פון דער השפעה פון רעאַקציאָנערע און אַנטיסעמיטישע קרייזן אין דער פּוילישער אונטערערדישער באַוועגונג אין שייכות מיט דער דערנעענטערונג צו דער פּוילישער טעריטאָריע פון סאָוועטיש־דייטשן פראָנט און דער פאַרשטאַרקונג פון אַנטי־סאָוועטישע שטימונגען, וואָס זענען געקומען בולט צום אויסדרוק נאָך דער מעשה קאַטין אין דער איבעררייסונג פון די סאָוועטיש־פּוילישע דיפּלאָמאַטישע באַציִונגען אין זומער 1943.

עס איז צושטאַנד געקומען אַ דערנעענטערונג צווישן דער „סאַנאַציע" און דער „ענדעציע" און אַפילו בפירושע פאַשיסטישע גרופּעס, ווי די אָ.נ.ר. אין מערץ 1944 איז די מיליטערישע אונטערערדישע אָרגאַניזאַציע פון דער אָ. נ. ר. (N. S. Z. — „נאַציאָנאַלע באַוואָפנטע כוחות") צוגעשטאַנען אָפּיציעל צו דער א.ק. אין איר זאָאָלאָגישן אַנטיסעמיטיזם האָבן זיך די נ.ס.ז.־באַנדעס נישט אָפּגעשטעלט פון באַגיין רציחות איבער ייִדישע פּאַרטיזאַנער אין די וועלדער, ניצול־געוואָרענע פון די שחיטות אין די געטאָס ווי, למשל, איבער אַ גרופּע פון 13 אָפּגעראַטעוועטע קעמפער פון וואַרשעווער געטאָ אין אַ דאָרף לעבן קאָניעצפּאָל (טשענסטאָכאָווער קרייז) און ענלעכע פאַלן, ווי דער מאָרד איבער 8 ייִדן און אַ פּאָלאַק פון דעם דאָרף אַלעקסאַנדראָוו, וואָס האָט זיי אויסבאַהאַלטן (כדי נאָר אויסצורעכענען אייניקע פאַלן פון אַ סך). אין די אָפיציעלע אונטערערדישע אויסגאַבעס פון דער דעלעגאַטור הערן זיך וואָס אָפטער אַנטי־ייִדישע טענער.

צווישן די מאַטעריאַלן וואָס די דעלעגאַטור האָט אַרויסגעשיקט צו דער רעגירונג אין לאָנדאָן אין 1944 געפינען מיר אין אַ ראַפּאָרט (אָן דאַטע) די

וויטערדיקע שורות: „די אַנטיסעמיטישע כוואַליע, וואָס האָט זיך פאַר־שטאַרקט צוליב די ידיעות וועגן פאַרהאַלטן זיך פון די ייִדן אין דער סאָ־וועטישער אָקופּאַציע־זאָנע, איז איצט שוואַכער געוואָרן אונטערן איינפלוס פון דעם שווערן גורל וואָס האָט געטראָפן דאָס דאָזיקע פאָלק. אָבער דער פּאָטענציעלער אַנטיסעמיטיזם, וואָס לעבט אינעם פּוילישן פאָלק און ווערט אויסגעשפּילט דורך דער דייטשישער פּראָפּאַגאַנדע און דעם רעכטן פליגל פון דער פּוילישער פּרעסע, איז די אַנגעווייטיקסטע פּראַגע, וואָס קען ווערן די שייד־ליניע אין די פּאָליטישע שטימונגען פון דער געזעלשאַפט. די אַמ־מייסטן פאַרשפּרייטסטע מיינונג איז, אַז די ייִדישע פּראַגע קען געלייזט ווערן נאָר דורך אַ ברייטער און אין אַן אינטערנאַציאָנאַלן מאָסשטאַב אָרגאַ־ניזירטער עמיגראַציע פון די ייִדישע מאַסן פון פּוילן".

מען דאַרף באַמערקן, אַז דאָס איז געשריבן געוואָרן אין אַ צייט ווען אויף דער גאַנצער טעריטאָריע פון אָקופּירטן פּוילן האָבן נאָך דעמאָלט (תחילת 1944) געלעבט פון 150.000—200.000 ייִדן.

צו דער פאַרשאַרפונג פון די אַנטי־ייִדישע שטימונגען ביי דער פּוילי־שער באַפעלקערונג און אין די אָפיציעלע אונטערערדישע קרייזן האָבן אויך גורם געווען די שטאַרק איבערגעטריבענע ידיעות וועגן די קאָנפיסקאַציעס פון שפּייז, מלבושים א"א, וואָס איינצלנע ייִדישע פּאַרטיזאַנער־גרופּעס פלעגן אַדורכפירן ביי פּריצים און פּויערים אין די דערפער, כדי זיך צו קענען דערנערן און באַקליידן (די דעלעגאַטור האָט נישט אָנערקענט די ייִדישע פּאַרטיזאַנער ווי אַ טייל פון דער אַלגעמיינער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג און נישט נאָר זי נישט געשטיצט, נאָר פאַרנומען אַ נעגאַטיווע שטע־לונג צו זייער עקסיסטענץ בכלל [7]), ווי אויך די ידיעות וועגן דער דעזערציע

[7] נאָך אין 1943 פלעגן פון דער דעלעגאַטור אַרויסגעשיקט ווערן קיין לאָנדאָן ראַפּאָרטן, וואָס פלעגן אונטערשטרייכן דעם אָנזעעוודיקן אָנטייל פון ייִדן אין דער סאָ־וויעטישער פּאַרטיזאַנקע און וועגן אַכזריותן, מאָרדן פון ייִדישע פּאַרטיזאַנער־באַנדעס אין אָשמיאַנער פּאָוויאַט. געמיינט זענען דאָ מסתמא נקמה־אַקטן מצד ייִדישע פּאַרטיזאַ־נען קעגן ווייסרוסן און פּאָליאַקן וואָס האָבן מיטגעאַרבעט מיט די דייטשן ביים פאַר־פּאָלגן און מאָרדן ייִדן. (למשל, די ווייסרוסישע הילפס־פּאָליציי).

פון די ייִדישע סאָלדאַטן פון גענעראַל אַנדערס אַרמיי אין נאָענטן מזרח וואָס דערצו האָבן גורם געווען אַנטיסעמיטישע עקסצעסן קעגן זיי.

די באַציִונגען זענען געוואָרן געשפּאַנטע און אַדורכגעדרונגען מיט קעגנזייטיקן אומצוטרוי. פון אַלע פּוילישע פּאַרטייען, וואָס האָבן געווירקט אין פּוילישן אונטערגרונט איז די קאָמוניסטישע (פּ.פּ.ר.) געווען די איינציקע וואָס איז אין איר טאַקטיק געווען איינגעשטעלט אויף אַ תיכפדיקן קאַמף מיטן נאַצישן אָקופּאַנט. פּ.פּ.ר. איז פאַקטיש געווען, און אַזוי איז זי באַטראַכט געוואָרן פון פּוילישן אונטערערד, אַ דיווערסיע־גרופּע פון דער רויטער אַרמיי אין פּוילן. מחמת דער דאָזיקער טאַקטיק פון באַלדיקן קאַמף איז זי געוואָרן דער נאַטירלעכער פאַרבינדעטער פון דער ייִדישער אונטערערדישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט נישט געקענט וואַרטן מיטן אָנהייבן דעם קאַמף פאַרן כבוד פון די לעבנגעבליבענע רעשטלעך פון דער פּאַרטיליקטער ייִדישער באַפעלקערונג, ווייל וואַרטן האָט פאַר איר געמיינט פאַרלירן דעם לעצטן שאַנס דעם דאָזיקן קאַמף ווען עס איז אָנצוהייבן.

אין אַנדערע גרעסערע פּראָווינץ־געטאָס איז די לאַגע געווען די זעלביקע אויב נישט נאָך ערגער.

אין ביאַליסטאָק, למשל, איז אַ ווענדונג וועגן געווער פון איינעם די הויפּט־אָנפירער פון דער קאַמף־אָרגאַניזאַציע, מ. טענענבוים, צו דער פּוילישער אָנפירונג פון „ציווילן קאַמף״ פון 2טן אַפּריל 1943 (נאָך דער ערשטער ליקווידאַציע־אַקציע פון פעברואַר) געבליבן אָן אַן ענטפער. די איינציקע פאַרבינדונג וואָס דער ייִדישער אונטערערד אין ביאַליסטאָק האָט געהאַט מיט דער דרויסנדיקער וועלט איז געווען מיט דער סאָוועטישער פאַרטיזאַנער־באַוועגונג, וואָס האָט געהאַט איר באַזע אין דער שטאָט און אָפּערירט אין שכנות פון ביאַליסטאָק.

ענלעך איז געווען דער מצב אין ווילנער געטאָ. די פּוילישע אונטערערדישע באַוועגונג אין שטאָט און אומגעגנט „די פּוילישע באַוואָפנטע כוחות צום קאַמף פאַר פרייהייט״ איז געווען נאַציאָנאַליסטיש, שטאַרק אַנטיסאָוועטיש און נישט פריי פון אַנטיסעמיטיזם. איר אָרגאַן „נעפּאָדלעגלאָשטש״ (אומאָפּהענגיקייט) פלעגט פון צייט צו צייט ברענגען סטאַטיסטיקעס וועגן דער צאָל פאַרבליבענע ייִדן און מיט אַ פאַרבאַהאַלטענער סאַטיספאַקציע

אַנגעוויזן אויף די פּוילישע שטעט וואָס זענען שוין געוואָרן „יודנריין”. די אָפיציעלע פּוילישע סאָציאַליסטישע קרייזן האָבן וואָס שייך הילף פאַר ייִדן פאַרנומען אַ פּאַסיווע און אַ ריין פּראַקטישע שטעלונג. עס איז באַקאַנט נאָר איין פאַל ווען אַ פּוילישער סאָציאַליסט, וואָס ווערט אָנגערופן מיעטשיסלאַוו האָט צוגעשטעלט יחיאל שיינבוימען אַ גרעסערן כמות קוילן און אַמוניציע.

פאַרבינדונגען וואָס האָבן זיך בעיקר אויסגעדריקט אין דער פאָרעם פון הילף פאַר יחידים (מאַטעריעלע הילף, אויסבאַהאַלטן אין שטאָט, פאַר־שאַפן פאַלשע דאָקומענטן) האָט דאָס געטאָ געהאַט מיט געוויסע קרייזן פון דער פּוילישער און ליטווישער דעמאָקראַטישער און ראַדיקאַלער אינטעלי־גענץ (אוניווערסיטעט־פּראָפעסאָרן, לערער) פון סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָ־נערן און דער קאַטוילישער גייסטלעכקייט (די „מוטער” אין בענעדיקטינער קלויסטער לעבן ווילנע האָט אויסבאַהאַלטן אין קלויסטער אַ גרופּע פון „השומר הצעיר” און געבראַכט אַפילו איינמאָל גראַנאַטן פאַרן געטאָ).

די פּ.פּ.אָ. איז געשטאַנען אין נאָענטער פאַרבינדונג מיט דעם קאָמי־טעט פון דער ליטווישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין שטאָט (שפּעטער איז אַפילו אַנטשטאַנען אַ בשותפותדיקע אָנפירונג) און מיט דער קאָמוניסטי־שער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג אויף די שטחים פון ליטע. די פּ.פּ.אָ. איז אָנ־ערקענט געוואָרן ווי אַ באַשטאַנד־טייל פון דער דאָזיקער באַוועגונג. לויט דער איניציאַטיוו פון אַ חבר פון דער פּ.פּ.אָ. וואָס האָט געאַרבעט אין דער דייטשער מלוכהשער דרוקעריי, איז אין שטאָט געשאַפן געוואָרן אַ געהיימע דרוקעריי, וווּ עס האָט זיך געדרוקט דער געהיימער אָרגאַן פון דער באַוועגונג „שטאַנדאַר וואָלנאָשטשי” (די פאָן פון פרייהייט) און אַנטי־נאַצי אויפ־רופן צו דער באַפעלקערונג. פרילינג 1943 איז אויך געלונגען אָנצוקניפּן אַ קאָנטאַקט מיט דער ווייסרוסישער (סאָוועטישער) פּאַרטיזאַנער־בריגאַדע.

תחילת 1943 האָט די געסטאַפּאָ אַרעסטירט די אָנפירער פון קאָמוניס־טישן קעמערל אין דער שטאָט, וואָס האָט אויך גורם געווען, ווי מיר האָבן שוין דערמאָנט, די דעקאָנספּיראַציע פון דער פּ.פּ.אָ. און דער טראַגישער עפּילאָג מיט איר קאָמענדאַנט.

פאַרבינדונגען מיט דער פּוילישער געזעלשאַפט האָבן די רעשטלעך פון

אויסגעמאָרדעטן פּוילישן ייִדנטום געהאַט אויך דורך דעם „ראַט צו העלפֿן ייִדן ביי דער דעלעגאַטור פון דער רעגירונג (Rada Pomocy Żydom przy Delegaturze Rządu). וואָס האָט זיך ענדגילטיק אָרגאַניזירט סוף נאָוועמ־בער און אָנהייב דעצעמבער 1942. אין ראַט האָבן זיך באַטייליקט: דער רע־פערענט פאַר ייִדישע ענינים אין דער דעלעגאַטור, פאָרשטייער פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי (וו.ר.נ.), פון די צוויי דעמאָקראַטישע פּאַרטייען און פון דער פּויערים־פּאַרטיי.

אַ געוויסע צייט, ביז יולי 1943, ווען עס האָבן זיך פאַרשאַרפט די אַנ־טיסעמיטישע שטימונגען אין דער פּוילישער געזעלשאַפט, האָט זיך אין ראַט באַטייליקט אויך אַ פאָרשטייער פון „קאַטוילישן פראָנט פון באַנייטן פּוילן”. ווען דער פאָרשטייער פון קאַטוילישן לאַגער האָט פאַרלאָזט דעם ראַט, איז אויף זיין אָרט, סוף 1943 אַריין אין ראַט אַ פאָרשטייער פון דער צווייטער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי — (ר.פּ.פּ.ס.) אין ראַט זענען אויך גע־ווען צוויי ייִדישע פאָרשטייער: איינער, וואָס האָט רעפּרעזענטירט דעם „בונד” אויפן אַמט פון זיין וויצע־פאָרזיצער, און דער צווייטער, ווי אַ שליח פון „ייִדישן נאַציאָנאַלן קאָמיטעט”, האָט פאַרנומען דעם וויכטיקן אַמט פון גענעראַל־סעקרעטאַר.

דער ראַט איז געווען פאַרטראַכט ווי אַ צענטראַלע אינסטאַנץ פאַר הילף פאַר ייִדן אויף דעם גאַנצן שטח פון אָקופּירטן פּוילן. אין אַפּריל 1943 איז אין קראָקע אַנטשטאַנען אַ ראַט פאַר קראָקע און קראָקעווער דיסטריקט און אַביסל שפּעטער — אין לעמבערג (פאַר לעמבערג און לעמבערגער דיס־טריקט) מיט אַן אַנאַלאָגישן ווי אין וואַרשע פּאַרטייאישן צוזאַמענשטעל (מחוץ די דאָזיקע דיסטריקט־ראַטן האָט זיך ענלעך ווי אין וואַרשע נאָך יולי 1943 געפונען דער קאַטוילישער לאַגער). אין קראָקע האָט אין ראַט אויך מיטגעאַרבעט אַ ייִדישער פאָרשטייער.

בכדי צו ברענגען הילף דער ייִדישער באַפעלקערונג אויך אין אַנדע־רע מחוץ די אויסגערעכנטע דיסטריקטן, האָט ביים צענטראַלן ראַט אין וואַרשע פונקציאָנירט אַ „ראַיאָנען־רעפעראַט”, וואָס זיינע דריי שליחים פלעגן אָנקניפּן פאַרבינדונגען מיט געטאָס און לאַגערן, ברענגען פון דאָרט אינפאָרמאַציעס און איבערוויזן פינאַנציעלע הילף.

בעיקר איז די טעטיקייט פון „ראַט צו העלפן ייִדן" באַשטאַנען אין העלפן די טויזנטער ייִדן, וואָס האָבן געלעבט ווי מאַראַנען אויף דער „אַרישער זייט". די הילף האָט זיך אויסגעדריקט: אין באַזאָרגן זיי מיט פאַלשע „אַרישע" דאָקומענטן, אין איבערווייזן פאַר די אויסבאַהאַלטענע ייִדן חודשלעכע געלט־אונטערשטיצונגען, הילף ביים אויסזוכן דירות, געהיימע מעדיצינישע הילף, באַזאָרגונג פון ייִדישע קינדער אין קריסטלעכע קינדער־אַנשטאַלטן אאַז"וו. אַן ענערגישע אַקציע האָט דער ראַט געפירט צו באַקעמפן די פאַרברעכערישע פּלאָג פון שאַנטאַזש, וואָס עס האָבן לגבי די אויסבאַהאַלטענע ייִדן געפירט דעמאָראַליזירטע טיילן פון דער פּוילישער געזעלשאַפט און האָבן גורם געווען, אַז טויזנטער ייִדן זענען אַריינגעפאַלן אין די הענט פון דער געסטאַפּאָ. אויף אַן אינטערווענץ פון ראַט האָט די דעלעגאַטור פאַרעפנטלעכט אין דער פּוילישער אונטערערדישער פּרעסע אַ האַלב־אָפיציעלע שטרענגע וואָרענונג צו די שאַנטאַזשיסטן דראָענדיק זיי און זייערע אַרויסהעלפערס מיט טויט־שטראָף דורך דעם ציווילן ספּעציעלן געריכט (דער ראַט האָט געפאָדערט, אַז די דאָזיקע וואָרענונג זאָל פונאַנדערגעקלעפּט ווערן אין דער פאָרעם פון פּלאַקאַטן).

חוץ דעם האָט דער ראַט גופא פאַרשפּרייט אין וואַרשע פלוגבלעטלעך אין וועלכע די שאַנטאַזשיסטן זענען געשטעמפּלט געוואָרן ווי פאַרברעכער, די פּוילישע געזעלשאַפט ווערט גערופן צו העלפן ייִדן ווי די קרבנות פון היטלעריסטישן טעראָר און צו באַקעמפן די דערשיינונג פון שאַנטאַזש. לייַדער, מחמת דער וואַקלענדיקער שטעלונג פון דער דעלעגאַטור צו דער פּראַגע פון פּוילישער קאָלאַבאָראַציע מיטן אָקופּאַנט אין פאַרפאָלגן די ייִדישע באַפעלקערונג (צוליב דער שטאַרקער אַנטיסעמיטישער איינשטעלונג פון דער פּוילישער באַפעלקערונג האָט דער ראַט מורא געהאַט זיך צו פיל צו אָנגאַזשירן עפנטלעך), זענען די רעזולטאַטן פון קאַמף מיטן שאַנטאַזש געווען נעבעכדיקע. אין דער פּוילישער אונטערערדישער פּרעסע, וואָס פלעגט דאָך נישט דערגיין צו די ברייטע קרייזן פון דער פּוילישער געזעלשאַפט, זענען פון אויגוסט 1943 ביז סעפּטעמבער 1944 פאַרעפנטלעכט געוואָרן סך־הכל 13 טויט־אורטיילן אויף פּאָלאַקן (צווישן זיי אַ גלח און אַ קאַפּראַל פון דער פּוילישער פּאָליציי) פאַר שאַנטאַזשירן און אַרויסגעבן ייִדן אין דייטשע הענט.

# דאָס קולטור־לעבן אין די געטאָס

דאָס קולטור־לעבן אין די געטאָס איז אייגנטלעך געלעגן מחוץ דעם תחום פון דירעקטער פאַראינטערעסירונג מצד דער אָקופּאַציע־מאַכט, וואָס האָט מיטן אויסנאַם פון מיטעלע און העכערע בילדונג על פי כלל נישט פאַרווערט יידישע קולטור־אַקטיוויטעטן. עס איז אַ סברא אַז זי איז גאָר געווען פאַראינטערעסירט, ענלעך ווי אין איר קולטור־פּאָליטיק אין אַנדערע אָקופּירטע לענדער אין פאָרסירן די ביליקע פאַרווײַלונג־קולטור, בכדי אויף אַזאַ אופן צו אַנטשפּאַנען די אומצופרידנקייט ביי ברייטע שיכטן פון דער באַפעלקערונג און זיי דעמאָראַליזירן. עס איז למשל באַוווּסט, אַז לגבי דער פּוילישער באַפעלקערונג האָט דער פּראָפּאַגאַנדע־אַמט אונטערשטיצט דאָס פאַרשפּרייטן פאָרנאָגראַפישע „קונסט" אויף דער סצענע און אין אילוסטרירטע צייטשריפטן, ווי אַ מיטל צו דעמאָראַליזירן און אָפּטעמפּן ביי איר די געפילן פון ווידערשטאַנד. וואָס שייך יידן, האָט נאָך דאָ געקענט ווירקן דער מאָטיוו פון זייער אילוזיעס וועגן דער דויערהאַפטיקייט פון די געטאָס, ווו יידן קענען צווישן זיך קולטורעל זיך אויסלעבן.

איבעריקנס איז דאָס געווען אַ געביט פון יידישן „אויטאָנאָמען" לעבן אין די געטאָס, וואָס די מאַכט האָט מסתמא באַטראַכט פאַר אַן אומשולדיקע טעטיקייט, וואָס איז נישט ביכולת צו קרייצן אירע פּלענער, פאַרקערט, ברענגט אַריין אין די געטאָס אַן אַנטשפּאַנונג און באַרויקונג און ציט אָפּ די אויפמערקזאַמקייט פון די אַקטועלע סכנות.

אין אַ מעמאָראַנדום פון „ראַסנפּאָליטישעס אַמט" פון דער נסדא"פּ וועגן „דער באַהאַנדלונג פון דער באַפעלקערונג פון די אַמאָליקע פּוילישע געביטן לויט ראַסנפּאָליטישע שטאַנדפּונקטן", וואָס איז פאַרענדיקט געוואָרן דעם 25סטן נאָוועמבער 1939, רעדט זיך וועגן יידן בזה הלשון: „פּאָליטישע יידישע גרופּירונגען דאַרף מען פאַרווערן צוגלייך מיט די פּוילישע. דאַקעגן וועט מען קענען אַביסל לייכטער טאָלערירן יידישע קולטור־פאַרבאַנדן,

אײדער פּױלישע. מען קען זיכער דאָ לאָזן די ייִדן אַ פרײערע האַנט װי די פּאָליאַקן, היות די ייִדן פאַרמאָגן נישט פּאָליטיש אַזאַ רעאַלע קראַפט װי די פּאָליאַקן...״

דער אָקופּאַציע־מאַכט האָט אַ פּנים געפּאַסט צום רומל צו טראָגן, װי לאַנג דאָס איז גװיטיק, די מאַסקע פון אַ קולטורעלער רעגירונג (״קולטור־פּאָלק״), װאָס שטעלט זיך נישט אַנטקעגן לעגיטימע קולטור־טעטיקײטן. בכן, איז פון אַלע געביטן פון געטאָ־לעבן דאָס קולטור־לעבן געװען אַ גע־ביט, װוּ די מאַכט האָט זיך, מיטן אױסנאַם פון די ענינים פון אַלגעמײנער בילדונג, לפּי־ערך װײניק געמישט.

אָבער ענלעך װי אין אַנדערע שטחים פון געטאָ־לעבן איז די נאַצישע קולטור־פּאָליטיק בנוגע דער ייִדישער באַפעלקערונג נישט געװען קײן אײנ־הײטלעכע און איז אין הסכם מיטן פּרינציפּ פון ״לאָקאַלן פּירערטום״ גע־װען אָפּהענגיק פון דער אײנשטעלונג פון לאָקאַלע מושלים.

אַ פּאָר בײשפּילן װעלן דאָס געזאָגטע בולט אילוסטרירן:

1. בעת אין װאַרשעװער געטאָ האָט די מאַכט דערלױבט, יעדנפאַלס טאָלערירט, ייִדישע שולן מיט דער פּױלישער אונטערריכט־שפּראַך (זען װײטער), האָט דער הױפּטמאַן פון קרײז בלױנע־סאָכאַטשעװ אינעם װאַרשע־װער דיסטריקט דערקלערט אין זײן בריװ פון 4טן יאַנואַר 1941 צו דער ייִדישער פּריװאַטער שולע אין גראָדזשיסק (דער זעלבער דיסטריקט) אַז די מאַכט דערלױבט צו עפענען ייִדיש־עלעמענטאַרע שולעס מיטן תנאי, אַז די לימודים־שפּראַך זאָל זײן ייִדיש אָדער העברעיש, פאַררופנדיק זיך דער־בײ אױף אַ פאַראָרדענונג פון װאַרשעװער דיסטריקט־שעף פון 27סטן דע־צעמבער 1940. אין ראָדעם איז די דערלױבעניש צו עפענען אַ שולע גע־געבן געװאָרן מיט דעם תנאי, אַז די לימודים װעלן געלערנט װערן אױס־שליסלעך אין ייִדיש. אין יאַסלאָ (קראָקאָװער דיסטריקט) האָט די מאַכט געצװוּנגען איבערצוגײן פון פּױליש װי אַן אונטערריכט־שפּראַך צו העב־רעיש און פּױליש איז נאָר דערלױבט געװאָרן װי אַ הילפשפּראַך.

2. אין לאָדזשער געטאָ האָט די אױפזיכט־מאַכט דערלױבט צו עפע־נען 2 ייִדישע מיטלשולן מיט די העכסטע ליציאַלע קלאַסן, בעת אין ערגעץ,

זוי עס איז ביז איצט באַקאַנט, האָט מען אַזאַ זאַך אָפיציעל נישט טאָלע־רירט און די מיטלשול אין די געטאָס איז געווען אַ געהיימע. אַן אויסנאַם אין דעם פּרט איז אויך געווען ווילנער געטאָ.

3. אין דער צייט ווען אין לאָדזשער געטאָ איז איינע פון די צוויי אָפיציעלע און אַמאייסטן גענוצטע שפּראַכן אין דער יידישער געטאָ־אַדמי־ניסטראַציע געווען פּויליש, האָט מען אין פּאַביאַניץ, וואָס האָט געהערט צו דער לאָדזשער רעיענציע, געצוואונגען די יידישע באַפעלקערונג זיך צו באַ־נוצן נאָר מיט יידיש אָדער דייטש און פאַר אַרויסכאַפּן זיך מיט אַ פּויליש וואָרט אין אַ שאַפּ האָט מען געקריגן געשלאָגן און געצאָלט 20 פּעניג שטראָף.

4. בשעת אין לאָדזשער, וואַרשעווער א״אַ געטאָס פון „וואַרטעלאַנד״ און דער גענעראַל־גובערניע איז דאָס פאַרקויפן און לייענען דייטשע און פּוילישע צייטונגען געווען שטרענג פאַרווערט (פאַר דער יידישער באַפעל־קערונג האָט די מאַכט דערלויבט אויפן גאַנצן אָקופּאַציע־שטח צוויי צײ־טונגען: די לאָדזשער „געטאָ־צייטונג״ אין יידיש [אַ קורצע צייט] און די „גאַזעטאַ זשידאָווסקאַ״ אין קראָקע — אין פּויליש) און מען פלעגט די דאָ־זיקע צייטונגען אַריבערשמוגלען אין געטאָ און לייענען זיי געהיים, האָט דער לייענזאַל אין דער ביבליאָטעק פון ווילנער געטאָ, אַבאָנירט אין 1943 צוויי ווילנער צייטונגען, אַ דייטשע און אַ פּוילישע. לויט אַ פאַראיינצלטער נישט קאָנטראָלירטער ידיעה האָט מען אין זעלווער געטאָ (וואַרטעלאַנד) געהאַנגען צוויי יידן פאַר לייענען פאַרווערטע צייטונגען. אַזעלכע ביישפּילן וואָלט מען געקענט ברענגען נאָך מער.

דאָס קולטור־לעבן אין די געטאָס האָט זיך געשטאַלטיקט פאַרשיידנ־אַרטיק, אָפּהענגיק אין אַ גרויסער מאָס פון לאָקאַלע באַדינגונגען, אָבער גע־וויסע אַלגעמיינע, טיפּישע שטריכן זיינען לאָזן זיך אויסטיילן פון דער דאָ־זיקער פאַרשיידנקייט.

1. די שאַרפע קולטור־דיפערענציאַציע וואָס איז געווען אַזוי כאַ־ראַקטעריסטיש פאַר דעם יידישן פאַרמלחמהדיקן לעבן אין מזרח־אייראָפּע בכלל און אין פּוילן בפרט איז מיט ווינציק אויסנאַמען אָפּגעשוואַכט גע־וואָרן אין די געטאָס, ווו דער יידנראַט האָט פאָרמעל און פאַקטיש איבער־

געגומען די אָנפירונג מיטן קולטור־סעקטאָר (ווילנע, לאָדזש, ביאַליסטאָק). אַזוי, למשל, איז אין די דערמאָנטע געטאָס געשאַפן געוואָרן אַ מער ווייני־קער איינהייטלעכער ייִדישער שולוועזן מיט אַ פאַראייניהייטלעכן שול־פּראָ־גראַם אין וועלכן עלעמענטן פון אַ קולטור־פּאָליטישן כאַראַקטער (ייִדיש, העברעיִש, דת, ארץ־ישראל) זענען דאָ און דאָרט, שוואַכער, אָדער שטאַר־קער אַקצענטירט געוואָרן, אָפּהענגיק אין אַ גרויסער מאָס פון דער קולטור־אַפּיליאַציע פון געגעבענעם שול־פאַרוואַלטער, אָדער לערער, אָבער פּראָ־גראַם־מעסיק איז די אויסגעשטימטע צאָל לימודים געווען אָבליגאַטאָריש אין אַלע שולן. פון די אויסגעפאָרשטע געטאָס איז נאָר אין וואַרשעווער געטאָ דאָס שולוועזן פאַרבליבן צעטיילט לויט אידעאָלאָגישע שיידליניעס (זען ווייטער).

אין וואַרשעווער געטאָ האָט די „ייִדישע קולטור־אָרגאַניזאַציע”, וואָס איז אַנטשטאַנען תחילת ווינטער 1941 אַרומגענומען סיי פּועלי־ציוניסטן, סיי בונדיסטן און אומפּאַרטייִשע קולטור־עסקנים. אין די קולטור־אָפּטיילן פון ווילנער און ביאַליסטאָקער ייִדנראַטן האָבן מיטגעאַרבעט פאָרשטייער פון כמעט אַלע קולטור־שטרעמונגען אין דער ייִדישער געזעלשאַפט. אין לאָדזשער געטאָ האָבן צו די אָנפירנדיקע מיטגלידער פון דער „ייִדישער קולטור־געזעלשאַפט” (געגרינדעט אין אָקטאָבער 1940) געהערט מענטשן פון פאַרשיידענע פּאָליטישע ריכטונגען, וואָס פאַראייניקט האָט זיי די אָנער־קענונג פון דער נויטווענדיקייט פון קולטור־אַרבעט אין ייִדיש.

2. אין פיל געטאָס, בפרט אין די גרעסערע, לאָזט זיך, פון איין זייט, קאָנסטאַטירן אַן אינטערעס און דראַנג צו קולטור־עסטעטישע איבערלע־בונגען בכלל און אַן אויפגעוועקטע פאַראינטערעסירונג מיט ייִדישע קול־טור־ווערטן בפרט, און אַ פאַרשטאַרקונג פון אַסימילאַטאָרישע טענדענצן, פון דער אַנדערער זייט. וועגן „אַ דורשט נאָך אַ ייִדיש בוך”, נאָך ייִדישער מוזיק, טעאַטער ביי גרויסע טיילן פון דער געטאָ־באַפעלקערונג באַריכטן מיטצייטלערישע מקורים פון ווילנער, וואַרשעווער, לאָדזשער א״אַ געטאָס. פון איין זייט איז דאָס געווען אַ דערשיינונג פון „פּסיכישן עסקייפּיזם” פון פינצטערן געטאָ־לעבן, פון „פאַרשיכורן זיך מיט אַ בוך”, און פון אַ דראַנג נאָך פּסיכישער רעקאָמפּענסאַציע, ווי אַ רעאַקציע קעגן די אַנטמענטשלע־

כונג־מעטאָדן און שפלות־געפיל וואָס די נאַציס האָבן געפּרוּווט אָנוואַרפן אויף דעם געטאָ־ייִד. פון דער אַנדערער זייט, האָט אין דער דאָזיקער דער־שיינונג אָפּט געשטעקט אַ טיפער און אויפריכטיקער דראַנג זיך צו באַקע־נען מיט דער ליטעראַטור אוןליידן־געשיכטע פון פאָלק, אין וועלכן מען האָט געזוכט אַן ענטפער און אַ טרייסט אין די קעגנוואַרטיקע ליידן. בפרט איז דאָס בולט געקומען צום אויסדרוק ביי דער באַוווּסטזיניקער און גע־זעלשאַפטלעך אָריענטירטער יוגנט.

אין די פּראָגראַמען פון די שולן זענען ייִדישע לימודים אַוועקגע־שטעלט געוואָרן אין צענטער. אין לאָדזשער געטאָ איז ייִדיש געוואָרן אין פּרינציפּ די לימודים־שפּראַך אין דעם פּאַראַיינהייטלעכן שולוועזן (אין דער פּראַקטיק האָט מען, מחמת אָביעקטיווע סיבות, — דוחק פון לערער מיט אַ גענוגנדיקער קענטעניש פון ייִדיש, מאַנגל אין לערנביכער — געמוזט אָפּ־ווייכן פון דעם דאָזיקן פּרינציפּ). אין ווילנע און ביאַליסטאָק, וואָס האָבן פאַרמאָגט אַ לאַנגע טראַדיציע פון ייִדישע און העברעיִשע שולן, איז דאָס געווען אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכער פּאָסטולאַט.

פון דער אַנדערער זייט, קען מען אויך אָבסערווירן, ווי באַמערקט, די דערשיינונג פון קולטורעלער און שפּראַכלעכער אַסימילאַציע (פּאָלאָניזאַציע — אין די פּוילישע געטאָס), נישט נאָר ביי דער פּראָפעסיאָנעלער אינטע־ליגענץ, וואָס איז שוין פאַר דער מלחמה געווען שפּראַכלעך און קולטורעל היפּש אַסימילירט, נאָר אויך ביי אַנדערע שיכטן. אַ מיטצייטלערישער מקור פּרוּווט דערקלערן די דאָזיקע דערשיינונג קודם־כל מיט פּראַקטישע טעמים: „ייִדן האָבן געהאַלטן פאַר גלייכער זיך מאַכן נישט פאַרשטיין קיין דייטש... דער ייִד האָט גענומען ריידן פּויליש בכדי ער זאָל קענען ענטפערן, ווען אַ דייטש האָט זיך צו אים געווענדט: „ניע ראָזומיעם” (כ׳פאַרשטיי נישט) — און מיט אידעיִשע מאָטיוון: „די ייִדן זענען איינגעפּרעסט אין געטאָ, זיי זוכן אַ קאָנטאַקט מיט דער אויסערלעכער וועלט... און דער ייִד כאַפּט זיך אָן אין דער פרעמדער שפּראַך אַלס אַ רעטונגס־ברעט, אַזוי אַרום דאַכט זיך אים, געפינט ער זיך ווידער אַ קאָנטאַקט מיט דער וועלט, מיט יענער זייט”. אין דעם פּויליש ריידן איז מסתמא אויך געקומען אומבאַוווּסטערהייט צום אויסדרוק אַן אינעווייניקסטער פּראָטעסט קעגן דער אויפגעצוווּנגענער

איזאָלאַציע און דאָס אונטערשטרייכן די גורל־שותפותדיקייט מיט דער דער־שלאָגענער פוילישער מלוכה, פון וועלכער מען האָט דערוואַרט הילף.

אויף דער פאַרשטאַרקונג פון דער אַסימילאַציע־אַטמאָספער אין די געטאָס האָט בלי־ספק משפּיע געווען דער פאַקט, וואָס הינטער זיינע מויערן זענען אַריינגעוואָרפן געוואָרן צאָלרייכע גרופּעס פון דער ייִדישער אַסימילירטער אינטעליגענץ, האַלבע און גאַנצע משומדים. אין געוויסע געטאָס, ווי למשל, אין דער וואַרשעווער, האָבן זיי באַקומען, אַדאַנק די פאַרנומענע אָנפירנדיקע פּאָסטנס אין ייִדנראַט און אין זיינע אינסטיטוציעס, ווי אויך אין דער געטאָ־פּאָליציי, אַ גרויסע השפּעה אויף דעם געטאָ־לעבן. די נעגאַטיווע זייטן פון געטאָ־לעבן איז פאַר זיי געווען גרינגער אָנצונעמען ווי אַטריבוטן פון ייִדישן פאָלקס־לעבן בכלל, און די אַמאָליקע גלייכגילטיקייט האָט זיך פאַרוואַנדלט אין פאַראַכטונג און שנאה צו דער ייִדישער פאָלקס־מאַסע און איר קולטור.

דער ביטערער ייִדישער גורל האָט אויף די נאַציאָנאַל אָדער רעליגיעז ווייניקער באַוווסטזיניקע און שטאַנדהאַפטיקע געווירקט אין דער ריכטונג פון אַ דראַנג צו אַנטלויפן פון דער דאָזיקער גורל־געמיינשאַפט. אין אַ סיטואַציע ווען זיין אַ ייִד איז געווען פאַרבונדן מיט אַזעלכע סכנות האָבן זיך געשאַפן באַדינגונגען פאַר אַ „נאַציאָנאַלער מימיקראַ”. אין דער דאָזיקער ריכטונג האָט אויך מסתמא געווירקט דער פאַרשפּרייטער רעטונג־חלום פון אַנטרינען אויף „יענער זייט”, וווּ מען האָט געקענט דורכהאַלטן נאָר ווי אַ נישט־ייִד.

עס איז סימפּטאָמאַטיש, אַז אין וואַרשעווער געטאָ האָבן אָנגעזעענע ייִדישע שרייבער און קולטור־טוער אויסגעדריקט די מורא פאַר אַ שמד־עפּידעמיע נאָך דער מלחמה, ווי אַ מין אַסעקוראַציע פאַר דער נישט זיכערער צוקונפט. אין אַ ריי געטאָס (וואַרשע, לעמבערג) זענען געווען גאָרנישט קיין קליינע צאָל שמד־פאַלן צוליב פּראַקטישע טעמים: פאַר די משומדים אין געטאָ האָט געזאָרגט די קאַטוילישע „קאַריטאַס”.

3. דאָס קולטור־לעבן אין די געטאָס איז על־פּי־כלל אַרויסגעוואַקסן פון דער איניציאַטיוו פון די געזעלשאַפטלעכע קולטור־אינסטיטוציעס און פּאָליטישע גרופּירונגען וואָס האָבן געהאַט הינטער זיך אַ לאַנגיאָריקע דער־

פאַרונג פון קולטור־אַרבעט צווישן דער יידישער באַפעלקערונג. מחמת לע־גאַליסטישע טעמים האָט עס אָבער על־פּי־כּלל געמוזט טראָגן אויף זיך דעם אָפיציעלן חותם פון יידנראַט. אין וואַרשעווער געטאָ האָט אין אַ געוויסן פּעריאָד געהערשט אַ מין אַנטאַגאָניסטישער פּאַראַלעליזם צווישן דער געזעל־שאַפטלעכער קולטור־טעטיקייט און דעם יידנראַט. צוזאַמען מיט דער סאָ־ציאַלער הילף האָט די קולטור־אַרבעט אין די געטאָס געשאַפן אַ געביט אויף וועלכן עס האָט פּאַקטיש געקענט קומען צום אויסדרוק די אַקטיווקייט פון גרופּעס און יחידים מחוץ די ראַמען פון די יידנראַטן.

4. די קולטור־אַרבעט איז געווען ענג פאַרבונדן מיט די אַקציעס פון סאָציאַלער אַליינהילף און האָט געדינט אויך אַ פּראַקטישן צוועק פון שאַפן געלט־מיטלען פאַר די שייכדיקע הילף־קאָמיטעטן און אינסטיטוציעס פאַר סאָציאַלער הילף.

5. די קולטור־אַרבעט האָט נישט זעלטן געדינט, בפרט אין גרעסערע געטאָס, ווי אַ דעקמאַנטל פאַר פּאָליטישער אונטערערדישער טעטיקייט. דאָרט וווּ די מאַכט האָט זיך אויף דעם געכאַפּט האָט זי זיך בלוטיק אָפּגערעכנט מיט די קולטור־טוער, ווי למשל, אין וואַרשעווער געטאָ אין אַפּריל 1942.

וואָס שייך די פּערספּעקטיוון און מעגלעכקייט פאַר שעפערישער קול־טור־אַרבעט אין די געטאָס, זענען צווישן דער יידישער דענקענדיקער איב־טעליגענץ געווען אַזעלכע וואָס האָבן ביז אַ געוויסן פּעריאָד געמיינט, אַז די געטאָ שאַפט מעגלעכע באַדינגונגען פאַר קולטור־אַרבעט — צו זיי למשל געהערט דער שרייבער הלל צייטלין אין וואַרשעווער געטאָ, דער באַקאַנטער געלערנטער ה. ז. קאַלמאַנאָוויטש אין ווילנער — און אַזעלכע ווי צב״ש דער שרייבער אהרן איינהאָרן, דער פאָרזיצער פון געזונטהייט־אָפּטייל ביים וואַר־שעווער יידנראַט, ד״ר י. מילייקאָווסקי, וואָס האָבן געהאַלטן, אַז קולטור־שעפערישקייט אין געטאָ איז אַן אוממעגלעכע זאַך. ווי פאַרשיידן עס זאָלן נישט האָבן געווען די סוביעקטיווע מיינונגען וועגן דעם ווערט פון קולטור־אַרבעט אין די געטאָס, מוז מען אָבער פעסטשטעלן, אַז אָביעקטיוו האָט זי אָפּגעשפּילט אַ וויכטיקע ראָל.

פון איין זייט, האָט זי געפּרוווט צו אימוניזירן מיט אַ גרעסערער אָדער

קלענערער הצלחה די באַוווסטזיניקע טיילן פון דער געטאָ־באַפעלקערונג, בפרט די יוגנט, קעגן די בהכרח דעמאָראַליזירנדיקע איינפלוסן פון געטאָ־לעבן, שאַפנדיק פאַר זיי אַ געוויסן גייסטיקן אָנשפּאַר און אָנהאַלט אין אַן אַטמאָספער פון נאַקעטן אָפט מאָל ברוטאַלן מאַטעריאַליזם, וואָס האָט באַהערשט פיל געטאָס, און פון דער אַנדערער זייט, געשטאַרקט דעם געטאָ־ייִד קעגן די מעטאָדן פון דעהומאַניזאַציע און מאָראַלישער דערנידערונג וואָס די נאַצים האָבן אָנגעווענדט לגבי דער ייִדישער באַפעלקערונג אין די אָקופּירטע געביטן. די קולטור־אַרבעט אין די געטאָס האָט געטראָגן אויף זיך דעם בולטן חותם פון אַ גייסטיקן ווידערשטאַנד.

מיר וועלן איצט דאָס געזאָגטע אילוסטרירן מיט ביישפּילן פון אַ צאָל גרעסערע און קלענערע געטאָס. מיר וועלן אָנהייבן מיטן וואַרשעווער געטאָ.

## א. וואַרשע

א. שולוועזן

די בילדונגס־פּאָליטיק פון דער דייטשער מאַכט אין אָקופּירטן פּוילן האָט געשטרעבט אין הסכם מיט די נאַצישע פּלענער צו פאַרוואַנדלען די פּוילישע שטחים אין אַ מין קאָלאָניאַלן הינטערלאַנד פאַרן „גרויס־דייטשן רייך", אַראָפּצונידעריקן די עפנטלעכע בילדונג צום עלעמענטאַרסטן ניוואָ. זי האָט דערלויבט נאָר אַזוי פיל בילדונג וויפל עס איז נויטיק פאַר אַ קוואַליפיצירטן האַנטווערקער, אַרבעטער און פאַכמעניש אויסגעשולטן לאַנדווירט. זי האָט דעריבער דערלויבט נאָר עלעמענטאַרע פאָלקס־ און פאַךשולן, מיטעלע און העכערע בילדונג איז געווען פאַרווערט.

דאָס זעלביקע איז חל געווען אויך אויף די ייִדישע באַפעלקערונג, נאָר דאָ, אויפן ייִדישן אָפּשניט, איז די דאָזיקע „בילדונג"־פּאָליטיק אַדורכגעפירט געוואָרן מער ריקזיכטסלאָז און מיט מער שיקאַנעס.

מחמת די מלחמה־געשעענישן, וואָס זענען אויסגעבראָכן אין דעם טאָג, ווען די שולן האָבן זיך געדאַרפט עפענען צום נייעם שול־יאָר 1940/1939, זענען די שולן געבליבן געשלאָסן. ווען עס האָט זיך סוף סעפּטעמבער געענדיקט די באַלאַגערונג פון וואַרשע, זענען מצד ייִדישע לערער פון די מלוכה־

שולן פאַר ייִדישע קינדער געמאַכט געוואָרן פּרוּוון צו לאָזן אין גאַנג אַ צאָל שולן, וואָס אַ טייל פון זיי זענען אינגאַנצן חרוב געוואָרן, אַ טייל אויסגערויבט און דעוואַסטירט, און אַ טייל שול־בנינים קאָנפיסקירט געוואָרן פון דער אָקופּאַציע־מאַכט. דעם 8טן אָקטאָבער 1939 האָט זיך באַוויזן אַ פאַראָרדענונג פון דעם הויפּטקאָמאַנדיר פון דער אָקופּאַציע־אַרמיי אין פּוילן וואָס דער־לויבט צו עפענען די אַלע לערנאַנשטאַלטן, וואָס זענען געווען טעטיק פאַר דער מלחמה. האָבן זיך טאַקע אַ טייל שולן, וואָס זענען מיט דער הילף פון די לערער און תּלמידים דערפירט געוואָרן צו אַ דערטרעגלעכן צושטאַנד, געעפנט, אָבער סוף נאָוועמבער האָט די מאַכט באַפוילן צו שליסן די ייִדישע שולן אונטערן אויסרייד פון געפאַר פון אָנשטעקנדיקע קראַנקייטן. דעם 4טן דעצעמבער האָט זיך געשלאָסן די לעצטע פאָלקסשול פאַר ייִדישע קינדער. די מאַכט האָט גלייכצייטיק דערלויבט צו עפענען די אַלגעמיינע פאָלקס־שולן, אָבער געפאָדערט, אַז די ייִדישע לערער און קינדער זאָלן פון זיי באַ־זייטיקט ווערן. די דאָזיקע טאַקטיק האָט די מאַכט אָנגעווענדט כמעט אויפן גאַנצן שטח פון די אָקופּירטע געביטן. דאָס עפענען פּריוואַטע שולן איז גע־ווען אָפּהענגיק פון אַ ספּעציעלער דערלויבעניש פון דער מאַכט (פאַראָרדע־נונג פון 10טן מערץ 1940). עס איז פאַר אַלעמען קלאָר געוואָרן, אַז די מאַכט טראַכט נישט וועגן דערלויבן עפענען ייִדישע שולן.

די דירעקט פאַראינטערעסירטע, די אַרבעטלאָזע לערערס, וואָס האָבן פאַרלוירן זייער איינציקן מאַטעריעלן אָנשפּאַר, האָבן דורך זייערע פאָרשטייער („לערער־רעפּרעזענטאַנץ״), וואָס האָט אַרומגענומען לערער פון אַלע שול־טיפּן (חוץ די פון די מלוכה־שולן פאַר ייִדישע קינדער) געמאַכט אומאויפ־הערלעכע באַמיִונגען ביים ייִדנראַט, „צענטאָס״ א״אַ ייִדישע אָרגאַניזאַ־ציעס אָנצוהייבן מיט אַ פאַרמאַסקירטן שול־אונטערריכט אונטערן מאַנטל פון קינדערשוץ. לויט אַ מעמאָריאַל, וואָס די „לערער־רעפּרעזענטאַנץ״ האָט צוגעשטעלט דעם ייִדנראַט, האָבן זיך אין סעפּטעמבער 1939 געפונען אין וואַרשע פון 50 ביז 80 טויזנט קינדער אין עלטער פון 5—12 יאָר. טויזנטער קינדער זענען מחמת דער מלחמה געבליבן אָן השגחה, האָבן פאַרפולט די גאַסן און געוואָרן אויסגעשטעלט אויף די דעמאָראַליזירנדיקע איינפלוסן פון לעבן אויף דער גאַס.

דערווייל האָט מען אין אַ סך קינדער־קיכן, וואָס האָבן זיך געעפנט לויט דער איניציאַטיוו פון די געוועזענע שול־אָרגאַניזאַציעס און „צענטאָס", איינגעאָרדנט אַ נישט־אָפיציעלן אונטערריכט פון אַ פּאָר שעה טעגלעך, פון וועלכן עס האָבן גענאָסן צענדליקער טויזנטער קינדער.

דעם 31סטן אויגוסט 1940 איז דערשינען אַ פאַראָרדענונג „איבער דאָס יודישע שולוועזן אים גענעראַל־גאָווערנעמענט", וואָס האָט דערלויבט די יודנראַטן און נאָר זיי צו עפענען יידישע פאָלקס־ און פאַך־שולן מיט אַ סטאַטוס פון פּריוואַטע שולן (§§ 1, 2); די יודנראַטן זענען אויך באַאויפ־טראגט געוואָרן מיט דער זאָרג פאַר אויסבילדן לערערס (§ 2, אָפּזאַץ 3); פאַר דער יידישער באַפעלקערונג ווערט איינגעפירט דער שול־צוואַנג לויט דעם פוילישן שול־געזעץ (§ 3); קאָנפיסקירט יידיש פאַרמעגן, וואָס איז נויטיק פאַר דער דערפילונג פון דער דאָזיקער אויפגאַבע, קען איבערגעלאָזט ווערן דעם יודנראַט מיט דער הסכמה פון די שייכדיקע רעגירונגס־אַמטן (§ 4); צוויי אָדער מער יודנראַטן אין קליינע קהילות קען דער דיסטריקט־שעף צוזאַמענשליסן בכדי צו עפענען בשותפות יידישע שולן (§ 5). די השגחה איבער די יידישע שולן האָבן די דייטשע מאַכט־אָרגאַנען (§ 6). דאָס איז געווען די אַלגעמיינע פאַראָרדענונג. בכדי צו עפענען אַ שול האָט יעדער יודנראַט געמוזט זיך ווענדן נאָך אַ דערלויבעניש צו דער לאָקאַלער אויפ־זיכט־מאַכט.

נאָכן באַוויַזן זיך פון דער דערמאָנטער פאַראָרדענונג האָט דער יודנ־ראַט גענומען מאַכן הכנות צו רעאַליזירן די געשטעלטע אים אויפגאַבע. עס איז געשאַפן געוואָרן אַ שול־קאָמיסיע מיטן אָנטייל פון פאָרשטייער פון די געוועזענע יידישע שול־אָרגאַניזאַציעס, אָבער מחמת באַוואָרענישן מצד דער סאַניטאַרער מאַכט אין שטאָט האָט מען די צוגרייטונג־אַרבעט געמוזט אָפּ־שטעלן.

עס איז טיפּיש פאַר דער צביעות פון דער נאַצישער שטאָט־אַדמיניס־טראַציע, אַז דווקא אין די זומער־ און די האַרבסט־חדשים פון 1940 האָט זיך די צאָל פאַלן סיי פון בויך־טיפוס, סיי פון דער פלעק־פיבער־עפּידעמיע, וואָס זענען אויסגעבראָכן צווישן דער יידישער באַפעלקערונג אין האַרבסט 1939, שטאַרק פאַרקלענערט. אויב אין דעצעמבער 1939 האָט די צאָל פאַלן

פון בויך־טיפוס באַטראָפן 540, איז אין די זומער־חדשים פון 1940 געפאַלן צו בערך 10 אַ חודש. דאָס גלייכן איז די צאָל פאַלן פון פלעק־טיפוס געפאַלן פון 407 אין אַפּריל אויף 10 אין אויגוסט 1940. אָבער די „זויכעגפאַר" איז געווען אַ באַקוועמער תירוץ אויף נישט לאָזן פאַרווירקלעכן אין לעבן אַן אייגענע פאַראָרדענונג, אויב ייִדן קענען דערפון האָבן אַ נוצן.

אין יאַנואַר 1941 האָט דער ייִדנראַט ווידער באַנייט זיינע באַמיִונגען — אָבער אָן רעזולטאַט. ערשט אין אַפּריל האָט דער ייִדנראַט באַקומען פון דער מאַכט אַ דערלויבעניש צו עפענען אַ צאָל פאָלקסשולן, תחילת, ווי עס האָט געהייסן פאַר 5,000 קינדער. די שול־קאָמיסיע איז ווידער אַקטיוויזירט געוואָרן (אין איר זענען אַריין אויך מיטגלידער פון ייִדנראַט וואָס זענען געווען שול־טוער). אויפן סמך פון די מאַטעריאַלן וואָס זענען צוגעשטעלט געוואָרן פון די שול־אָרגאַניזאַציעס און פרייוויליקע שול־טוער, זענען אויסגעאַרבעט געוואָרן די ראַמען פון אַן אַלגעמיינער שול־אָרגאַניזאַציע וואָס האָט אַרומגענומען 6 שול־טיפּן („ציש"אָ", „תרבות", „שול־קולט", „יבנה", „חורב", „בית־יעקב"), די פּראָגראַמען פאַר די באַזונדערע שול־טיפּן, און עס זענען צונויפגעשטעלט געוואָרן רשימות פון לערערס און שול־פאַרוואַלטערס.

אָבער דער ענין האָט זיך נישט גערירט פון טויטן פונקט. דער ייִדנראַט אינטערווענירט ביי דער מאַכט וועגן דערלויבן עפענען די מיט אַ יאָר צוריק געזעצלעך איינגעפירטע שולן און אויסשולונג־קורסן פאַר לערערס, שטעלט צו אַ רשימה פון לאָקאַלן פאַר די שולן. ענדלעך זענען אין סעפּטעמבער־אָקטאָבער 1941 געעפנט געוואָרן זעכצן שולן, וואָס האָבן זיך געפונען אונטערן פּאַטראָנאַט פון די פאָלגנדיקע שול־אָרגאַניזאַציעס: ציש"אָ — 3, תרבות — 3, שול־קולט — 1, רעליגיעזע שולן (בית־יעקב, חורב, יבנה) — 5, און שולן מיט פּוילישער אונטעררי‌כט־שפּראַך — 4.

אַרום און אַרום האָבן זיך אין די עפנטלעכע אָנפאַנג־שולן אין געטאָ געלערנט ביי 10,000 קינדער ד"ה בערך אַ פינפטל פון אַלע קינדער אין פאָלקשול־עלטער. וועגן די דאָזיקע אָנפאַנג־שולן דערציילט די ניצול־געוואָרענע שול־אינספּעקטאָרין אין אירע זכרונות די ווייטערדיקע אינטערעסאַנטע פּרטים:

„...די פּראָגראַם האָט פּאָרויסגעזען, אַז מען וועט לערנען, פּויליש, ייִדיש, העברעיִש, אַריטמעטיק, ייִדישע לימודים, צייכענען, האַנטאַרבעט, געזאַנג און גימנאַסטיק. געשיכטע און געאָגראַפיע זענען נישט דערמאָנט געוואָרן — דאָס האָט מען אַדורכגעשמוגלט אויף די לעקציעס פון שפּראַכן אָדער פון טעכנישע לימודים. קיין לערנביכער זענען נישט געווען, און דער לימוד האָט דערפון שטאַרק געליטן. בלית־ברירה האָט מען אויסגענוצט פּאַרמלחמהדיקע ביכער, אָבער די געטאָ־שול האָט דאָך געהאַט אַן אַנדער שיטה — זי האָט על־פּי פּראָגראַם געדאַרפט אָנשפּאַרן דאָס לערנען אויף ייִדישער טעמאַטיק. די שולן אויף ייִדיש און העברעיִש זענען געגאַנגען מיט זייער פּאַרמלחמהדיקן וועג און האָבן גענוצט זייערע אַלטע לערנביכער אויף וויפל מען האָט זיי געקענט באַקומען. גאָר גרויסע שוועריקייטן האָבן געהאַט די שולן אויף פּויליש, וואָס ביז דער מלחמה זענען זיי געווען אַסימילאַטאָרישע אין גייסט און דאָ האָבן זיי געדאַרפט אָנהייבן געבן אַ נאַציאָנאַלן אינהאַלט. די איינפּאַליקייט פון די לערערס איז דאָ געווען אַ סך וויכטיקער איידער אין נאָרמאַלע שולן. מען האָט קאָנצענטרירט דאָס לערנען אויף ייִדישע יום־טובים, אַרום לעבן און אַרבעט אין געטאָ, אַרום בעלעטריסטישע ווערק, ווו עס שטייט אין צענטער די ייִדישע סביבה. דער שול־אָפּטייל האָט פּלאַנירט אַרויסצוגעבן נייע לערנביכער, אָבער דערויף האָט מען זיך נישט דערוואָרט".

די שולן האָבן זיך געעפנט מיט דריי קלאַסן, אָבער מען איז דערגאַנגען צום 4טן און אין געוויסע שולן אַפילו צום 5טן קלאַס.

פון אַ געוויסן עלעמענטאַרן אונטערריכט האָבן גענאָסן אויך די קינדער אין פּאָרשול־ און שול־עלטער, וואָס האָבן זיך געפונען אין פּאַרשיידענע קינדער־אַנשטאַלטן פון „צענטאָס", אָדער אונטער זיין השגחה. צום 1טן דעצעמבער 1941 האָט דער „צענטאָס" אַרומגעכאַפּט אין זיינע קינדער־אַנשטאַלטן און אין אַנדערע באַשפּייזונג־אויפזיכט־פּונקטן (16 אינטערנאַטן, 5 האַלב־אינטערנאַטן, 25 קינדער־קיכן, 8 דערציִונגס־קלובן, 24 קינדער־קלובן אין די פּליטים־אַזילן, 14 אַזילן מיט נישט־סטאַבילן דערציִונגס־פּערסאָנאַל א"אַ) 25,648 קינדער. דעם 5טן פעברואַר 1942 זענען

אין די קינדער־קיכן און דערציִונגס־קלובן געווען באַשעפטיקט 319 פּער־זאָן, צווישן זיי 85 דערציִערס און דערציִערינס.

געלערנט צו ביסלעך מיט קינדער האָט מען אויך אין די אַ"ג „הויז־ווינקלען" אָרגאַניזירטע פון די הויז־קאָמיטעטן, אָדער דורך שכנים, ווו גרו־פּעס קינדער פון איין אָדער אַ פּאָר הייזער פלעגן פאַרברענגען אונטער דער אויפזיכט פון געשולטע און ווייניקער געשולטע דערציִערס, „מדרי־כים", און „העלפערס" פון חלוצישע אָרגאַניזאַציעס און „סקיף" (בונדישע קינדער־אָרגאַניזאַציע).

די שווידערלעכע מאַטעריעלע באַדינגונגען אין וועלכע עס האָט גע־לעבט די געטאָ־באַפעלקערונג, בפרט די ריזיקע כמעט 100,000 קעפּיקע פּליטים־מאַסע, האָבן זייער באַשווערט און אָפט געמאַכט אוממעגלעך צו פירן אַ מער ווייניקער נאָרמאַלע בילדונג־ און דערציִונג־אַרבעט. אָט וואָס עס שרייבט אַן אינספּעקטאָרין וועגן די באַדינגונגען אין די „צענטאָס"־אַזילן אין איר באַריכט אין יאַנואַר 1942:

„...צו דער שוואַכער פרעקווענץ זענען גורם נאַטירלעך די פרעסט, דוחק אין שיך און מלבושים, די נישט־באַהייצטע, אָדער זייער שוואַך באַ־הייצטע לאָקאַלן פון די אַזילן און דער איינציקער מאַלצייט פון אַ מינימאַלן דערנערונגס־ווערט... אין דערציִעריש־דידאַקטישן פּראָגראַם נעמט מען אין אַכט נאָר די יאָר־תקופות, מען פירט נישט קיין פּראַקטישע לימודים ווי צייכענען, קלעפּן פון ליים... אין פיל קינדער־קיכן איז נישט געפירט גע־וואָרן קיין שום דערציִונגס־אַרבעט".

נישט געקוקט אויף די געשילדערטע באַדינגונגען איז דער אינטע־לעקטועלער ניוואָ פון לערנען געווען אַ הויכער. קינדער אין די געטאָס זענען גייסטיק פרי רייף געוואָרן און דער דורשט נאָך וויסן איז ביי זיי געווען אַ גרויסער. איז דאָך די שול, דער קלוב, דאָס הויז־ווינקל געווען דער איינציקער ליכטיקער פונקט אינעם טרויעריקן לעבן פון געטאָ־קינד.

ווי שוין דערמאָנט, איז מיטלשול־בילדונג געווען אָפיציעל פאַרווערט און זי איז געפירט געוואָרן געהיים, בעיקר אין דער פאָרעם פון אַ"ג „קאָמ־פּלעטן" (דאָס זעלבע איז פאָרגעקומען אויך ביי דער פּוילישער באַפעלקע־רונג). די פּריוואַטע קאָמפּלעטן, אָרגאַניזירט פון לערערס, האָבן אַרומגע־

כאַפּט קליינע גרופּעס תלמידים (6—20) און די לעקציעס זענען געפירט געוואָרן אין די פּריוואַטע דירות פון די תלמידים, אָדער לערערס. עס זענען געווען קאָמפּלעטן וואָס זענען געווען אָרגאַניזירט לויטן פּראָגראַם פון אַ פולער מיטלשול (מיטן אויסנאַם פון אייניקע טעכנישע קעגנשטאַנדן). לויט אַ סטאַטיסטיק וואָס איז צונויפגעשטעלט געוואָרן פון אַ גרופּע לערערס האָבן זיך אין די קאָמפּלעטן געלערנט בערך 20% פון די געוועזענע מיטלשול־תלמידים, די צאָל קאָמפּלעטן איז אין יאָר 1941 דערגאַנגען צו אַ פּאָר הונדערט. עס זענען אויך געווען תלמידים־גרופּעס געשאַפן פון פּאָליטישע ריכטונגען און בילדונג־אָרגאַניזאַציעס („ציש״אָ", „אָרט", „השומר הצעיר", „אַגודת ישראל", „מזרחי" א״אַ). אַ געוויסע צייט זענען אויך געווען טעטיק צוויי געהיימע גימנאַזיעס פון „תרבות" און „דרור". די „תרבות"־גימנאַזיע האָט עקסיסטירט ביז יוני 1942, האָט געהאַט דריי קלאַסן און 6 לערערס. אין גימנאַזיע האָבן זיך געלערנט אַ פּאָר צענדליק קינדער. די גראַדואַנטן האָבן באַקומען צייגענישן. די „דרור"־גימנאַזיע געגרינדעט אין אויגוסט 1940 מיט 7 שילערס האָט אין שול־יאָר 1941 געציילט 120 תלמידים און קרוב 13 לערערס.

די דערלויבעניש צו עפענען פאַכקורסן פאַר יוגנט, וואָס דער דייטשער שטאָטישער שעף האָט געגעבן דעם יודנראַט אין אויגוסט 1940 איז אויסגענוצט געוואָרן צו לערנען אַלגעמיינע און אַפילו העכערע טעאָרעטישע לימודים (די דערלויבעניש איז געגעבן געוואָרן מיטן תנאי, אַז די קורסן וועלן האָבן אַ ריין־טעכנישן כאַראַקטער).

די לעגאַלע אינסטאַנץ פון די פאַכקורסן איז געווען „די קאָמיסיע פאַר מלאכה־אויסבילדונג" (שפּעטער גערופן „קאָמיסיע פאַר פאַך־אויסבילדונג"), וואָס אין איר זענען אַריין פאָרשטייער פון „אָרט" און יודנראַט. ביים סוף פון 2טן קוואַרטאַל פון 1941 (30סטער יוני) זענען געווען טעטיק 24 קורסן מיט 832 יונגלעך, 24 קורסן מיט 818 מיידלעך און 16 קאָעדוקאַציע־קורסן מיט 681 תלמידים און תלמידות. בכן צוזאַמען 62 פאַרשיידענע פאַך־קורסן מיט 2,331 שילערס. צווישן סעפּטעמבער 1940 ביז סוף יולי 1942 זענען אַדורכגעגאַנגען די פאַך־קורסן, צוזאַמען מיט די ספּעציעלע קורסן פאַר איבערקוואַליפיצירונג און אויסבילדונג פון יוגנט אין נאָכשול־עלטער, קרוב

20,000 פערזאָן. ביז סוף אַפּריל 1941 זענען אויך געעפנט געוואָרן 4 קורסן פון צווייטן העכערן שטאַפּל, פאַר אַוואַנסירטע אין זייער פאַך, און פאַר אַבסאָלווענטן פון די קורסן פון דער ערשטער מדרגה. מחמת די שווערע און נישט־זיכערע באַדינגונגען איז די פלוקטואַציע אויף די קורסן געווען אַ גרויסע און די צאָל באַזוכער האָט געהאַלטן אין פאַלן.

מיט דער צייט זענען אויך אַנטשטאַנען פאַכקורסן אויף אַ ליצעאַלן און אַפילו אוניווערסיטעטס־ניוואָ מיט אַ ברייטן טעאָרעטישן פּראָגראַם, ווי דער קורס פאַר פלעגערינס (מיט 250 שילעריננס), וואָס האָבן גלייכצייטיק גע־אַרבעט אין די געטאָ־שפּיטאָלן, די כמעט אַן איבעררייס פונקציאָנירנדיקע פלעגערינס־שול ביים ייִדישן שפּיטאָל, וואָס די דייטשע מאַכט האָט בלית־ברירה נישט געשלאָסן מחמת די עפּידעמיעס, דער איינציקער נאָרמאַלער לערנאַנשטאַלט אין געטאָ מיט אַ צוויי־יאָריקן קורס, דער פאַרמאַצעווטן־קורס (מיט 50 קורסאַנטן), אַ פּראַקטישער קורס פאַר אַנגעווענדטער כע־מיע (50 באַזוכערס) און דער קורס פאַר גראַפיקער.

עס זענען אויך אַנטשטאַנען אין געטאָ, נישט געקוקט אויף די אומגע־הויערע מניעות און אויף דער געפאַר אַנטדעקט צו ווערן פון דער מאַכט, צוויי קורסן אויף אַ ניוואָ פון הויכשולן, די מעדיצינישע און טעכנאָלאָגישע, ווי אויך — שוין לעגאַל — די פּעדאַגאָגישע קורסן. די לעקטאָרן אויף די דאָזיקע קורסן זענען געווען געוועזענע ייִדישע, אָדער געשמדטע פּראָפעסאָרן, וואָס האָבן געלערנט פריִער אין די וואַרשעווער הויכע לערנאַנשטאַלטן, אין יודאַיִסטישן אינסטיטוט א״אַ. בפרט זענען אויף אַ הויכן טעאָרעטישן ני־וואָ געשטאַנען און געהאַט אַ גרויסן דערפאָלג די מעדיצינישע קורסן מיטן באַוווסטן עפּידעמאָלאָג פּראָפ׳ לודוויג הירשפעלד בראש. אויף דעם קורס האָבן געלערנט אין פאַרשיידענע פעריאָדן פון 180 ביז 250 קורסאַנטן.

די דערלויבעניש אויף די פּעדאַגאָגישע קורסן, וואָס זייער לעגאַלקייט האָט זיך געשטיצט אויף § 2 פון דער דערמאָנטער פאַראָרדענונג פון 31סטן אויגוסט 1940 וועגן אויסבילדן לערערס פאַר די שולן פון די ייִדנראַטן, האָט די מאַכט געגעבן מיטן תנאי, אַז קיין הומאַניסטישע לימודים טאָרן נישט געלערנט ווערן מיטן אויסנאַם פון די יודאַיִסטישע געגנשטאַנדן, אָבער ווי אויף אַלע אַנדערע קורסן, האָט מען אויך דאָ עובר געווען אויפן

תנאי און געלערנט אַלגעמיינע פּעדאַגאָגיק, געשיכטע פון פילאָסאָפיע, פּסי־כאָלאָגיע א״אַ הומאַניסטישע געגנשטאַנדן. די לעקטאָרן זענען געווען גע־וועזענע פּראָפעסאָרן פון יודאַיִסטישן אינסטיטוט און מלוכהשן סעמינאַר פאַר ייִדישע לערער פון רעליגיע.

געווען אויך אין געטאָ קורסן וואָס האָבן געהאַט אַ דירעקטן פּראַקטישן צוועק: צו באַגריגען דעם שטיינערנעם, מיט חורבות פאַרלייגטן, שטח און שאַפן „לונגען פאַרן געטאָ". דאָס זענען געווען די לאַנדווירטשאַפטלעכע און גערטנעריי־קורסן איינגעאָרדנט פון דער פאַרמלחמהדיקער „געזעלשאַפט צו פאַרשפּרייטן לאַנדווירטשאַפט", „טאָפּאָראָל" און „אָרט", ווו מען האָט אויך געלערנט באָטאַניק, כעמיע און אַנדערע נאַטורוויסנשאַפטלעכע לימו־דים.

אין אירס אַ באַריכט פון אַ האַלב יאָר טעטיקייט, פאַרעפנטלעכט דעם 30סטן יוני 1941, ווערט צוו״אַנד אָנגעוויזן, אַז 324 פּערזאָן באַזוכן די לאַנד־ווירטשאַפטלעכע קורסן און 267 די קורץ־טערמיניקע קורסן פון אַגריקול־טורעלער צוגרייטונג.

די קורסן האָט „טאָפּאָראָל" געפירט, אָנבינדיק צו דעם פאַרמלחמהדיקן פּראָגראַם, אונטער דער לאָזונג פון „איבערשיכטונג און פּראָדוקטיוויזאַציע פון דער ייִדישער געזעלשאַפט, וואָס זענען געוואָרן אַ פראַגע פון איר זיין און צוקונפט".

דער הויפּט אַקצענט פון דעם קולטור־ווערט פון שול־וועזן אין געטאָ איז אָבער געלעגן נישט אינעם לערנען ווי אַזעלכן, וואָס איז מחמת דער אומבאַשרייבלעכער נויט פון דער היים און דער מאַטעריעלער אָרעמקייט פון די שולן (דוחק אין ביכער, שול־מכשירים, באַהייצונג אין ווינטער) גע־ווען זייער באַשווערט, נאָר אין דער פּסיכישער אָנטשפּאַנונג און מאָמענטנ־ווייז אַפילו פרייד פאַר די קינדער, און אין דער קולטור־אַטמאָספערע, וואָס די שולן און די קינדער־אַנשטאַלטן פון „צענטאָס" האָבן געשאַפן אין געטאָ און אַריינגעצויגן אין איר ברייטע קרייזן פון דער באַפעלקערונג.

אָט וואָס עס האָט פאַרנאָטירט אין מערץ 1943 אַ קלוב־פירערין ביי די סאַמע אומגליקלעכסטע קינדער אין אַן אַזיל פון פליטים־קינדער אין יאָר 1941: „...קינדער וואָס האָבן במשך חדשים נישט געהאַט קיין שום פאַר־

ווײַלונג (געווען אַזעלכע וואָס האָבן נאָך קיינמאָל נישט פאַרזוכט דעם דאָ־זיקן טעם) האָבן זיך אַזוי צעזונגען, אַז אַפילו נאָך זייער אומקערן זיך אין אַזיל האָבן זיי איבערגעחזרט די קלוב־לידלעך... עלטערן, וואָס האָבן נאָך געהאַט אַביסל פאַרשטענדעניש פאַר די גייסטיקע באַדערפענישן פון זייערע קינדער, פלעגן אַליין קומען אין קלוב הערן דאָס זינגען און צוקוקן זיך צו די שפּילערייען פונעם קליינוואַרג און צו די האַנטאַרבעטן פון די עלטערע... דער ספּאָנטאַנישער געזאַנג פלעגט דערשטיקן כמעט אַלע שטימען, וואָס פלעגן אומרויִק פאָדערן עסן...״ די אימפּאָזאַנטע קינדער־פאָרשטעלונגען — די חנוכּה קינדער־פאָרשטעלונג אין דעצעמבער 1941, די אַקאַדעמיע איינ־געאָרדנט פון „צענטאָס״ א״נ „דאָס קינד אין דער ייִדישער ליטעראַטור״, די ל״ג בעומר־פאָרשטעלונג תּחילת מאַי 1942 א״אַ, אין וועלכע הונגעריקע און פרירנדיקע לערערס און קינסטלערס האָבן צוזאַמען מיט די קינדער אַרײַנגעלייגט זייער גאַנץ האַרץ און מוח — האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין קולטור־געשעענישן אין געטאָ, וואָס האָבן איבערגעלאָזט נאָך זיך אַ טיפן רושם.

אין דעם געהיימען באַריכט, וואָס איז אָנגעשריבן געוואָרן פון וואַרשע־ווער געטאָ דעם 1טן מערץ 1944 און אַרויסגעשיקט סוף מאַי צום „ייִוואָ״ אין ניו־יאָרק (דורך לאָנדאָן), לייענען מיר: „אַ פאַרצווייגטע קולטור־טעטי־קייט צווישן ברייטע שיכטן פון קינדער און יוגנט האָט געפירט „צענטאָס״... מיט דער הילף פון אַ שטאַב ייִדישע לערער, דערציִער און אַרטיסטן זענען אָרגאַניזירט געוואָרן הונדערטער קינדער־פאָרשטעלונגען אין אינטערנאַטן, קינדער־היימען און קלובן... באַזונדערס זענען בשעת די געוויסע געזעל־שאַפטלעכע אַקציעס פונעם „חודש פון קינד״ פאָרגעקומען אימפּאָזאַנטע קולטור־קינסטלערישע פאָרשטעלונגען, צו וועלכע עס פלעגן קומען טויזנ־טער צוהערער, כּדי אָפּצורייסן זיך אויף אַ פּאָר שעה פון דער קאָשמאַרנערווירקלעכקייט״.

די זומער־„אויסזידלונגען״ פון 1942 האָט פון דעם אַלעם איבערגע־לאָזט חורבות. נאָך סעפּטעמבער 1942 זענען שוין זייער ווייניק קינדער פאַר־בליבן אין געטאָ. אָבער דאָס הייפל איבערגעבליבענע לערער, וואָס במשך אַ גאַנצן טאָג האָבן זיי געשקלאַפט אין די געטאָ־שאָפּן, האָבן אָרגאַניזירט פאַר דעם מיט נויט און שווייס אָפּגעראַטעוועטן קינדער־רעשט איבער אַ

צענדליק קינדער־קלובן אין די היף, און עטלעכע לערן־קאָמפּלעטן פֿאַר עטלעכע היף אינאײנעם. כּדי אויסצומײַדן די סכּנה פֿון געכאַפּט ווערן אין גאַס (ייִדן האָבן זיך נישט געטאָרט באַווײַזן במשך דעם טאָג מחוץ די שאָפּן) האָט מען דורכגעהאַקט געהײמע דורכגענג צווישן די היף. עס זענען אַפֿילו אָרגאַניזירט געוואָרן אַדאַנק דער איניציאַטיוו פֿון ניצול־געוואָרענע פּרי־וואַטע לערערס גימנאַזיאַלע קאָמפּלעטן פֿאַרן ערשטן, צווייטן און דריטן קלאַס.

2. ייִדישע קולטור־אָרגאַניזאַציע

אַ צענטראַלע און אינספּירירנדיקע ראָל אין קולטור־לעבן פֿון וואַר־שעווער געטאָ האָט אָפּגעשפּילט די „ייִדישע קולטור־אָרגאַניזאַציע" (ייִקאָ"ר).

אַנטשטאַנען אין דעצעמבער 1940 ווי „אַ קאָמיסיע צו פֿאַרשפּרייטן ייִדיש אין עפֿנטלעכן לעבן" אין געטאָ, איז זי אין פֿעברואַר 1941 פֿאַר־וואַנדלט געוואָרן אין אַ דינאַמישע קולטור־אָרגאַניזאַציע וואָס האָט במשך פֿון איר קנאַפּע 1½־יאָריקער עקזיסטענץ אַרויסגעוויזן אַ גרויסע אַקטיווי־טעט. במשך פֿון די פּאָר חדשים וואָס זי האָט פֿונקציאָנירט ווי „אַ קאָמיסיע צו פֿאַרשפּרייטן ייִדיש אין עפֿנטלעכן לעבן", האָט זי אויסגעקעמפֿט, אַז די ייִדישע שפּראַך איז געוואָרן אָבליגאַטאָריש אין אַלע אָרגאַניזאַציעס און אַנשטאַלטן פֿון דער סאָציאַלער הילף („ייִדישע סאָציאַלע אַלײנהילף", „טאָז", „צענטאָס", „זש. ט. אָ. ס." א"א). אונטער איר ווירקונג אַפֿילו האָט דער פֿאָרזיצער פֿון ייִדנראַט אַרויסגעגעבן אַ צירקולאַר, אַז אין אַלע זײַנע אַמטן און אינסטיטוציעס מוזן די מודעות, צירקולאַרן און אויפֿשריפֿטן זײַן אויך אין ייִדיש (אַחוץ פּויליש און דײַטש).

אַדאַנק דעם וואָס בראש פֿון „ייִקאָר" זענען געשטאַנען מענטשן וואָס זענען גלײַכצײַטיק געווען אָנפֿירנדיקע טוער אין דער אָרגאַניזאַציע פֿון סאָ־ציאַלער אַלײנהילף אין געטאָ, איז די ייִדישע קולטור־אָרגאַניזאַציע אַרײַנ־געדרונגען מיט איר קולטור־אַרבעט אין אַלע קעמערלעך פֿון דער סאָציאַ־לער אַלײנהילף אין געטאָ, ווי הויף־קאָמיטעטן, יוגנט־קאָמיסיעס ביי די הויף־קאָמיטעטן, אינעם „רעפֿעראַט פֿאַר ייִדישער קולטור" ביים „צענטאָס"

אַזױ. אַ בּישט־קאָמפּלעטע סטאַטיסטיק פֿון דער קולטור־אַרבעט פֿון „ייִקאָר" ברענגט אַזעלכע ציפֿערן:

צום 105סטן געבוירן־טאָג פֿון מענדעלע מוכר ספֿרים זענען ביז דעם 30סטן מײַ 1941 אײַנגעאָרדנט געוואָרן 127 אימפּרעזעס (4 צענטראַלע, די איבעריקע לאָקאַלע דורך די הויף־קאָמיטעטן), 50 יאָר י. ל. פּרץ־אַקאַדעמיעס (דער חודש אַפּריל 1941 איז דערקלערט געוואָרן ווי אַ חודש פֿון „פּרץ־טעג"), אַ גרעסערע צאָל שלום־עליכם־אַקאַדעמיעס, צום אָנדענק פֿון זײַן 26סטער יאָרצײַט, אַ גרויסע ביאַליק־אַקאַדעמיע צו דער 6טער יאָרצײַט, אָנדענק־פֿײַערונגען לכּבֿוד דעם 100־יאָריקן געבוירנטאָג פֿון גאָלדפֿאַדען, ליטעראַרישער אָוונט געווידמעט בער באָראָכאָוון, אבֿרהם רייזענען א"אַ. צו די דאָזיקע אונטערנעמונגען פֿלעגן דערשײַנען אויפֿרופֿן און אין דער אונטערערדישער פּרעסע — אַנטשפּרעכנדיקע אַרטיקלען.

די „ייִקאָר" האָט אָנגעפֿירט מיט אַ פֿאָלקס־אוניווערזיטעט, וווּ יעדן שבת אין דער פֿרי פֿלעגן געהאַלטן ווערן לעקציעס, „וואָס זייער אויפֿגאַבע איז נישט באַשטאַנען בלויז אין פֿאַרטיפֿן דעם וויסנשאַפֿטלעכן אינטערעס, נאָר אויך צו שטאַרקן די נאַציאָנאַלע ווירדע און ווילן צום ווידערשטאַנד"; מיט ייִדישע קורסן, אויף וועלכע עס האָבן זיך געלערנט טויזנטער באַאַמטע, יוגנט־טוער, דערציִערס א"אַ.

אַ באַזונדערס לעבעדיקע טעטיקייט האָט די „ייִדישע קולטור־אָרגאַניזאַציע" געפֿירט צווישן דער יוגנט. אין דער העלפֿט 1941 איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַן אויסשולונג־קורס פֿאַר יוגנט־פֿרעלעגענטן. יעדער אָנטיילנעמער פֿון די קורסן האָט באַקומען צוגעטיילט צוויי יוגנט־הויף־קאָמיסיעס. אַזוי אַרום זענען אַ דאַנק „ייִקאָר" אַרײַנגעצויגן געוואָרן אין דער ספֿערע פֿון דער ייִדישער קולטור ברייטע קרייזן פֿון דער יוגנט און דערוואַקסענע און קעגנגעווירקט דער אַסימילאַציע־אַטמאָספֿער, וואָס איז פֿאַרשפּרייט געוואָרן דורכן ייִדנראַט און זײַנע אינסטיטוציעס, וווּ עס איז געווען באַשעפֿטיקט אַ היפּשע צאָל באַאַמטע אָפּגעפֿרעמדטע פֿון ייִדישן לעבן און אַפֿילו משומדים.

### 3. ביבליאָטעקן און ביכער־האַנדל

באַלד אין דער התחלה האָט די אָקופּאַציע־מאַכט געשלאָסן די ייִדישע בוכהאַנדלונגען און ביבליאָטעקן און די ביכער צוגענומען (צוו'אַנד' איז אַרויסגעפירט געוואָרן די ווערטפולע יודאַיסטישע ביבליאָטעק ביי דער סינאַגאָגע אויף טלאָמאַצקע). דער ביכער־פאַרקויף אין געטאָ ווערט אין מיטצייטלערישן דאָקומענט געשילדערט אויף פאָלגנדיקן אופן: „...דאָס רעשט ביכער, וואָס איז געלונגען צו ראַטעווען פון דער שוויענטאָ־קזשיסקע גאַס, ווו עס זענען געווען טעטיק גאַנצע דורות ייִדישע בוכהענדלער ווערט איצט אַרויסגעפירט פראַנק און פריי אויף די גאַסן... עס פעלט דאָרט אויך נישט קיין טריפהנע סחורה, ווי די ווערק פון פויכטוואַנגער, צווייג, קויטסקי, לענין, מאַרקס, ווערפעל א"אַנד', אָדער בולט אַנטי־היטלעריסטישע ליטע־ראַטור... זייער אַ גרויסן דערפאָלג האָבן פרעמדשפּראַכיקע ביכער, באַזונ־דערס אין ענגליש, ווייל דער עולם לערנט געשמאַק, גרייטנדיק זיך צו עמיגרירן נאָך דער מלחמה... אויף נאָוואָליפּקע־זאַמענהאָף ווערן פאַרקויפט ייִדישע און העברעיִשע ספרים... פאַרקויפן ספרים אין קויש איז אַן אמתער חילול־השם און באַווייזט צו וואָס פאַר אַ מדרגה פון ירידה מיר זענען דער־גאַנגען... צווישן די ביכער־פאַרקויפער געפינט זיך אויך (אַחוץ די געוועזענע אייגנטימער פון די גרויסע ביכער־געשעפטן) דער באַקאַנטער העברעיִשער שרייבער טשודנער"...

אין געטאָ האָבן זיך געעפנט אומלעגאַלע באַוועגלעכע ביבליאָטעקן, וואָס פלעגן ברענגען ביכער אַהיים. ביים „צענטאָס" איז אויך געשאַפן גע־וואָרן אַ באַוועגלעכע ביבליאָטעק פאַר קינדער. אויך דער ייִדנראַט האָט געמאַכט ביי דער רעגירונג באַמיִונגען וועגן דערלויבן צו עפענען ביבליאָ־טעקן און ערשט אין יוני 1941 איז די מאַכט נאָכגעקומען זיין השתדלות און דערלויבט צו עפענען אין געטאָ ליי־ביבליאָטעקן און בוכהאַנדלונגען. „דער ייִדנראַט פּלאַנט, מעלדעט די „גאַזעטאַ זשידאָווסקאַ", וואָס האָט געבראַכט די דאָזיקע ידיעה, צו עפענען 24 ביבליאָטעקן און 18 ביכער־געשעפטן אין פאַרשיידענע פּונקטן פון געטאָ, וואָס מעגן פאַרמאָגן נאָר ייִדישע, פּוילישע און העברעיִשע ביכער (וועגן ביכער אין אַנדערע שפּראַכן איז נאָך נישטאָ

קיין דעציזיע)". דער הויפּט אַפּיטראָפּוס איבער די קאָנפיסקירטע ייִדישע בוכהאַנדלונגען און ביבליאָטעקן האָט געגעבן זיין הסכמה אויף איבערצופירן אין געטאָ ייִדישע און העברעיִשע ביכער, ווי אויך לערנביכער פאַרן לימוד פון דת, וואָס האָבן זיך געפונען אויף דער אַרישער זייט. צי דער דאָזיקער פּראָיעקט איז רעאַליזירט געוואָרן — איז נישט באַקאַנט. יעדנפאַלס זענען אין יאַנואַר 1942 אַלע ייִדישע ביכער־געשעפטן און פּריוואַטע ביבליאָטעקן געשלאָסן געוואָרן.

דער געוועזענער אייגנטימער פון דעם ווילנער פאַרלאַג „טאָמאָר", שור, וואָס איז מגולגל געוואָרן אין וואַרשעווער געטאָ, האָט מיט גרויס מי געשאַפן אַ פאָלקס־ביבליאָטעק אין זיין פּריוואַטער דירה, וואָס איז באַשטאַנען, אויסער זיינע ביכער, פון דעם ביכער־לאַגער פון דער געוועזענער בונדישער „גראָסער ביבליאָטעק" און דער געוועזענער קאָמוניסטישער ביבליאָטעק „דאָס לעבן". זי האָט פאַרמאָגט עטלעכע טויזנט ווערטפולע ביכער און האָט פונקציאָנירט ביז דער זומער־„אויסזידלונג" פון 1942. איר שפּעטער האָט זיך געענדיקט דאָס לעבן „אַרומגערינגלט מיט די טויזנטער פריינד — די ביכער פון די פאָלקס־ביבליאָטעקן".

צו די וויכטיקסטע קולטור־דערשיינונגען אין געטאָ דאַרף אויך פאַררעכנט ווערן די סכנותפולע טעטיקייט פון א"ג „עונג שבת" (קריפּטאָנים פאַרן געהיימען געטאָ־אַרכיוו) אונטער דער אָנפירונג פון דעם היסטאָריקער עמנואל רינגעלבלום, וואָס זיינע מיטאַרבעטער האָבן במשך פון אַ פּאָר יאָר זיך פאַרנומען נישט בלויז מיט צונויפזאַמלען אַן אומשעצבאַרע דאָקומענטאַציע וועגן דעם מצב פון דער ייִדישער באַפעלקערונג אונטער דער נאַצישער אָקופּאַציע, נאָר אויך אַדורכגעפירט עקאָנאָמיש־סאָציאָלאָגישע פאָרשונגען וועגן לעבן אין וואַרשעווער געטאָ, וואָס זענען געשטאַנען אויף אַ הויכן וויסנשאַפטלעכן ניוואָ. דער „עונג שבת" פלעגט אויך באַזאָרגן מיט מאַטעריאַלן די ייִדישע אונטערערדישע פּרעסע. פון איר איז אַרויס דער ערשטער באַריכט וועגן די רציחות אויף דער ייִדישער באַפעלקערונג, וואָס איז דורך קאָנספּיראַטיווע וועגן דערגאַנגען קיין אויסלאַנד.

אַ גרופּע ייִדישע דאָקטוירים האָט אויפן שטח פון די געטאָ־שפּיטעלער געפירט במשך פון אַ פּאָר יאָר קליניש פאָרשונגען וועגן הונגער און

פלעק־פיבער אין געטאָ. די רעזולטאַטן פון דער דאָזיקער וויסנשאַפטלעכער אַרבעט, וואָס איז אַרויסגעשמוגלט געוואָרן אויף דער „אַרישער זייט״, זע־נען נאָך דער מלחמה, אין 1946, פּובליקירט געוואָרן אין וואַרשע.

יידישע געלערנטע פלעגן פון צייט צו צייט אַרויסטרעטן אין דער עפנטלעכקייט מיט וויסנשאַפטלעכע רעפעראַטן. אַזוי, למשל, האָט דער גע־זונטהייט־אָפּטיילביים יידנראַט איינגעאָרדנט אין דער צווייטער העלפט פון 1941 אַ ציקל היסטאָרישע רעפעראַטן פון מאיר באַלאַבאַן וועגן „סאָציאַלער שוץ און שפּיטאָל־וועזן אין די יידישע ווינפערטלען אין אַמאָליקן פּוילן״. אַ פּרוּוו צו שאַפן אין געטאָ העכערע יודאַיסטישע קורסן האָט זיך נישט איינגעגעבן.

### 4. טעאַטער און מוזיק

די מלחמה האָט גורם געווען אַ גרויסע אַרבעטסלאָזיקייט צווישן די הונדערטער יידישע אַקטיאָרן, מוזיקער, מאָלער, גראַפיקער. זייער צאָל האָט זיך נאָך פאַרגרעסערט מיט די „גישט־אַרישע״ קינסטלער פון דער פּוילישער בינע, וואָס זענען אַריינגעטריבן געוואָרן אין געטאָ. זייער מאַ־טעריעלע לאַגע איז געווען זייער אַ שווערע. יידישע אַקטיאָרן הייבן אָן אַרויסצוטרעטן אויף פּריוואַטע צוזאַמענקונפטן, וואָס דעם האָנאָראַר פאַר זיי פלעגט מען צוזאַמענקלייבן ביים עולם. מיט דער צייט האָט מען דורך פּראָ־טעקציע, אָדער מיט דער הילף פון שותפים, וואָס האָבן געהאַט פאַרביג־דונגען מיט „יענער זייט״, אַרויסבאַקומען פון דער מאַכט קאָנצעסיעס אויף צו עפענען אין געטאָ פאַרוויילונגס־לאָקאַלן און טעאַטערס. די צאָל פאַר־וויילונגס־לאָקאַלן האָט געהאַלטן אין איין וואַקסן און צוזאַמען מיט דעם אויך דער נאָכפרעג נאָך אַרטיסטן. אין אַ נאָטיץ אין דער „גאַזעטאַ זשי־דאָווסקאַ״ פון 17טן יוני 1941 לייענען מיר: „דער נאָכפרעג אויף קינסטלער איז אַ גרויסער... יעדעס קאַפע־הויז, יעדער באַר און רעסטאָראַן... רעקלאַ־מירט זיך מיט זיין גרויסן אַטראַקציע־פּראָגראַם פון געוואַלטיקע סענסאַ־ציעס... אין דער לעצטער צייט זענען אין געטאָ צוגעקומען גערטנדלעך ווי „אידיליע״, „באַגאַטעלאַ״, „אַרטיסטן־גאָרטן״ א״אַנד׳. אין אַפּריל 1941 זע־נען, לויט רינגעלבלומען, געווען אין געטאָ 61 פאַרוויילונגס־לאָקאַלן.

דער קינסטלערישער ניוואָ פון די דאָזיקע פאַרווײַלונגס־לאָקאַלן און "שונד־„טעאַטערס״ איז געווען זייער אַ נידעריקער. בכדי צו הייבן דעם ניוואָ פון דער אַרטיסטישער קולטור אין געטאָ און שיצן די פּראָפעסיאָנעלע אינטערעסן פון דער אַרטיסטן־משפּחה איז לויט דער איניציאַטיוו פון אַ גרופּע קולטור־עסקנים אין דער „יידישער סאָציאַלער אַליינהילף״ געשאַפן געוואָרן אָנהייב סעפּט׳ 1940 „די צענטראַלע אימפּרעזעס־קאָמיסיע ביי דער י.ס.א.״ ביז סוף סעפּטעמבער 1941 האָט די קאָמיסיע פאַררעגיסטרירט 267 פּראָפעסיאָנעלע אַרטיסטן, 150 מוזיקער און אַקטיאָרן, וואָס האָבן דורך דעם באַקומען דאָס רעכט אַרויסצוטרעטן. במשך פון אַ יאָר צייט — ביז אָקטאָ־בער 1941 האָט די „צענטראַלע אימפּרעזעס־קאָמיסיע״ אָרגאַניזירט 1814 אַרטיסטישע אונטערנעמונגען, צווישן זיי 8 סימפאָנישע קאָנצערטן (דער ערשטער קאָנצערט איז פאָרגעקומען דעם 6טן נאָוועמבער 1940). חוץ דעם פלעגן אויך אַרויסטרעטן שטרייך־קוואַרטעטן און אַן אָרקעסטער פאַר קאַ־מעראַלער מוזיק.

אין געטאָ זענען אויך געווען אייניקע כאָרן: 2 פאָלקס־כאָרן, 2 רעוויע־לערסן־כאָרן, דער כאָר „שיר״, דער סינאַגאָגע־כאָר און קינדער־כאָרן. אָבער נישט אַלע מוזיקער האָבן געקאָנט געפינען באַשעפטיקונג ביי דער „אימ־פּרעזעס־קאָמיסיע״. אַ געוויסע צאָל איז געווען באַשעפטיקט אין די פּריוואַטע פאַרווײַלונגס־לאָקאַלן, אָדער האָבן זיך אָרגאַניזירט אין הויף־קאַפּעלעס.

פאַר דער שילדערונג פון מצב פון אַ גרויסן טייל מוזיקער אין געטאָ איז כדאי צו ברענגען די ווייטערדיקע שורות פון אַ מיטצייטלערישן דאָ־קומענט:

...„אין די געעפנטע לאָקאַלן האָבן באַקומען באַשעפטיקונג מוזיקער מיט באַדייטנדיקע נעמען... עס אַרבעטן לאָדזשער מוזיקער... פאַר דעם וואָס דער קאָנסומענט און באַזוכער שטעקט זיי אַריין אין האַנט, אַנישט גייען זיי אַרום הונגעריקע אָן אַ פּערטל ברויט, אָדער מוזיקער זענען געגאַנגען אין קאַפּעלעס איבער הייף און פאַרדינט, אָדער נישט פאַרדינט ווי לאַנג עס איז געווען וואַרעם. אָבער ווינטער איז דאָס נישט מעגלעך. איינציקע זעט מען פרירן מיט דער פידל אין האַנט און בעטלען אין גאַס״. עס איז אַפילו געווען אַ קאָנצעסיאָנירטער גאַסן־אָרקעסטער אונטער דער לייטונג פון אַ

פּאָפּולערן דיריגענט. אַ געוויסע צאָל קינסטלער האָט געפונען באַשעפטיקונג אין די „צענטאָס"־אַנשטאַלטן. זיי איז געווען צו פאַרדאַנקען דער הויכער ניוואָ פון עסטעטישער אויסבילדונג אין די געטאָ־שולן, וואָס איז געקומען בולט צום אויסדרוק אין די עפנטלעכע אַרויסטריטן פון די פאַרשיידענע שול־טיפּן. „די נומערן האָבן זיך אויסגעצייכנט אַקטיאָריש, מוזיקאַליש, כאָרעאָ־גראַפיש און מאָלעריש" — שרייבט אין אירע זכרונות די אויבן־ציטירטע אינספּעקטאָרין פון די געטאָ־שולן.

אין געטאָ האָבן אויך געשפּילט 5 סטאַבילע פּראָפעסיאָנעלע טעאַטערס — 2 אין דער יידישער און 3 אין דער פּוילישער שפּראַך. די טעאַטערס האָבן פונקציאָנירט אויפן סמך פון פּריוואַטע קאָנצעסיעס אַרויסבאַקומענע מיט דער הילף פון מענטשן וואָס האָבן געהאַט פאַרבינדונגען מיט „יענעם צד". איבער די טעאַטערס האָט די „אימפּרעזעס־קאָמיסיע" נישט געהאַט קיין דעה. אין געטאָ איז תמיד געווען אַ פּובליקום צווישן די גוטע קאָניונק־טור־פאַרדינערס (שמוגלערס, שאָפּן־אייגנטימערס, מענטשן וואָס האָבן גע־מאַכט נישט קיין ריינע געשעפטן, אאַז"וו), וואָס זענען געווען להוט נאָך בי־ליקער פאַרוויילונגס־קונסט. זיי זענען געווען די סטאַבילע טעאַטער־באַזו־כער און צו זייער געשמאַק פלעגט זיך צופּאַסן דער רוב טעאַטער־פאָר־שטעלונגען (אַן אויסנאַם זענען געווען די 3 טעאַטערס אין דער פּוילישער שפּראַך).

די טעאַטער־פאָרשטעלונגען און קאָנצערטן האָבן דערצויגן ביז האַרט פאַר דער זומער־אויסזידלונג. עס האָט אויך עקסיסטירט אַ מאַריאָנעטן־טעאַטער אָרגאַניזירט פון אַ לאָדזשער גרופּע פּלאַסטיקער (אַ צווייטער מאַר־יאָנעטן־טעאַטער איז געשאַפן געוואָרן פאַר די קינדער אין די „צענטאָס"־אַנשטאַלטן); עס זענען אויך געווען טעטיק אַ פּאָר באַלעט־סטודיעס און שולן פאַר ריטמיק און פּלאַסטיק, ווי אויך אַ גראַפיקער־שול וואָס האָט אויסגעבילדעט יונגע גראַפיקער און אויסגעפירט אַלע גראַפישע אַרבעטן פון דער „אימפּרעזעס־קאָמיסיע".

לויט דער פאַראָרדענונג פון „קאָמיסאַר פאַרן יידישן וווינבאַצירק" פון 8טן אַפּריל 1942 זענען פון די פּראָגראַמען פון די קאָנצערטן, טעאַטער־

פאַרשטעלונגען, רעוויִעס געמוזט זיין אויסגעשלאָסן שאַפונגען פון „אַרישע" מחברים. פאַר עובר זיין אויף דעם פאַרבאָט איז דעם סימפאָנישן אָרקעס־טער פאַרווערט געוואָרן אויפצוטרעטן במשך פון צוויי חדשים (אַפּריל־יוני 1942). דער אָרקעסטער האָט נישט באַוויזן צו באַגייען זיינע קאָנצערטן (אין יוני איז דאָס געטאָ שוין געווען באַהערשט פון אַ פּאַניק־שטימונג).

דער יִדנראַט האָט געפּרוּווט דורך זיין „קונסט און קולטור־דעפּאַר־טאַמענט", וואָס האָט די גאַנצע צייט נישט באַוויזן קיין שום טעטיקייט, און שפּעטער (פון אַפּריל 1942) דורך זיין „אימפּרעזעס־רעפעראַט", אַרונטער־נעמען אונטער זיין קאָנטראָל דאָס טעאַטער־ און פאַרוויילונגס־געביט אין געטאָ. אין דער שייכדיקער באַקאַנטמאַכונג, פאַרעפנטלעכט אין דער „גאַ־זעטאַ זשידאָווסקאַ" אין אַפּריל 1942 ווערט געמאָלדן, אַז דער „רעפעראַט" האָט זיך געשטעלט די אויפגאַבע צו הייבן דעם קינסטלערישן ניוואָ פון די אַרטיסטישע פאַראַנשטאַלטונגען, אַז אַלע לאָקאַלן ווו עס קומען פאָר עפנט־לעכע אַרויסטרעטונגען פון אַרטיסטן, מוזן זיך רעגיסטרירן אין יִדנראַט און אַז אַלע פּראָגראַמען מוזן פריִער צוגעשטעלט ווערן צום „רעפעראַט", בכדי צו באַקומען אַ דערלויבעניש פון דער מאַכט. היות די „אימפּרעזעס־קאָמיסיע" ביי דער „סאָציאַלער אַליינהילף" האָט געפירט אַ נישט־אָפיציעלע קאָנקורירנדיקע טעטיקייט צו דעם „אימפּרעזעס־רעפעראַט", האָט טשער־ניאַקאָוו, נאָך אַ נישט געלונגענעם פּרווו זי איינצוגלידערן אינעם יִדנראַט־אַפּאַראַט, זי פאָרמעל אויפגעלייזט. די „קאָמיסיע" האָט זיך דאָך נישט אונ־טערגעגעבן און ווייטער געפירט אויטאָנאָם איר אַרבעט.*

די זומער־„אויסזידלונג" האָט געמאַכט אַ סוף צו דער ברייט־פאַרצווייג־טער קולטור־אַרבעט אין געטאָ און ממילא צו דער דאָזיקער ריוואַליזאַציע צווישן דעם געזעלשאַפטלעכן קולטור־סעקטאָר און דעם יִדנראַטלערישן.

---

* י. טורקאָוו: אַזוי איז עס געווען. חורבן וואַרשע, בוענאָס־איירעס, 1948, זז' 195—204. אין דעם קאַפּיטל „טעאַטער און פאַרוויילונג" גיט טורקאָוו זייער אַ פּרטים־דיקע שילדערונג פון דעם דאָזיקן געביט אין געטאָ. טורקאָוו איז געווען פאָרזיצער פון דער „אימפּרעזעס־קאָמיסיע".

## ב. אין די פּראָווינץ־געטאָס

וואָס שייך דאָס קולטור־לעבן אין די פּילצאַליקע געטאָס אין דער גע־נעראַל־גובערניע, דערלויבט נישט דער אויפגעהיטער קאַרגער מאַטעריאַל צו געבן אַ מער־וויינציקער אויסשעפּיק געשיכטלעך בילד. נאָר וועגן אַ קליינער צאָל געטאָס האָבן מיר ידיעות, אַז די דאָרטיקע יידנראַטן האָבן אויסגענוצט די אַלגעמיינע פאַראָרדענונג וועגן יידישן שולוועזן פון 31סטן אויגוסט 1940 און געמאַכט באַמיִונגען ביי דער אָרטיקער מאַכט צו עפענען שולן, וואָס זענען דאָ און דאָרט געקרוינט געוואָרן מיט הצלחה. יידנראַט־שולן האָבן זיך געעפנט: אין ריישע, דעם 27סטן אָקטאָבער 1940, משמעות די ערשטע שול אין דער גענעראַל־גובערניע; אין קראָקע — האָט די מאַכט דערלויבט צוריק צו עפענען די יידישע פּריוואַטע שולן סוף סעפּטעמבער 1940 און אויפן סמך פון דער פאַראָרדענונג פון אויגוסט 1940 האָט דער יידנראַט איבערגענומען דאָס אָרגאַניזירן דאָס יידישע שולוועזן (אין מאָ־מענט פון דעם אויסברוך פון דער מלחמה האָבן זיך אין אַלע טיפּן שולן געלערנט 6.400 יידישער קינדער); אין יאַסלאָ (קראָקעווער דיסטריקט) — אַ 7־קלאַסיקע שול — אין דעצעמבער 1940; אין קוזמיר, דעם 1טן דע־צעמבער 1940 — אַ 4־קלאַסיקע שול; וואַרשיינלעך אין ראָדעם און אין אָפּט — אַ זעקס־קלאַסיקע מיט 320 קינדער.

די לאָקאַלע מאַכט האָט אָפּגעשלעפּט מיט דעם אַרויסגעבן דערלויבע־נישן. דער ביישפּיל אין ראָדעם איז זייער באַלערנדיק. סוף מערץ 1941, דערציילט די „גאַזעטאַ זשידאָווסקאַ״, אַז אַלע צוגרייטונגען פאַר עפענען די שול זענען שוין פאַרענדיקט (עס האָבן זיך פאַררעגיסטרירט ביי די 2000 קינדער) און מען וואַרט אויף אַ דערלויבעניש פון דער מאַכט. מיט כמעט 5 חדשים שפּעטער, דעם 18טן אויגוסט, ווערט אין אַ קאָרעספּאָנדענץ פון ראָדעם איבערגעגעבן אַז „דאָס שול־וועזן געפינט זיך נאָך אין דער ספע־רע פון פּראָיעקטן״. משמעות איז די סיבה געווען דאָס פעלן פון אַ פאַר־מעלער דערלויבעניש פון דער מאַכט. עס איז אָבער נישט אויסגעשלאָסן, אַז עפּעס אַן אינערלעכע אויפטרייסלונג אינעם געטאָ־לעבן (אַ דייטשע „אַק־

ציע", אָדער עפּעס ענלעכס) האָט געשטערט צו רעאַליזירן דעם שול־פּראָ־יעקט. אויך אין זאַמאָשטש און לעמבערג האָבן די ייִדנראַטן, נישט געקוקט אויף זייערע פּילמאָליקע אינטערווענצן ביי דער מאַכט נישט באַקומען קיין דערלויבעניש אויף אַ שול.

אין לובלין איז פון דער איניציאַטיוו פון אַ גרופּע געבליבענע לערער באַלד אין די ערשטע וואָכן פון דער אָקופּאַציע געעפנט געוואָרן אַ 4־קלאַ־סיקע שול מיט העכער 100 קינדער. עס האָט זיך געעפנט די „תרבות"־שול מיט אַ שטאַרק רעדוצירטן באַשטאַנד פון לערער און קינדער, ווי אויך אַ פּריוואַטע פאָלקשול. די קינדער איז נישט באַשערט געווען צו פרייען זיך מיט דער שול. אין דער העלפט נאָוועמבער 1939 אין שייכות מיט דער ליקווידאַציע פון די פּוילישע מיטלשולן זענען דורך דער מאַכט געשלאָסן געוואָרן אויך די ייִדישע שולן. אַלע באַמיִונגען מצד אַ פּאָר איבערגעגעבענע לערער צו באַנייען דאָס ייִדישע שולוועזן נאָך אויגוסט האָבן זיך אָנגע־שטויסן אויף גרויסע מניעות, וואָס האָבן געשטאַמט פון דער כסדרדיקער געשפּאַנטער לאַגע אין דער דאָזיקער הויפּטשטאָט פון ייִדישן „רעזער־וואַט", וואָס האָט פּאַראַליזירט דאָס לעבן אין געטאָ. אין מערץ 1941, ווען עס האָט זיך באַוויזן אַ מעגלעכקייט צו רעאַליזירן דעם פּלאַן (דער דייטשער שול־קוראַטאָר האָט דערויף געגעבן זיין הסכמה), האָט זיך אָנגעהויבן די גרויסע גירוש־אַקציע, וואָס האָט צעטרייסלט דאָס לעבן פון געטאָ. שפּע־טער, ווען די לאַגע אין געטאָ האָט זיך ווי נישט „סטאַביליזירט" איז דער פּלאַן צו עפענען אַ שול צונישט געוואָרן מחמת דעם, וואָס אין גאַנצן ייִדישן ווינפערטל, ווו די ענגשאַפט איז געווען אומגעהויער גרויס, האָט זיך נישט געפונען קיין איין לאָקאַל, אין וועלכן מען האָט אַפילו בדוחק געקאָנט איינ־אָרדענען אַ שול פאַר קינדער. אַ קנאַפּער פּאַליאַטיוו זענען געווען די קורסן פאַר ייִדיש און העברעיש, וואָס דער ייִדנראַט האָט געעפנט מיט דער דער־לויבעניש פון דער מאַכט. אַ פּיל גרעסערע באַדייטונג האָבן געהאַט די גע־היימע קאָמפּלעטן אָרגאַניזירטע פון די לערער (אין לובלין האָבן זיך גע־פונען העכער 100 לערער) צו בערך 10 קינדער אין אַ קאָמפּלעט, וואָס זענען געפירט געוואָרן אין אַן אַטמאָספער פון איינפאַלערישער קאָנספּיראַ־ציע אין דער שטענדיקער סכנה אַנטדעקט צו ווערן דורך אָפּטע דייטשע

באַזוכער אין ייִדישע היימען. פון זכרונות פון אַ לערער וואָס האָט גע־לערנט אין אַזאַ קאָמפּלעט נעמען מיר אַרויס די ווייטערדיקע שורות: „...מיט אַ קלאַפּנדיקן האַרץ האָט מען די לעקציעס געפירט און גלייכ־צייטיק געוועזן אויף דער וואַך, צי עס דערטראָגט זיך אין דער נאָענט די דייטש־בילנדיקע קולות פון ס״ס־לייט, וועלכע האָבן אָפט געמאַכט רעווי־זיעס אין ייִדישע שטובן. אין אַזאַ פאַל איז מען געוועזן גרייט אין אַן אויגנ־בליק צו פאַרווישן די שפורן. די ביכער און העפטן זענען גלייך פאַרשוווּנדן. די קינדער האָבן זיך אָנגעהויבן שפּילן און דער לערער איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קלִיענט; ביי אַ שניידער האָט ער אָנגעהויבן אָנצומעסטן אַ מלבוש, ביי אַ שוסטער — שיך אאַז״וו.

איינע פון די גרעסטע שוועריקייטן, וואָס די אָרגאַניזאַציע פון די גע־טאָ־שולן האָט געהאַט בייצוקומען, איז געוועזן די פראַגע פון לאָקאַלן און לערנביכער. די געוועזענע בנינים פון די ייִדישע שולן האָבן זיך על־פּי־רוב געפונען אין די הויפּט־גאַסן, וואָס זענען אויסגעשלאָסן געוואָרן פון דעם געטאָ־שטח. אין קוזמיר, למשל, האָט די שול זיך געמוזט עפענען אין דער אַלטער שיל, היות דאָס איז געווען דער איינציקער גרעסערער בנין אין געטאָ. אין ראָדעם האָט מען פאַר דער פּראָיעקטירטער שול געקאָנט אויס־רעמאָנטירן נאָר דריי צימערן פון דער אַלטער תלמוד־תורה און דער פּלאַן האָט פאָרגעזען דאָס לערנען אין דריי שיכטן פון 8 פרי ביז 5.30 נאָכמיטיק. ס׳איז באַקאַנט אַ פאַל, אַז אין די שוידערלעכע באַדינגונגען פון אַ „קראַ־פיר־לאַגער״ (אַזוי האָבן די דייטשן גערופן דאָס קוטנער געטאָ), איז מיט בשותפותדיקע כוחות אויפגעשטעלט געוואָרן אַ נייער קליינער שול־בנין און נאָר דער אויסברוך פון דער טיפוס־עפּידעמיע האָט צונישט געמאַכט דעם פּלאַן פון עפענען די שול, היות מען האָט דעם בנין געמוזט פאַרווענדן פאַר אַ שפּיטאָל.

דאָס צווייטע שווערע פּראָבלעם איז געווען די פראַגע פון לערנביכער און לערער. הגם די אַלגעמיינע פאַראָרדענונג האָט געלאָזט אָפן די פראַגע פון דער לימודים־שפּראַך, האָבן די לאָקאַלע מאַכטן אָנגעגעבן אין זייערע דערלויבענישן און פאַרלאַנגט, אַז די אונטעררריכט־שפּראַך זאָל זיין ייִדיש, אָדער העברעיִש. אין ראָדעם האָט די מאַכט, ווי דערמאָנט, פאַרלאַנגט אַז די

לימודים זאָל געפירט ווערן אויסשליסלעך אין יידיש. פאַר דער מלחמה האָט נאָר אַ קליינער פּראָצענט יידישע קינדער באַזוכט די ציש״אָ און תרבות־שולן, דער רוב יידישע קינדער האָבן זיך געלערנט אין די מלוכהשע עלעמענטאַר־שולן פאַר יידישע קינדער (די א״ג „שאַבאַסוווקעס״). פאַר די דאָזיקע קינדער האָט דער ראַדיקאַלער איבערגאַנג פון פּוילישער לערנשפּראַך צו יידישער, אַ פּשיטאָ צו העברעיִשער, געשאַפן אַ גרויסע דידאַקטישע שוועריקייט. אין די קלאַסן האָבן זיך געפונען קינדער פון די פאַרשיידנסטע שול־טיפּן און עס איז נישט געווען לייכט צו געפינען מיט זיי „אַ בשותפותדיקע שפּראַך״. טייל שולן האָבן זיך געעפנט ווי העברעיִשע, למשל אין קראָקע, יאַסלאָ, ווו מען האָט געמוזט איבערגיין שוין בעת דעם שול־יאָר, אויף דער אויפפאָדערונג פון דער מאַכט, פון פּוילישער לערנשפּראַך צו העברעיִשער, אין איניקע שולן זענען אַ טייל לימודים געפירט געוואָרן אין העברעיִש, אַ טייל אין יידיש.

די מלחמה־געשעענישן האָבן אין פיל ערטער חרוב געמאַכט די יידישע ביכער־געשעפטן. די וואָס זענען געבליבן זענען געשלאָסן געוואָרן און זייערע ביכער קאָנפיסקירט. אויף איינצוקויפן לערנביכער האָט מען געמוזט האָבן אַ ספּעציעלע דערלויבעניש פון דער מאַכט, וואָס פלעגט טיילמאָל, ווי אין פאַל וואַרשע, באַפרייען פון דער קאָנפיסקאַציע ביכער, וואָס זענען געווען נייטיק פאַרן לימוד (זען אויבן). די לערנביכער זענען בדרך־כלל געזאַמלט געוואָרן צווישן די שילער גופא, אויף וויפל זיי זענען נישט פאַרלוירן געגאַנגען בעת די באָמבאַרדירונגען און די בהלהדיקע וואַנדערונגען.

אין שייכות דערמיט האָט זיך אויך שאַרף אַוועקגעשטעלט די פראַגע פון לערער פאַר די געעפנטע שולן. אַ גרויסער טייל פון דער יידישער לערערשאַפט, בפרט פון די געזעלשאַפטלעכע שולן, וואָס איז געווען פּאָליטיש און געזעלשאַפטלעך אַקטיוו, איז מאַסנווייז אַנטלאָפן מיט דער פּליטים־כוואַליע קיין מזרח. עס איז דעריבער געווען, בפרט אין די קלענערע געטאָס, אַ דוחק אין לערער בכלל און אין לערער וואָס קאָנען פירן די לימודים אין יידיש, אָדער העברעיִש, בפרט. די פאַראָרדענונג פון 31סטן אויגוסט האָט דערלויבט, ווי דערמאָנט, צו עפענען אויסבילדונג־קורסן פאַר לערער. אין אַ ריי ערטער זענען אַזעלכע קורסן געעפנט געוואָרן (למשל:

אין ראָדעם און לאָדזש). דער פּראָגראַם פון די לערער־קורסן איז באַשטאַנען פון ייִדיש, ייִדישער ליטעראַטור, פאָלקס־קענטעניש, שוללידער און געשיכטע פון דער ייִדישער שול (אַפּנים אַ פאַרמאַסקירטער נאָמען פאַר ייִדישער געשיכטע, וואָס מען האָט געהאַט מורא אָנצוווייזן אין דעם פּראָגראַם). אין לאָדזשער געטאָ, ווו די לערערשאַפט אין די געטאָ־שולן איז באַשטאַנען אין איר רוב פון געוועזענע לערערס פון די מלוכהשע פאָלקס־שולן פאַר ייִדישע קינדער (319 אויף 482 לערער בכלל) און איז נישט געווען צוגעגרייט צו לערנען אין ייִדיש (אַ טייל האָט קיין ייִדיש לגמרי נישט געקאָנט), האָט די שול־קאָמיסיע געשאַפן קורסן פאַר ייִדיש. שולן וואָס האָבן זיך געעפנט זומער, אָדער אין פריִען האַרבסט 1940, האָבן זומער 1941 זיך געשלאָסן כמעט ווי אין נאָרמאַלע צייטן מיט סיום־פייערונגען (קראָקע, יאַסלאָ). אין קראָקע איז אין די טעג 18־20 יולי געוויזן געוואָרן אַן אויסשטעלונג פון קינדער־אַרבעטן. אין ביידע דערמאָנטע העברעיִשע שולן זענען די סיום־פייערונגען געווען פאַרבונדן מיט אַ הערצל־ביאַליק־אַקאַדעמיע.

אָבער אין אַ היפּשער צאָל קליינע געטאָס, בפרט די, פון וועלכע דער געזעלשאַפטלעך־אַקטיווער און יוגנטלעכער עלעמענט איז אַנטלאָפן קיין ראַטנפאַרבאַנד, אָדער זיך איבערגעטראָגן אין אַנדערע געטאָס, אָדער ווו די געטאָ־באַפעלקערונג האָט די גאַנצע צייט געלעבט אונטער אַ שטאַרקן טעראָר־רעזשים, איז דאָס קולטור־לעבן געווען זייער פאַרנאַכלעסיקט. פאַר זיי איז משמעות טיפּיש אַ כאַראַקטעריסטיק וואָס איז נוגע דעם געטאָ אין לענטשיץ (וואַרטעלאנד) פון בערך 3,000 נפשות: „וועגן קיין שולע, קולטור־רעלע פאַראַנשטאַלטונגען אאַז״וו קיין רייד נישט. די מוטערס האָבן זייערע קינדער אַ ביסל געלערנט, נישט געוואָלט זיי זאָלן ווערן פאַרגרעבט, אָבער קיין שום קאָלעקטיווע באַמיִונגען זענען אין דער הינזיכט נישט געוואָרן אונטערגענומען״.

אין אַ צאָל געטאָס, ווו דער ייִדנראַט האָט זיך נישט באַמיט, אָדער איז נישט געווען ביכולת צו עפענען אַ ייִדישע שול, אָדער די מאַכט האָט אַזאַ דערלויבעניש נישט געגעבן, איז טיילווייזער אונטערריכט פון קינדער אָרגאַניזירט געוואָרן אין די ראַמען פון דער סאָציאַלער קינדערשוץ. אין

טשענסטאָכאָוו, למשל, האָט דער „טאָז" זיינע באַשפּייזונג־פּונקטן פאַר קינ־דער פאַרוואַנדלט אין קינדער־קלובן, ווו די קינדער האָבן אַחוץ עסן באַ־קומען אַ געוויסן אונטעררריכט צוגעפּאַסט צו די באַדינגונגען. מיט דער דערציִונג־אַרבעט, וואָס האָט אין אַ געוויסן פּעריאָד אַרומגענומען אין די קלובן בערך 2000 קינדער, האָבן אָנגעפירט לערער (אין טשענסטאָכאָוו זענען פאַרבליבן העכער 200 לערער). פון צייט צו צייט פלעגן אָרגאַניזירט ווערן אומלעגאַלע קינדער־פאָרשטעלונגען „וואָס האָבן אַריינגעבראַכט אַ שטיקל יום־טובדיקייט אינעם פאַראומערטן לעבן".

אויך אין די קינדער־ און טאָג־היימען, יתומים־הייזער וואָס זענען געשאַפן געוואָרן אין אַ ריי געטאָס לויט דער איניציאַטיוו פון די ייִדנראַטן, אָדער פון די אָרטיקע אַגענטורן פון דער „ייִדישער סאָציאַלער אַליינהילף", איז געפירט געוואָרן אַ געוויסער לימוד.

לייכטער פון שולן איז אָנגעקומען די דערלויבעניש פון דער מאַכט אויף צו עפענען פאַך־קורסן. דאָס האָט דאָך פאַר איר באַדייט צוצוגרייטן צוקונפטיקע קאַדרען פון „ייִדישע אַרבעטס־קרעפטע". פאַך־קורסן האָבן זיך דעריבער געעפנט אין אַ גרעסערער צאָל געטאָס, אָרגאַניזירט פון די ייִדנראַטן, אָדער פון די אָרטיקע הילפס־קאָמיטעטן, אָנגעשלאָסענע אין דער צענטראַלע פון דער „ייִדישער סאָציאַלער אַליינהילף" אין קראָקע.

אין פּוילן האָבן פאַר דער מלחמה עקסיסטירט אין אַ ריי שטעט (פּיעט־ראָקאָוו, טשענסטאָכאָוו, א"אַ) ייִדישע האַנטווערקער־שולן. בעת די ערשטע וואָכן פון דער מלחמה זענען זיי דעוואַסטירט געוואָרן, די מאַשינעס צוגע־רויבט, אָדער קאָנפיסקירט פון דער מאַכט. עס האָט זיך דעריבער געשטעלט די האַרבע פראַגע פון קריגן אַ נייע אויסשטאַטונג פאַר די וואַרשטאַטן. אין טשענסטאָכאָוו האָט מען זיך אַ געוויסע צייט אַן עצה געגעבן אויף אַזאַ אופן, אַז די שילערס פון די פאַך־קורסן האָבן געאַרבעט ווי געזעלן אין די געטאָ־וואַרשטאַטן, אָבער דער דאָזיקער סוראָגאַט פאַר פאַכבילדונג האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר נישט באַפרידיקנדיק און מיט גרויס מי איז געלונגען איינצושאַפן אַ ביסל מאַשינעס פאַר די פּראַקטישע לעקציעס. אין דעצעמ־בער 1940 איז געעפנט געוואָרן דער שלאָסער־קורס, אין מערץ ד"י אַ קורס פאַר סטאָליאַרעס פאַר ייִנגלעך אין עלטער פון 14־18 יאָר מיט 42 שילערס

און אין מיי — אַ קורס פאַר פּרויען־שניידעריי מיט 37 שילערס. די קורסן האָבן עקסיסטירט 4 חדשים און האָבן זיך געשלאָסן.

אין ריישע זענען שוין אין דעצעמבער 1940 געווען טעטיק פאַך־אויס־שולונג־קורסן פאַר מיידלעך און דערגאַנצונגס־קורסן פאַר יינגלעך אין על־טער פון 14־16 יאָר, אויף וועלכע מען האָט געלערנט סטאָלעריי, עלעקטראָ־טעכניק, גראַפיק און אַרכיטעקטור־דעקאָראַציעס. די פּראַקטישע לעקציעס זענען פאָרגעקומען אין וואַרשטאַטן. עס איז אויך געווען טעטיק אַ סאַני־טאַרער־קורס פאַר קראַנקן־שוועסטער.

פאַכקורסן זענען געווען טעטיק אין זייער אַ גרויסער צאָל געטאָס אויף אַלע שטחים פון דער דייטשער אָקופּאַציע.

די פאַכקורסן האָבן אָפט געדינט ווי אַ מאַנטל, אונטער וועלכן מען פלעגט אַריינשמוגלען אויף די לעקציעס אויך אַלגעמיינע לימודים, וואָס האָבן אויסגעמאַכט דעם נישט אָפיציעלן טייל פון דעם פּראָגראַם. עס איז אין דער פּראַקטיק געווען זייער שווער דורכצופירן אַ קלאָרע שייד־ליניע צווישן די ריין־טעכנישע און טעאָרעטישע לימודים און דאָס האָט געשאַפן אַ מעגלעכקייט פון אַ קאַמופלאַזש, וואָס האָט זיך אַרויסגעגליטשט פון אונ־טער דער קאָנטראָל פון דער אויפזיכט־מאַכט. זיי האָבן אויך געהאַט דעם כאַראַקטער, וואָס זיי האָבן, ענלעך צו די שולן, געשאַפן פאַר דעם אונטער־וואַקסנדיקן דור אַ גייסטיקע אַטמאָספער און אים, כאָטש אויף אַ קורצן פּעריאָד, פאַרהיטן פון אַ מאָראַלישן חורבן.

זייער באַלערעוודיק איז אין דעם פּרט די געשיכטע און די ראָל אין דעם געטאָ־לעבן פון דער פאַך־שול אין קאָווגער געטאָ.

אין ביידע טיילן פון קאָווגער געטאָ (אַלט־ און ניי־סלאָבאָדקע) האָבן אַ קורצע צייט עקסיסטירט צוויי פאָלקס־שולן, געשאַפן פון דער איניציאַ־טיוו פון די לערערס. זיי האָבן אָנגעהויבן צו פונקציאָנירן אין דעצעמבער 1941 און מיט שווערע מאַטערגישן אין אַ כסדרדיקער טעראָר־אַטמאָספער פון מאָרד־אַקציעס, דערצויגן ביז סוף אויגוסט 1942, ווען זיי זענען אויף דעם באַפעל פון דער מאַכט געשלאָסן געוואָרן.

דאָס אָרט פון די געשלאָסענע שולן האָט שפּעטער פאַרנומען די פאַך־שול וואָס האָט זיך געעפנט פּורים 1942 מיט אין אָפּטייל (שלאָסעריי) און

40 תלמידים. די שול איז געשאַפן געוואָרן אַ דאַנק דער מסירות־נפשדיקער איניציאַטיוו פון אַ גרופּע „אָרט"־לערער און אינסטרוקטאָרן מיט דער הילף פון יודנראַט. אַ גרויסן טייל פון דעם וועדקצייג האָבן די אינסטרוקטאָרן און בעלי־מלאכות אַריינגעשמוגלט אין געטאָ פון די דרויסנדיקע דייטשע אַרבעט־פּלעצער, וואָס איז געווען פאַרבונדן, אין פאַל פון געכאַפּט ווערן ביי די רעוויזיעס ביים טויער, מיט לעבנס־סכנה פאַר זיי און זייערע פאַמיליעס. מחמת דער כסדרדיקער זאָרג פון די עלטערן צו „פּראָדוקטיוויזירן" זייערע קינדער און געבן זיי אַ רעכט אויף לעבן אין אַ יידישן געטאָ, איז די צאָל שילערס כסדר געוואקסן און האָט אין פעברואַר 1944, שוין נאָך דעם ווי דאָס געטאָ איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער, געציילט 440 קינדער. דעם 26סטן אויגוסט 1942 איז צוזאַמען מיט די פאָלקס־שולן אויך געשלאָסן געוואָרן די פאַכשול, אָבער אין נאָוועמבער האָט זיך דעם יודנראַט איינגעגעבן צו איבערצייגן דעם נייעם געטאָ־מושל, אַז די פאַכשול איז ביייטיק פאַר דער וואַקסנדיקער געטאָ־אינדוסטריע און די שול האָט זיך אויפסניי געעפנט. די עלטערע קינדער פון די געשלאָסענע שולן זענען איבערגעפירט געוואָרן אין דער פאַכשול. אין 1943 און 1944 האָט זיך די פאַכשול זייער פונאַנדערגעוואַקסן. זי האָט געהאַט דריי אָפּטיילן פאַר יינגלעך (שלאָסעריי, סטאָלעריי און בלעכעריי), צוויי אָפּטיילן פאַר מיידלעך (שניידעריי און האַנטאַרבעט), חוץ דעם אַ גערטנעריי־אָפּטייל, וואָס האָט געפירט פּראַקטישע אַרבעט אין דער אָראַנזשעריע און די גערטנער אין געטאָ. פאַר קינדער ביז 13 יאָר איז איינגעפירט געוואָרן אַ באַזונדערע לערן־פּראָגראַם (עברית, יידיש, נאַטור־וויסנשאַפט און געשיכטע). די עלטערע האָבן אויך געהאַט טעאָרעטישע לימודים פון טעכנאָלאָגיע און מעכאַניק. שפּעטער איז נאָך צוגעקומען אַ קונסט־געווערבלעכער אָפּטייל פאַר די סאַמע פעיקסטע מיידלעך, וואָס האָבן אונטער דער לייטונג פון אַ קינסט־לערין געלערנט קונסט־געשיכטע, פאַרבן־לערע און קונסט־געווערבלעכע אויסאַרבעטונגען. עס איז אויך אין די ווענט פון דער פאַכשול געשאַפן געוואָרן אַ סעמינאַר פאַר די מער אַנטוויקלטע וואָס האָבן געקראָגן אַ ספּעציעלע אויסבילדונג.

נאָך דער קינדער־אַקציע (סוף מערץ 1944) איז די פאַכשול איינגע־

גלידערט געוואָרן, לשם דעקונג, אין די געטאָ־וואַרשטאַטן. אַרום דער פּאַכ־
שול האָט זיך קאָנצענטרירט דאָס קולטור־לעבן אין געטאָ, זי האָט זיך
פּאַקטיש פאַרוואַנדלט אין זיין קולטור־הויז. עס פלעגן דאָרט פאָרקומען
ליטעראַרישע אָוונטן מיט רעפעראַטן. עס איז געשאַפן געוואָרן אַ כאָר פון
העכער 100 שילערס, אַ ביבליאָטעק, אַ דראַמאַטישער קרייז. אין יולי 1943
האָט די פּאַכשול אַראַנזשירט אַן עפנטלעכן אַרויסטריט פאַרבונדן מיט אַן
אויסשטעלונג פון עקספּאָנאַטן. די שילער האָבן געשטעלט י. ל. פּרצעס
„מקובלים”, וואָס איז אַ פּאָר מאָל איבערגעחזרט געוואָרן. נאָך יעדער אַק־
ציע, וואָס פלעגט אַרויסרייסן פון דער שול פרישע קרבנות, פלעגן די לע־
רערס און קינדער מיט אַן עקשנות צום באַוווּנדערן באַנייען די לימודים ביז
דער ליקווידאַציע פון געטאָ אין יולי 1944.

אָפּשאַצנדיק די ראָל פון דער פּאַכשול, שרייבט אין זיינע זכרונות איי־
נער פון אירע אינסטרוקטאָרן: „צווישן די ווענט פון דער שול האָט מען
אָפּט פאַרגעסן דעם צאָם און דעם מלאך־המוות, וואָס האָט נאָכאַנאַנד גע־
פּאָכעט מיט זיין שווערד איבער אונדזערע קעפּ. די קינדער זענען געווען
אויסערגעוויינלעך געראָטן, שיין, קלוג און לעבנס־דערפאַרן, מיט אַ געוואַל־
דיקער וויטאַליטעט און דראַנג זיך אויסצולעבן. אויך די לערערס זענען
געוואָרן מיטגעריסן מיט די יִנגוואַרג און געלאָזט זיך פון זיי פאַרפירן אין
דער פאַנטאַסטישער קינדערוועלט... די פּאַכשול איז געוואָרן דער גייסטיקער
צענטער פון געטאָ”.

## ג. ווילנער געטאָ

דאָס קולטור־לעבן אין ווילנער געטאָ איז אַ בולטער באַוויז פון דער
דויערהאַפטיקייט פון אַ שטאַרקער און פון דורות־פאַרוואָרצלטער קולטור־
טראַדיציע, וואָס איז ביכולת זיך צו מאַניפעסטירן אַפילו אין די עקסטרעמע
באַדינגונגען פון אַ נאַצישן יִדן־געטאָ. פון אַלע געטאָס זענען די קולטור־
מאַניפעסטירונגען אין ווילנער געטאָ געווען די אינטענסיווסטע, האָבן אַרומ־
גענומען ברייטע שיכטן פון דער געטאָ־באַפעלקערונג און זענען געווען אַן
אָפיציעלער און וויכטיקער טייל אין דער טעטיקייט פון יִדנראַט. אַ היסטאָ־

דיקער און עד־ראיה פון ווילנער געטאָ דריקט זיך אויס אין זיינע זכרונות, אַז „איבער די ווילנער ייִדישע עדה האָט אין משך פון יאָרן געטראָגן דעם נאָמען ירושלים דליטא — איז געטאָ ווילנע ראוי, אין קולטור היגזיכט, צו טראָגן דעם נאָמען ירושלים פון די געטאָס, אַלס אַ סימבאָל פון ייִדישן גייסטיקן ווידערשטאַנד אונטערן נאַצי־רעזשים".

ווען מען לייענט די לפי־ערך רייכע דאָקומענטאַציע וועגן דעם קולטור־לעבן אין ווילנער געטאָ, ווילט זיך אָפּטמאָל נישט גלייבן, אַז די דאָזיקע פילפאַרביקע, כמעט „נאָרמאַלע" קולטור־טעטיקייט האָט געהאַט אַן אָרט אין אַ געטאָ, וואָס אין אים זענען אַריין רעשטלעך פון אַן אויסגעמאָרדעטער עדה, איבער וועלכער עס האָט די גאַנצע צייט געהאָנגען די דאַמאָקלעס־שווערד פון אומקום. מיט דער פאַרצווייגטער קולטור־אַרבעט אין געטאָ האָט אָנגעפירט דער קולטור־אָפּטייל ביים יודנראַט וואָס האָט זיך געטיילט אויף אַ צאָל סעקציעס: שול, ביבליאָטעק און לייענזאַל, טעאַטער (אַנסאַמבל, אָרקעסטער, ייִדישער און העברעיִשער כאָר); אַרכיוו, סטאַטיסטישער אַמט, מוזיי, פאָלקלאָר, ספּאָרט־סעקציע, מוזיק־שול און ביכער־קראָם. דער קול־טור־אָפּטייל האָט אויך אַרויסגעגעבן די „געטאָ־ידיעות".

אַ סך האָט די אינטענסיווקייט און דער הויכער ניוואָ פון דעם קול־טור־לעבן אין געטאָ געהאַט צו פאַרדאַנקען דער צאָלרייכער און פאָלקס־טימלעכער ייִדישער אינטעליגענץ מיט וועלכער ווילנע איז געווען גע־בענטשט. אין אירע רייען האָבן זיך אויך געפונען שרייבער, לערער און קולטור־טוער, וואָס זענען אין האַרבסט־ווינטער 1939 און זומער 1941 אַנט־לאָפן קיין ווילנע פון אַנדערע ייִדישע צענטערן (וואַרשע, קאָוונע) און פאַר־גרעסערט די קאַדרען פון דער היימישער אינטעליגענץ. די וויכטיקסטע אַמטן אין דעם קולטור־אָפּטייל האָבן פאַרנומען גראָד פּליטים פון וואַרשע און קאָוונע.

### 1. ביבליאָטעק־וועזן

„די אינטענסיווקייט פון די ערשטע דריי חדשים קולטור־לעבן אין געטאָ ווייזט זיך בולט בלויז אויף איין געביט — פון פאַרשיכורן זיך מיטן בוך" — זאָגט זיך אין ערשטן באַריכט פון סטאַטיסטישן אַמט פאַר די

חדשים סעפּטעמבער־נאָוועמבער 1941. און פּאַקטיש איז אין ווילנע די פּאָ־
פּולערע ביבליאָטעק „מפיצי־השכלה" געווען די ערשטע קולטור־אינסטי־
טוציע, וואָס האָט אָנגעהויבן איר טעטיקייט אין געטאָ און זי נישט איבער־
געריסן אַפילו אין דער צייט פון די „שיינען־אַקציעס", ווען אויף פּאָנאַר
איז אויסגעמאָרדעט געוואָרן בערך 30־40 פּראָצענט פון דער ייִדישער באַ־
פעלקערונג. זי האָט אָנגעהויבן צו בייטן ביכער שוין דעם 10טן סעפּטעמ־
בער 1941, ד"ה אויפן פערטן טאָג נאָכן אַריינגיין אין געטאָ. אין סעפּטעמ־
בער 1941 האָט דער צווייטער ייִדנראַט (דער ערשטער איז אומגעבראַכט
געוואָרן תחילת סעפּטעמבער), אָנגענומען אַ באַשלוס איבערצוגעבן דער
ביבליאָטעק אַלע ביכער וואָס זענען געבליבן אָן אַ בעל־הבית און די הייַ־
זער־אַדמיניסטראַטאָרן זענען אויפגעפּאָדערט געוואָרן זיי אויסצוליפערן צו
באַפולמעכטיקטע פּערזאָנען. אין מערץ 1943 האָט דער געטאָ־פאָרשטייער
פאַראָרדנט איבערצוגעבן אין דער ביבליאָטעק אַלע ביכער, וואָס האָבן זיך
נאָך געפונען אין פּריוואַטן באַזיץ (חוץ לערנביכער און סידורים). ייִדישע
אַרבעטער אויף די א"ג „קאָמאַנדאָס" מחוצן געטאָ פלעגן אָפט אַריינשמוגלען
אין געטאָ ביכער וואָס זיי האָבן געפונען אין פאַרלאָזטע ייִדישע היימען אין
דער שטאָט. גאָר אַ גרויסן חלק אין שמוגלען ביכער און נישט נאָר ביכער
אין געטאָ אַריין האָבן געהאַט די ייִדישע אַרבעטער פון דעם א"ג „איינזאַץ־
שטאַב ראָזענבערג", וואָס האָבן געאַרבעט אין דעם געוועזענעם בנין פון
ייִוואָ אין דער שטאָט, ביים סאָרטירן ביכער און זשורנאַלן, צונויפגעזאַמלטע
פון אַלע ביבליאָטעקן אין ווילנע און ווילנער פּראָווינץ. אַזוי אַ שטייגער
זענען אין אויגוסט 1942 צוגעקומען 765 ביכער, דערונטער 357 פון ייִוואָ־
בנין. די ביבליאָטעק האָט אויך פּאַקטיש באַקומען אין איר רשות די פאַר־
דעכטיקטע ביכער, וואָס זענען דורך דער צענזור־קאָמיסיע פון דער געטאָ־
פּאָליצײַ קאָנפיסקירט געוואָרן ביי דער געטאָ־באַפעלקערונג (יעדער האָט
געמוזט ברענגען זיינע ביכער אין דער צענזור־קאָמיסיע און זיי לאָזן אָפּ־
שטעמפּלען), און מאַגאַזינירט געוואָרן אין די קעלערן פון דער ביבליאָטעק.
תחילת יאַנואַר 1942 האָט די ביבליאָטעק פאַרמאָגט 93.463 בענד און יאָר־
גענג פון ביכער און זשורנאַלן.

די צאָל ביכער און אַבאָנענטן האָט זיך כסדר פאַרגרעסערט. אַ פּאָר־

ציפערן: סוף אָקטאָבער 1941 האָט די ביבליאָטעק פאַרמאָגט קרוב 2.000 אַבאָנענטן, אין אויגוסט 1942 — 3.864 — אַ וווקס אויף קנאַפּע 100%. אויב אין פעברואַר 1942 איז אַרויסגעגעבן געוואָרן 4.328 ביכער, האָט די צאָל אַרויסגעגעבענע ביכער צווישן דעצעמבער 1942 און מערץ 1943 זיך געוואַקלט אין די גרענעצן צווישן 11.500 און 13.500 ביכער — אַ וווקס אויף העכער 400%. אין דעצעמבער 1942 האָט די ביבליאָטעק געפייערט אויף אַ ליטעראַרישן פרימאָרגן דעם פאַקט פון אויסלייען דאָס 100.000סטע בוך.

די ביבליאָטעק האָט אויך געהאָלפן שאַפן פון איר ביכער־באַשטאַנד ביבליאָטעקלעך אין שכונותדיקע אַרבעט־לאַגערן און אַ צאָל פּראָווינץ־געטאָס (ווי אָשמענע א״א) וואָס האָבן זיך געפונען אונטער דער „יוריסדיקציע״ פון ווילנער געטאָ־שעף. תחילת מערץ 1943 האָט זיך דער אָנפירער פון דער ביבליאָטעק געוואָנדן צו אים מיט אַ בריוו וועגן דער נייטיקייט צו צענטראַליזירן אונטער איין אָנפירונג די אַלע צווייג־ביבליאָטעקלעך.

ביי דער ביבליאָטעק האָט עקסיסטירט אַ לייענזאַל — אין יולי 1942 האָבן דעם לייענזאַל באַזוכט טעגלעך דורכשניטלעך 100 פּערזאָן (אין מערץ 1943 האָט דער לייענזאַל געהאַט זיין מאַקסימאַלע צאָל: אין דורכשניט 206 באַזוכער טעגלעך). אין אויגוסט זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן צום לייענען אויפן אָרט 4.364 ביכער און 1816 צייטונגען און זשורנאַלן (ווי דערמאָנט אין דעם אַריינפיר צו דעם דאָזיקן קאַפּיטל האָט דער לייענזאַל געהאַט דאָס רעכט צו אַבאָנירן 2 נאַציִשע צייטונגען — אַ דייטשע און אַ פּוילישע).

וועגן דער ראָל וואָס דער לייענזאַל האָט געשפּילט אין גייסטיקן לעבן פון געטאָ שרייבט אַ ניצול־געוואָרענער פון ווילנער געטאָ: ...„דער לייענזאַל איז געווען דער גייסטיקער אָפּרו־אָרט פון געטאָ. די ווענט זענען געווען באַצירט מיט פּרוכתן, מנורות, שויתים געראַטעוועטע פון חרובע שולן... ווי אויך מיט בילדער פון ח. נ. ביאַליק, י. ל. פּרץ, מענדעלע מוכר ספרים, שלום־עליכם און מיט אַ גרויסער אַראָפּהענגענדיקער מאַפּע פון ארץ־ישראל... ביי די טישן פלעגט הערשן טויטע רו, מענטשן זענען געזעסן און געמאַכט זיך נאָטיצן ווער צו רעפעראַטן, ווער צו לימודים אין די שולן און ווער צו וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן, אַנדערע פלעגן דאָ זיצן און שרייבן ווערק. דאָ איז דאָך געווען דער איינציקער גרויסער אָרט אין געטאָ״.

אַדאַנק דער איניציאַטיוו פון דער ביבליאָטעק־אָנפירונג איז געשאַפן געוואָרן אַ ביכער־קראָם, וואָס האָט פאַרקויפט ביכער צו פריוואַטע פער־זאָנען. לויט אַ באַריכט פון קולטור־אָפטייל פאַר אויגוסט 1942, האָט די ביכער־קראָם פאַרקויפט אין דעם חודש 198 ביכער, און אויפן לאַגער האָבן זיך סוף חודש געפונען 7.281 ביכער. מען האָט געקויפט ביכער נאָך אַזוי שפּעט ווי אין יוני 1943, ווען דאָס געטאָ איז שוין געשטאַנען ערב ליקווי־דאַציע — אין דעם חודש זענען פאַרקויפט געוואָרן 163 ביכער.

פאַר דעם דראַנג צו זיין כאָטש מיט דער הילף פון געדרוקטן וואָרט פאַרבונדן מיט דער דרויסנדיקער וועלט, איז סימפּטאָמאַטיש דער פאַקט, אַז צוויי־דריטל פון די דערוואַקסענע לייענער האָבן לויט דעם באַריכט פון יאַנואַר 1943 געלייענט פּויליש*, דאַקעגן ביי די קינדער, וואָס האָבן באַזוכט די געטאָ־שולן איז געווען פונקט פאַרקערט — דריי־פערטל האָט געלייענט ייִדישע ביכער.

2. שולוועזן

אויפן דריטן טאָג פון אַריינקומען אין געטאָ האָט אַ גרופּע לערער גע־בומען אויף זיך די איניציאַטיוו צוריק צו עפענען אַ שול. באַקומענדיק פון יודנראַט אַ פּאָר חרובע לאָקאַלן, האָבן די לערערס צוזאַמען מיט די תלמידים דערפירט זיי נאָך אַ שווערער האַרעוואַניע צו אַ מער־ווייניקער געברויך־צושטאַנד. אין אַ בוך זכרונות וועגן ווילנער געטאָ ווערט די דאָזיקע מיזאַמע צוגרייטונג־אַרבעט און דער פיזישער מצב פון די געעפנטע שולן געשיל־דערט אַזוי: „לערערס און קינדער זענען אין געמיינזאַמען רצון אויפצו־בויען דאָס שולוועזן געוואָרן איין משפחה, צוזאַמען אַרויסגעטראָגן גרוז, שטיינער און ציגל פון צעבראָכענע חורבות... צוזאַמען צונויפגעשלעפט פון איין חורבה אַ טיר, פון אַן אַנדערער אַ ברעט, פון אַ דריטער אַן אָפּגעריסן

---

* אויף אַזאַ לפי־ערך גרויסער צאָל פּויליש לייענער אין אַזאַ ייִדישער שטאָט ווי ווילנע האָט משמעות משפּיע געווען אויך דער פאַקט, וואָס אין ווילנע האָט זיך אָפּגע־שטעלט אַ גרעסערע צאָל פּליטים פון די פּוילישע אָקופּירטע געביטן (נאָך פון האַרבסט 1939).

פענצטער, בכדי צוניפצושטעלן פון דעם אַלעם עפּעס, וואָס דאַרף דער־מאָנען אַ שטוב... לערערס און שילערס האָבן געמיינזאַם געהאַקט האָלץ אויף צו קענען אָנוואַרעמען די קאַלטע שטובן, ווו מען איז געזעסן און געפרוירן אין די שווערע געטאָ־ווינטערן. אין דער ערשטער תקופה פון געטאָ איז כמעט קיין שטולן נישט געווען. זענען די קינדער געזעסן צוגעטוליעט אויף דער ערד... ערשט שפּעטער האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַווייזן שול־בענק אין געטאָ... מען איז געזעסן אין גרויסער ענגשאַפט, שטייענדיק אָנגעשפּאַרט אָן אַ וואַנט, האַלטנדיק דעם העפט אויפן חברס פּלייצעס — דאָס איז געווען די סיטואַציע אין די שולן דעם ערשטן געטאָ־ווינטער".

אין משך פון ערשטן געטאָ־יאָר זענען געלאָזט געוואָרן אין גאַנג דריי פאָלקשולן (די דריטע פאָלקשול האָט זיך געעפנט דעם 25סטן אָקטאָבער 1942) און גימנאַזיאַלע קורסן. חוץ דעם איז מחוצן געטאָ, אין די אַרבעטער־בלאָקן פון „קייליס", געעפנט געוואָרן אַ שול מיט 50־60 קינדער.

די רעגיסטראַציע אַדורכגעפירט אין געטאָ האָט אויפגעוויזן העכער 2.700 קינדער אין עלטער פון 5־14 יאָר (2.172 אין עלטער פון 5־12 יאָר).

די כמותדיקע אַנטוויקלונג פון שולוועזן במשך 1942 ווייזן די ווייטער־דיקע ציפערן:

פון יאַנואַר ביז דעצעמבער 1942 איז די צאָל קלאַסן געשטיגן פון 9 אויף 40; די צאָל באַשעפטיקטע לערערס פון 23 אויף 72 און דער דורכ־שניטלעכער טעגלעכער באַזוך — פון 390 אויף 1.405. עס האָבן זיך אויך פאַרבעסערט די רוימלעכע באַדינגונגען אין די שולן: אין ערשטן האַלביאָר 1942 איז די דורכשניטלעכע צאָל קינדער אין אַ קלאַס געווען 60־70, אין צווייטן — נאָר 40. סוף אָקטאָבער 1942, נאָך דער דערעפענונג פון דער דריטער פאָלקשול, האָט די צאָל קינדער אין אַלע שולן און אַנשטאַלטן פון קינדער־פאַרזאָרגונג דערגרייכט 1.800 — ד"ה צוויי דריטל פון אַלע קינ־דער אין שול־עלטער.

ביי די פאָלקשולן האָבן עקסיסטירט קינדער־גערטנער פאַר קינדער אין פאַרשול־עלטער. אויך אין די צוויי קינדער־אינטערנאַטן פאַר יינגלעך און מיידלעך, וואָס אין אַפּריל האָבן זיי צוזאַמען געציילט 103 קינדער, ווי אויך אין דער אַ"ג „טראַנספּאָרט בריגאַדע ילדים" (בערך 80 קינדער און יוגנט־

לעכע, וואָס האָבן אַ גאַנצן טאָג געשלעפּט משאות אין געטאָ) איז אָנגעגאַנ־
גען אַ מער ווייניקער סיסטעמאַטישער לימוד.

בישט געקוקט אָבער אויף דעם איינגעפירטן שולצוואַנג זענען הונדער־
טער קינדער געבליבן אויסער די שול־מויערן. דאָס זענען געווען על־פּי־רוב
קינדער, וואָס זענען באַפרייט געוואָרן פון דעם חוב צו באַזוכן די שול,
היות זיי „פירן אויס וויכטיקע ווירטשאַפטלעכע פונקציעס אין שטוב", ווי־
אויך אַ געוויסע צאָל יתומים וואָס האָבן אַליין געמוזט זאָרגן וועגן זייער
חיונה.

אין מערץ 1943 האָט דאָס שולוועזן באַקומען אַ שטאַרקן קלאַפּ. מען
האָט געמוזט אָפּטרעטן אַ פּאָר שול־לאָקאַלן פאַר די אַריינגעשיקטע ייִדן
פון אַ צאָל ליקווידירטע פּראָווינץ־געטאָס און לאַגערן. מען האָט געמוזט
קאַמאַסירן אַ צאָל קלאַסן און איבערטראָגן די אַרבעט אויף די נאָכמיטאָג־
שעהן.

דער פּראָגראַם וואָס איז געווען אַ סינטעטישער, אַ רעזולטאַט פון אַ
קאָמפּראָמיס צווישן די פאַרשידענע אידעאָלאָגישע ריכטונגען אין געטאָ,
האָט לויט אַ באַריכט פון יאַנואַר 1943 אַרומגענומען די וויטערדיקע לי־
מודים: ייִדיש (אויך לימודים־שפּראַך), העברעיִש, אַריטמעטיק, נאַטור־
וויסנשאַפט, געאָגראַפיע, ייִדישע און אַלגעמיינע געשיכטע. אויף די גימנאַ־
זיאַלע קורסן האָט מען חוץ דעם געלערנט פיזיק, לאַטיין און דייטש (דער
לעצטער קעגנשטאַנד — פון יולי 1942).

ווי מיר זעען, איז דער שול־פּראָגראַם געווען אַ גענוג ברייטער — אַן
אַן ערך ברייטער ווי דער אָפיציעלער פּראָגראַם אין די ייִדנראַט־שולן אין
דער גענעראַל־גובערניע, ווו מען האָט געהאַט מורא אָנצוגעבן אין די אָפי־
ציעלע פּראָגראַמען אַזעלכע לימודים ווי געשיכטע און געאָגראַפיע.

וואָס שייך דעם לימוד פון רעליגיע, איז ער איינגעפירט געוואָרן אין
אויגוסט 1942, נאָך אַן אינטערוועניץ פון רבנים ביים געטאָ־פאַרשטייער,
אָבער ווי אַ נישט־אָבליגאַטאָרישער לימוד. עס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר די
סעקולערע טענדענצן וואָס האָבן געהערשט אינעם קולטור־אָפּטייל, אַז אין
דעצעמבער האָט זיך זיין אָנפירער געוואַנדן צום געטאָ־פאַרשטייער מיט אַ

פֿאַדערונג אָפּצושאַפֿן רעליגיע ווי אַ לימוד אין שול־פּראָגראַם, אָבער זײַן פֿאָרשלאַג איז אָפּגעוואָרפֿן געוואָרן.

די פּראָגראַם איז אין אירע הומאַניסטישע און נאַציאָנאַלע ריכטליניעס געווען אין די בעסטע טראַדיציעס פֿון אַמאָליקן בלײַענדיקן ייִדישן שול־וועזן אין ווילנע און די לערערס האָבן אַרויסגעוויזן אַן ענטוזיאַסטישע און מסירות־נפֿשדיקע איבערגעגעבנקייט צו די שולן און קינדער.

די לערער זענען געווען אָרגאַניזירט אין אַ לערער־פֿאַרבאַנד, וואָס האָט געפֿירט אַ ברייטע קולטור־אַרבעט צווישן אירע מיטגלידער און אויך געזאָרגט וועגן זייערע מאַטעריעלע נויטן, אויספֿועלנדיק ביים געטאָ־שעף פֿון צײַט צו צײַט שפּייז־צוגאָבן פֿאַר די לערערס, וואָס זייער עקאָנאָמישער מצב איז געווען אַ באַזונדערס שווערער.

די ייִנגערע תּלמידים פֿון די שולן פֿלעגן זיך צונויפֿקומען אין קינדער־קלובן, ווו די אַרבעט איז פֿאַרטיילט געוואָרן אין פֿאַרשידענע סעקציעס: ליטעראַרישע, דראַמאַטישע, האַנטאַרבעט און מאָלן, היסטאָריש־געאָגראַפֿי־שע און שפּיל־סעקציע.

די מער דערוואַקסענע שול־יוגנט איז געווען אָרגאַניזירט אין אַ יוגנט־קלוב (געווען טעטיק פֿון 18טן יולי 1942), וואָס האָט געהאַט פֿאַרשידענע קרייזן: פֿאַר געשיכטע, ליטעראַטור, מאַטעמאַטיש־פֿיזיקאַלישער, פֿאָלקלאָר און דראַמאַטישע סעקציע. דער קלוב איז געווען זייער רירעוודיק אין זײַן קולטור־אַרבעט. ער פֿלעגט אײַנאָרדענען אייגענע אימפּרעזעס און אַרויס־טריטן אויף אַלגעמיינע, עפֿנטלעכע אימפּרעזעס מיט רעציטאַציעס, דראַמאַ־טיזירונגען און כאָר־געזאַנגען. דער געשיכטע־קרייז האָט, למשל, אין מערץ 1943 אָרגאַניזירט אַן עפֿנטלעכן „משפּט איבער פֿלאַוויוסן", דער ליטעראַ־טור־קרייז אַ יהואָש־אָוונט, פֿאַרבונדן מיט אַ יהואָש־אויסשטעלונג. ער האָט אַרויסגעגעבן אַ וואַנט־צײַטונג א"נ „צווישן ווענט — דאָך יונג". די עפֿנט־לעכע קינדער־ און יוגנט־אויפֿטריטן בעת פֿאַרשידענע שול־יום־טובים (חנוכּה, ט"ו בשבט, פּורים א"א) זענען געווען פֿאַרן געטאָ מאָמענטן פֿון רירנדיקער און גייסטיקער דערהייבונג, באַגלייט מיט אַ נאָגנדיקער זאָרג וועגן דער געפֿאַר וואָס האָט געהאָנגען איבער יונגן דור.

די לעצטע עפֿנטלעכע שול־פֿייערונג איז פֿאָרגעקומען אין שפּעט־פֿרי־

לינג 1943, צום אָפּשלוס פון לערניאַר מיטן אַנטייל פון פאָרשטייער פון אַלע פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע קרייזן אין געטאָ. עס האָט שוין דעמאָלט איבערן געטאָ געשוועבט דאָס געשפּענסט פון ליקווידאַציע און די פרייד מיט די דערגרייכונגען פון די קינדער איז געווען אַדורכגעדרונגען מיט געפילן פון שווערער זאָרג און טרויער.

חוץ דעם אַלגעמיינעם שולנעץ האָט אויך אין געטאָ עקסיסטירט אַ רעליגיעז שולוועזן, געשאַפן פון דער איניציאַטיוו פון פרומע עלטערן, וואָס האָבן געוואָלט געבן זייערע קינדער אַ טראַדיציאָנעל־רעליגיעזע דערציִונג. עס זענען געווען טעטיק צוויי עלעמענטאַר־רעליגיעזע שולן (די חדרים זענען נאָך פריִער פאַרמאַכט געוואָרן), אַ מין מיטלשול גערופן „ישיבה קטנה" (לעגאַליזירט דורכן געטאָ־שעף אין דעצעמבער 1942) און אַ ישיבה א"ב פון הרב ר' חיים עוזר גראָדזענסקי. זיי האָבן זיך אַלע געפונען אין קלויזן. די רעליגיעזע שולן האָבן אייגנטלעך געטראָגן דעם כאַראַקטער פון צוגאָב־שולן. די לימודים אין זיי זענען על־פּי־רוב פאָרגעקומען אין אַזעלכע שעהן, אַז די קינדער האָבן געהאַט אַ מעגלעכקייט צו באַזוכן די אַלגעמיינע געטאָ־שולן. אין די רעליגיעזע שולן האָבן געלערנט קרוב 200 קינדער און יוגנטלעכע. די רעליגיעזע שולן פלעגן פון צייט צו צייט איינאָרדענען עפנטלעכע „פאַרהערענישן", בעת וועלכע איינגעלאַדענע געסט פלעגן שטעלן די קינדער פראַגן, נאָך דעם פלעגט פאָרקומען אַ „סעודת־מצווה".

אַ מין סוראָגאַט פאַר אַ העכערער טעכנישער שול איז געווען דאָס געטאָ־טעכניקום מיט צוויי אָפּטיילן: שלאָסעריי און עלעקטראָטעכניק, וואָס האָט זיך בהכרח געמוזט שטעלן שמאָלע פּראַקטישע צילן: אויסשולן במשך פון אַ קורצער צייט יוגנטלעכע געהילף־כוחות בכדי זיי זאָלן קענען אַרייַנגעצויגן ווערן, אַזוי פרי ווי מעגלעך, אין דער געטאָ־ווירטשאַפט.

די שולן זענען געווען טעטיק כמעט ביז די לעצטע טעג פון געטאָ. די צאָל לערערס איז אין דער העלפט סעפּטעמבער 1943, בשייכות מיט דער דעפּאָרטאַציע קיין עסטלאַנד, רעדוצירט געוואָרן פון 60 אויף 35. גלייכצייטיק האָט זיך די צאָל קינדער פאַרקלענערט, לויט דעם זעלביקן מקור, פון 1500 אויף 900. דער גרעסטער טייל איז אומגעקומען אויפן אָרט בעת דער

ליקווידאַציע פון געטאָ, אָדער אַרויסגעפירט געוואָרן אין די קאָנצענטראַ־ציע־לאַגערן, ווו דער רוב איז אין פּיין און ליידן אויסגעגאַנגען.

3. די פאַראייניקונג פון ליטעראַטן און קינסטלער

נאָך דעם ווי דאָס לעבן אין געטאָ האָט זיך ווי נישט איז סטאַביליזירט, האָבן די אינטעלעקטועלע כוחות, וואָס זענען פאַרבליבן אין געטאָ נאָך די כלערליי „שיינען־אַקציעס", שרייבערס, מוזיקערס, אַקטיאָרן, מאָלערס א"א זיך אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן.

דעם 7טן פעברואַר 1942 איז פאָרגעקומען אַ גרינדונג־פאַרזאַמלונג פון דער „פאַראייניקונג פון ליטעראַטן און קינסטלער" מיט 74 באַטייליקטע. אין דער „פאַראייניקונג" האָט זיך קאָנצענטרירט די גייסטיקע עליטע פון געטאָ.

די לכתחילהדיקע אויפגאַבע פון דער פאַראייניקונג, ווי זי איז פאָרמו־לירט געוואָרן דורך איינעם פון אירע גרינדערס, איז באַשטאַנען: „אין זעלבסטהילף, באַוועגן צו קינסטלערישער שאַפונג, באַאַרבעטן אַ כראָניק פון פאַרשלעפּטע יידישע שרייבער, קינסטלער און אינטעלעקטואַלן, זאַמלען פאַרלוירענע שאַפונגען פון די פאַרשלעפּטע און צוגרייטן מאַטעריאַלן פאַר אַ ליטעראַריש־קינסטלערישער זאַמלונג פון געטאָ. מיט דער צייט איז די טעטיקייט פון דער „פאַראייניקונג" שטאַרק איבערגעוואַקסן די אָנגעצייכנטע גרענעצן.

אין דער צווייטער העלפט פון 1942 האָט די „פאַראייניקונג" געציילט 92 מיטגלידער (33 שרייבער, 27 אַקטיאָרן, 24 מוזיקער און 8 מאָלערס), אין 1943 האָט זיך זייער צאָל פאַרגרעסערט אויף 99.

ווי עס ווייזט אויס, האָט אין די ראַמען פון דער „פאַראייניקונג" עק־סיסטירט אַ באַזונדערע גרופּע — דער מוזיקער־פאַרבאַנד, וואָס פלעגט אַרויסטרעטן לגבי דער „פאַראייניקונג" ווי אַ צד.

די „פאַראייניקונג" האָט געפירט אין געטאָ אַ רירעוודיקע קולטור־טע־טיקייט. יעדע וואָך, אָדער יעדע צוויי וואָכן פלעגן פאָרקומען ליטעראַריש־קינסטלערישע צונויפטרעפן פון די מיטגלידער און געסט („גלעזלעך קאַ־ווע") — דער ערשטער אָוונט איז פאָרגעקומען דעם 25סטן יולי 1942 — אויף וועלכע עס פלעגן געהאַלטן ווערן רעפעראַטן אַרום אַן אויסגעקליבע־

נער טעמע. אין אַ מיטצייטלעכער רשימה וואָס רעכנט אויס 21 אַזעלכע לי־טעראַרישע אָוונטן געפינען מיר אַזעלכע טעמעס ווי „התרוממות הנפש", „ווילנע ירושלים דליטא", „סוגעסטיע אין מוזיק", „קידוש־השם־מאָטיוון אין דער יידישער ליטעראַטור", „יונג ווילנע", „די 40 טעג פון מוזאַ דאַג" א״א. די דאָזיקע 21 צונויפטרעפן זענען באַזוכט געוואָרן פון 4,175 פערזאָן.

דער לאָקאַל פלעגט דעמאָלט זיין דעקאָרירט מיט מאָלערייען און צייכענונגען, וואָס האָבן אַנטשפּראָכן דער באַהאַנדלטער טעמע.

ביי דער „פּאַראייניקונג" האָט אויך עקסיסטירט אַ וויסנשאַפטלעכער קרייז, וואָס האָט זיך, לויט אַן אויפגעהיטן אַרבעט־פּלאַן פון יאַנואַר 1943, געטיילט אויף אַ ריי סעקציעס: ליטעראַרישע, היסטאָרישע, נאַטור־וויסנשאַפטלעכע, פיזיש־מאַטעמאַטישע און אַ צייכנער־גרופּע.

די מיטגלידער פון די קרייזן האָבן געטאָן פאַרשידענע פאָרש־אַרבעטן און געהאַלטן עפנטלעכע לעקציעס אויף זייערע געביטן. די כעמישע סעקציע האָט עקספּערימענטירט מיט פּראָדוצירן זייף און פאַרשידענע סוראָגאַט־שטאָפן; ליטעראַטור־פאָרשער האָבן געשריבן ליטעראַטור־היסטאָרישע אָפּהאַנדלונגען און עסייען (וועגן ח. נ. ביאַליק, י. ל. פּרץ, אחד העם, ה. לייוויק, י. צינבערג א״א). אַ היסטאָריקער, אַ געוועזענער דירעקטאָר פון דער יידישער רעאַל־גימנאַזיע, האָט אָנגעשריבן אין געטאָ אַ גרויסע אַרבעט וועגן דער געשיכטע פון דער ווילנער קהילה פון די עלטסטע צייטן און זי דערפירט ביז 1925. דער קרייז האָט אויך אַדורכגעפירט צווישן די געטאָ־איינוווינער אַן אַנקעטע וועגן דער דעמאָגראַפישער, עקאָנאָמישער סטרוקטור פון געטאָ.

די פּאַראייניקונג איז געווען דער רוח־החיים פון קולטור־לעבן אין געטאָ. זי פלעגט לפי־ערך אָפט איינאָרדענען עפנטלעכע ליטעראַריש־קינסטלערישע אימפּרעזעס: אַקאַדעמיעס צום אָנדענק פון די דריי קלאַסיקער פון דער יידישער ליטעראַטור, וואָקאַליש־מוזיקאַלישע קאָנצערטן, ליטעראַרישע פּרימאָרגנס אאַז״וו.

איר בודזשעט האָט די „פּאַראייניקונג" געדעקט פון די סובסידיעס פון יידנראַט, פון געזעלשאַפטלעכן הילפס־קאָמיטעט און פון הכנסות פון אירע אונטערנעמונגען. די גרעסטע פּאָזיציע אין דער זייט פון הוצאות איז געווען

מאַטעריעלע הילף פאַר די מיטגלידער. אין אירס אַ באַריכט פאַרן יאָר 1942 ווערט, למשל, אָנגעוויזן, אַז פון 23,758 רייכסמאַרק האָט זי 21,148 פאַרטיילט ווי שטיצע צווישן 77 מיטגלידער פון דער „פאַראייניקונג".

אַ פאַרעם פון אונטערשטיצן מאַראַליש און מאַטעריעל די מיטגלידער־שאַפט זענען געווען די ליטעראַרישע און קינסטלערישע קאָנקורסן, וואָס זי פלעגט פון צייט צו צייט אַראַנזשירן. די קאָנקורסן זענען אַדורכגעפירט געוואָרן אונטער דער אַפּוטרופּסות פון געטאָ־שעף, וואָס פלעגט נאָמינירן אַדער באַשטעטיקן די אים פאָרגעלייגטע זשורי־מיטגלידער און פינאַנצירן די פרעמיעס.

סוף יולי 1942 זענען באַשטימט געוואָרן דריי פרעמיעס פאַר ליטעראַ־רישע ווערק, וואָס וועלן באַהאַנדלען טעמעס פון געטאָ־לעבן. אויף דעם צוועק האָט דער געטאָ־שעף אַסיגנירט 8.400 רייכסמאַרק. איין צוגעטיילטע פרעמיע פאַר אַ דיכטער פון דער גרופּע „יונג־ווילנע", מחבר פון דער פּאָעמע „דאָס קבר־קינד" האָט באַטראָפן 1,700 רייכסמאַרק.

אין דעצעמבער 1942 איז דערקלערט געוואָרן אַ קאָנקורס אויף ליטע־ראַרישע שאַפונגען (אין ייִדיש און העברעיִש), מוזיק און מאָלעריי. עס זע־נען אַריינגעפלאָסן ווערק פון 22 מחברים. די זשורי האָט אין אַפּריל 1943 פרעמירט 4 מאָלערס אויף אַ סומע פון 550 רייכסמאַרק און 4 מוזיקערס־קאָמפּאָזיטאָרן (צווישן זיי אַ 12־יאָריק ייִנגל) אויף אַ סומע פון 500 רייכס־מאַרק. אַ העברעיִשער שרייבער און אַ ייִדישע דיכטערין האָבן באַקומען די ליטעראַרישע פרעמיעס.

חוץ דעם פלעגט די „פאַראייניקונג" איינאָרדענען קונסט־אויסשטע־לונגען פון אירע מיטגלידער. אין מערץ 1943 האָט די זשורי באַשטעטיקט פאַר דער אויסשטעלונג מאָלערייען, סקולפּטורן און צייכענונגען פון 15 מחברים (צווישן זיי 27 צייכענונגען פון אַ 9־יאָריק ייִנגל). צוויי עקספּאָ־נאַטן (בילדער) זענען אָפּגעקויפט געוואָרן פון געטאָ־שעף.

ביי דער „פאַראייניקונג" האָט אויך עקסיסטירט „אַ זאַמלפּונקט פאַר געטאָ־פאָלקלאָר". אַ באַריכט פאַר פעברואַר־מערץ 1943 רעכנט אויס 16 זשאַנערן אין 282 נומערן פון געזאַמלטן מאַטעריאַל. דער באַריכט־אָפּגע־בער באַקלאָגט זיך, אַז די זאַמל־אַרבעט גייט צו פּאַמעלעך היות די קינדער־

זאַמלער זענען זייער פאַרנומען מיט די שול־לעקציעס און צוגרייטונגען צו די טעאַטער־פאָרשטעלונגען, און די עלטערע זאַמלער, וואָס פאַרשטייען גוט די וויכטיקייט פון דער זאַמל־אַרבעט, באַקלאָגן זיך, אַז „עס פעלט זיי געמיט דערצו״.

4. טעאַטער און מוזיק

ווען אין געטאָ האָט זיך פאַרשפּרייט די ידיעה, אַז די לעבן געבליבענע אַקטיאָרן (20 אַקטיאָרן און 7 פּערזאָן פון טעכנישן פּערסאָנאַל זענען צוגע־נומען געוואָרן בעת די ערשטע אַקציעס צום אומקום אין פּאָנאַר), האָבן באַשלאָסן צוצוטרעטן צו שאַפן אַ טעאַטער, האָט זיך אָנגעהויבן אין געטאָ אַ שטורעם פון פּראָטעסט און פאַרביטערונג. פּאָליטישע גרופּירונגען האָבן אָפּגעהאַלטן באַראַטונגען. די אָרגאַניזירטע ייִדישע אַרבעטער־פּאַרטייען האָבן באַשלאָסן צו באָיקאָטירן די פאָרשטעלונגען. אין דעם טאָג פון דער ערשטער פאָרשטעלונג זענען אין געטאָ־זאַל פאַרטיילט געוואָרן הונדערטער פלוגבלעטלעך אין אַ שוואַרצער ראַם מיט פאָלגנדיקן טעקסט: „אויף אַ בית־עולם שפּילט מען נישט קיין טעאַטער״. דאַקעגן האָט די אידייע פון עפענען אַ טעאַטער אין געטאָ געפונען אַ שטאַרקע אונטערשטיצונג אין די קרייזן פון דער געטאָ־פּאָליציי און איר שעף. דער דאָזיקער פאַקט האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט דעם אומצוטרוי צו דער גאַנצער טעאַטער־אונטערנעמונג. אויך אין קולטוראַמט איז געווען אַן אָפּאָזיציע צום ענין געטאָ־טעאַטער. נאָך אַזוי שפּעט ווי דעם 17טן אַפּריל 1942 האָט דער שעף פון דער געטאָ־פּאָליציי זיך געווענדט מיט אַ בריוו צום קולטור־אָפּטייל, אין וועלכן ער בעט זיך נישט קעגנצושטעלן דאָס אָרגאַניזירן דעם קאָנצערט אין געטאָ־טעאַטער (אין געוועזענעם קליינעם שטאָטישן זאַל).

עס זענען געווען פאָרשלאַגן מען זאָל קומען און אויפרייסן די פאָר־שטעלונג, היות עס איז געווען אַ מורא, אַז דאָס טעאַטער זאָל נישט פאַר־שווענכן דעם טרויער אין געטאָ נאָך די טויזנטער קרבנות. אָבער דער ער־שטער אַרויסטריט (דעם 18טן יאַנואַר 1942) איז אַדורך אין אַ טיף ערנס־טער שטימונג, וואָס איז אַדאַנק אַן אַנטשפּרעכנד צוגעקליבענער פּראָגראַם.

געשאַפן געוואָרן אין זאַל. צום ערשטן קאָנצערט זענען געקומען בעיקר פּאָליציאַנטן און זייערע משפּחות, באַאַמטע און מיטגלידער פון ייִדנראַט. צום צווייטן קאָנצערט, וואָס איז פאָרגעקומען מיט אַ וואָך שפּעטער (דעם 25סטן), זענען געקומען אויך דייטשע און ליטווישע באַאַמטע וואָס זענען געווען דירעקט פאַרמישט אין די מאָרד־אַקציעס און אַ מיטצייטלערישער כראָניקער פון ווילנער געטאָ דריקט אויס זיין פאַרביטערונג וואָס „מען האָט אַלזאָ ווי געהעריק פאַרווײַלט דעם הויפּט מערדער פון אַלע אַקציעס... און איינעם פון די גרעסטע סאַדיסטן בשעת די אַקציעס פון דער „איפּאַטינגאַ" [ליטווישע הילף־פּאָליציי]". מיט דער צייט איז די פּסיכישע העמונג קעגן אַ טעאַטער אין געטאָ געבראָכן געוואָרן און דער עולם האָט אָנגעהויבן גיין אין טעאַטער. דער ריווח פון די קאָנצערטן איז געגאַנגען לטובת דעם געזעלשאַפטלעכן הילף־קאָמיטעט.

די טעאַטער־סעקציע האָט גרופּירט אַרום זיך און אַרומגענומען מיט איר טעטיקייט אַקטיאָרן, מוזיקער, זינגערס און צוויי כאָרן — אַ ייִדישן און אַ העברעיִשן. דער אַקטיאָרן־אַנסאַמבל האָט געציילט עטלעכע און צוואַנציק מאַן, דער אָרקעסטער 30 און די כאָרן — דער ייִדישער העכער 80 און דער העברעיִשער 75 כאָריסטן. עס האָבן אויך געשפּילט דריי אָרקעסטערס: אַ סימפאָנישער, אַן עסטראַדע־אָרקעסטער און אַפילו אַ דזשאַז־אָרקעסטער.

דער פּראָגראַם פון די פאָרשטעלונגען פלעגט על־פּי־רוב זיין אַ געמישטער: ערנסטע זאַכן פון קלאַסישן רעפּערטואַר אַדורכגעוואָרפן מיט אַקטועלער געטאָ־טעמאַטיק, באַהויכט מיט הומאָר, דעם ספּעציפישן געטאָ־הומאָר — אַ מין געלעכטער דורך טרערן. די פונקציע פון טעאַטער איז געווען צו מאַכן פאַרגעסן דעם עולם אויף אַ פּאָר שעה וועגן געטאָ און דעם טרויעריקן לעבן. און די דאָזיקע פונקציע האָט דער טעאַטער מיט דער־פאָלג דורכגעפירט. „דער עולם האָט ממש געקעמפט פאַר בילעטן", כדי צו באַזוכן געוויסע פאָרשטעלונגען. על־פּי־רוב האָבן די פאָרשטעלונגען געטראָגן אַ רעווי־כאַראַקטער, אָבער דאָס טעאַטער פלעגט געבן פון צייט צו צייט פולע דראַמאַטישע פּיעסעס, ווי למשל, פּרץ הירשביינס „גרינע פעל־

דער", „דער מענטש אונטערן בריק" פון אַטאַ אינדיק, דוד פּינסקיס „דער אוצר", בערגערס „דער מבול", פּרצעס „די גאָלדענע קייט".

אין געוויסע חדשים האָט דאָס טעאַטער כמעט יעדן, אָדער יעדן צווייטן טאָג, געגעבן פאָרשטעלונגען. אַזוי למשל זענען אין אָקטאָבער 1942 פאָר־געקומען 16 טעאַטער־פאָרשטעלונגען, 3 אַרויסטריטן פון די כאָרן, 2 קאָנ־צערטן פון סימפאָנישן אָרקעסטער און אַ קאָנצערט פון די שילער פון דער מוזיק־שול — צוזאַמען 24 אונטערנעמונגען; אין דעצעמבער — 18 און אין יאַנואַר 1943 — 25 אימפּרעזעס. געוויסע פּראָגראַמען האָבן געהאַט אַזאַ דערפאָלג, אַז זיי זענען געשפּילט געוואָרן פיל מאָל. אַזוי למשל, איז דער יאַנואַר־פּראָגראַם פון 1943 געשפּילט געוואָרן אין יאַנואַר 11 מאָל, די פּיע־סע „דער מענטש אונטערן בריק" איז אין מערץ געשפּילט געוואָרן צום 16טן מאָל און די רעוויע „מען קען גאָרנישט וויסן" צום 20סטן מאָל. אין מערץ 1943 פלעגט יעדן זונטיק פאָרקומען 6־7 אונטערנעמונגען מיט 2000 באַטייליקטע. לויט ווי עס גיט איבער מאַרק דוואָרזשעצקי, האָט דאָס טעאַטער געגעבן במשך 1942 — 120 אויפפירונגען, וואָס זענען באַזוכט געוואָרן דורך 38,000 פּערזאָן. עס האָט אויך געשפּילט אַ קליין־קונסט־בינע א"נ „די יאָגעניש אין פּאַס" (קאָלאַמבור פון אויסדרוק „דיאָגענעס אין פּאַס"), וואָס פלעגט געבן זיינע פאָרשטעלונגען אין „געטאָ־רעפּרעזענטאַנץ־קאַפע".

דער סימפאָנישער אָרקעסטער, וואָס האָט אין מערץ 1943 שוין אויפ־געפירט זיין פינפטן פּראָגראַם, האָט געשפּילט 2־3 מאָל אַ חודש און אין קעגנזאַץ, למשל, צום וואַרשעווער געטאָ, ווו דאָס שפּילן שאַפונגען פון „אַרישע" מחברים איז געווען פאַרווערט, געגעבן קאָנצערטן פון בעטהאָ־ווען, ליסט, שובערט, מאָצאַרט א"אַ קאָמפּאָזיטאָרן, און די מאַכט האָט זיך אין דעם נישט געמישט. חוץ דעם פלעגן פאָרקומען אַרויסטריטן פון סאָ־ליסטן־זינגערס, רעציטאַטאָרן — און פון צייט צו צייט קאָנצערטן פון קאַ־מער־מוזיק.

חוץ די צוויי אויבן דערמאָנטע כאָרן, איז אויך געווען אַ רעליגיעזער כאָר. דער ערשטער אַרויסטריט זיינער איז פאָרגעקומען אויף דעם קאָנ־צערט־אָוונט לכבוד חנוכה אין דעצעמבער 1942. בערך אין יוני־יולי 1942

איז אַנטשטאַנען אַ מוזיק־שול אָנגעפירט פון צוויי באַוווסטע ווילנער דיריגענטן, אין אויגוסט 1942 האָט זי געציילט 95 שילערס. זיי האָבן זיך געטיילט אויף 3 גרופּעס צו 25־30 שילערס אין אַ גרופּע. מחמת דוחק אין קלאַווירן האָט מען אין דער שול אָנגענומען נאָר טאַלענטירטע שילערס. די שילערס פון דער מוזיק־שול פלעגן אַרויסטרעטן מיט אייגענע קאָנצערטן, אָדער אָנטייל גענומען אין אַלגעמיינע קולטור־אונטערנעמונגען.

פאַר די אַרבעטער, וואָס זענען געווען באַשעפטיקט אויף אַרבעט־פּלעצער מחוצן געטאָ, וואָס די לאַנגע און אויסמאַטערנדיקע שקלאַפן־אַרבעט האָט זיי נישט געגעבן קיין מעגלעכקייט צו באַזוכן אין אַ געוויינטלעכן טאָג די קולטור־אונטערנעמונגען אין געטאָ, פלעגן אייגעאָרדנט ווערן אין די זונטיקן ספּעציעלע אַ״ג „אַרבעטער־אוידיטאָריעס״, וואָס האָבן חוץ דעם פאַרוויילונגס־עלעמענט, זיך געשטעלט אויפקלערונג־ און בילדונג־אויפגאַבעס. דער פּראָגראַם איז על־פּי־רוב באַשטאַנען פון אַ רעפעראַט אויף אַ ליטעראַרישער, אָדער סאָציאַל־מעדיצינישע טעמע און רעציטאַציעס און געזאַנג פון די געטאָ־אַרטיסטן און בעיקר פון די שול־ און יוגנט־קלובן.

אָט איז אַ צאָל טעמעס פון די 25 „אַרבעטער־אוידיטאָריעס״ וואָס זענען פאָרגעקומען צווישן 29סטן מאַי און 20סטן דעצעמבער 1942: „געטאָ־געריכט״, „אַרבעט און פּאַרמאַטערטקייט״, „יונג־ווילנע״, „צו דער געשיכטע פון די געטאָס אין איראָפּע״, „שיילאָק און נתן דער חכם״, „מענדעלע מוכר ספרים״, „י. ל. פּרץ״ אאַז״וו.

דעם 9טן מאַי 1943 איז שוין געהאַט פאָרגעקומען די 42סטע „אוידיטאָריע״; זי איז געווען געווידמעט אליקום צונזער.

אויך אין די ווויִנבלאָקן פון „קייליס״ אויסערן געטאָ, ווו די פאַר הונדערט ייִדישע אַרבעטער האָבן סטאַביל געוווינט, פלעגן פאָרקומען קולטור־אונטערנעמונגען פאַר די דאָרטיקע אַרבעטער און זייערע משפחות. נאָך אַ פאָר וואָכן פאַר דער ליקווידאַציע פון געטאָ איז דאָרט איינגעאָרדנט געוואָרן אַ מוזיקאַלישער אָוונט.

5. געטאָ־מוזיי און אַרכיוו

נאָך דער בלוטיקער ליקווידאַציע פון 2טן געטאָ סוף אָקטאָבער 1941 איז די ביבליאָטעק אַרויס מיט אַן עפנטלעכער אויפפאָדערונג צו אַלע היַיז־פאַרוואַלטערס און איינוווינערס פון געטאָ נומ׳ 1 צונויפצוזאַמלען „די טויזנטער קונסטווערק, ביכער, בילדער און סקולפּטור־אַרבעטן״, וואָס „וואַלגערן זיך אין די פאַרלאָזטע און פאַרוואַרלאָזטע הייזער פון געטאָ״ און מעלדן וועגן דעם אין דעם סעקרעטאַריאַט פון דער ביבליאָטעק.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ סיסטעמאַטישע זאַמל־אַרבעט פאַרן מוזיי פון געטאָ, וואָס האָט געלייגט דעם יסוד פאַר דעם געטאָ־מוזיי. תחילת סעפּטעמבער 1942 איז אַנטשטאַנען אַ „קאָמיטעט צו שאַפן אַ געטאָ־מוזיי״, וואָס איז געעפנט געוואָרן סוף חודש, אָדער אַרום האַלב אָקטאָבער 1942. ביז דער העלפט 1942 זענען אין 15 שולן און קלויזן צונויפגעזאַמלט געוואָרן קרוב 100 מינים רעליגיעזע חפצים (צווש״אַנד 170 ספרי־תורות, 128 מענטעלעך, 195 מגילות), מאַטעראַלן פון ציוניסטישן אַרכיוו פון ווילנע, פון ר׳ ח. ע. גראָדזענסקיס פּריוואַטער ביבליאָטעק און אַרכיוו, פּנקסים פון חברות און קלויזן א״אַ. אין די קעלערן פון דער ביבליאָטעק, אין מאַלינעס, זענען אויסבאַהאַלטן געוואָרן דאָקומענטן און מוזייאַלע אָביעקטן, וואָס פלעגן אַריינגעשמוגלט ווערן דורך די ייִדישע אַרבעטער אינעם „איינזאַץ־שטאַב ראָזענבערג״.

דער געטאָ־אַרכיוו, וואָס איז געווען טעטיק אין די ראַמען פון קולטור־אָפּטייל, האָט זיך געשטעלט פאַר אַן אויפגאַבע צו קאָנצענטרירן ביי זיך די גאַנצע אָפיציעלע און נישט־אָפיציעלע דאָקומענטאַציע פון און וועגן דעם געטאָ: פאַראָרדענונגען פון ייִדנראַט (שפּעטער געטאָ־פאָרשטייער), געטאָ־פּאָליציי, באַריכטן פון אַלע אָפּטיילן, וואַרשטאַטן און פאַבריקן, באַריכטן פון סטאַטיסטישן אַמט, גבית־עדות פון אַנטלאָפענע פון פּאָנאַר און פון די ליקווידירטע פּראָווינץ־געטאָס אאַז״וו. אין די באַהעלטעניש פון אַרכיוו פלעגן אויך אויסבאַהאַלטן ווערן כתב־ידן פון שרייבערס, מעמואַריסטן, וויסנשאַפטלערס. אין קעגנזאַץ צום וואַרשעווער געטאָ, ווו דאָס זאַמלען

דאָקומענטאַציע פון געטאָ איז פאַרגעקומען געהיים דורך דעם א״ג „עונג שבת", איז די טעטיקייט פון אַרכיוו געווען אַן אָפענע און איז געפירט געוואָרן אָפיציעל ווי אַ סעקציע פון קולטור־אָפטייל.*

די ביבליאָטעק, דער לייענזאַל, אַרכיוו, געטאָ־מוזיי און דער סטאַטיסטישער אַמט האָבן פאַרנומען איין בנין אויף סטראַשון־גאַס, וואָס אין געטאָ האָט מען אים גערופן דאָס „קולטור־הויז".

6. ספּאָרט

אַ סימפּטאָמאַטישער שטריך פון דעם חותם פון גייסטיקן ווידערשטאַנד, וואָס עס האָט געטראָגן אויף זיך די קולטור־טעטיקייט פון ווילנער געטאָ איז געווען דער געטאָ־ספּאָרט. דער דעוויז „אין אַ געזונטן גוף — אַ געזונטע נשמה", וואָס האָט געהאָנגען אויפן ספּאָרט־פּלאַץ, האָט זעלטן ווען געקלונגען מיט אַזאַ אַקטועלן טאָן ווי אין געטאָ.

די ספּאָרט־סעקציע האָט אָנגעהויבן איר טעטיקייט אין מאַי 1942. דעם 31סטן מאַי איז פאַרגעקומען דער ערשטער באַסקעט־באָל מעטש. דעם 10טן יולי 1942 האָט די טעכנישע אָפטיילונג ביים יודנראַט אויף אַן עפנטלעכער פייערונג איבערגעגעבן דער ספּאָרט־סעקציע אַ פּלאַץ אויף סטראַשון־גאַס פאַר די ספּאָרט־טעטיקייטן.

דער צושטראָם פון פאַרשיידענע אַקטיווע מיטגלידער איז שטענדיק געווען אַ גרויסער, אַזוי אַז אין מערץ 1943 האָבן אַלע ספּאָרט־צווייגן געציילט 637 מיטגלידער, צווישן זיי יוגנטלעך און מיידלעך אין עלטער פון 8—16 יאָר. די ספּאָרט־סעקציע פלעגט אָרגאַניזירן ספּאָרט־טורנירן, לייכט־אַטלעטישע פאַרמעסטונגען („פאַרוועטונגען") צווישן די ספּאָרט־גרופּעס

---

* די מאַטעריאַלן זענען באַהאַלטן געוואָרן אין בלעכענע קעסטלעך און באַגראָבן אין מאַלינעס. נאָך דער מלחמה האָט זיך אַ טייל אָפּגעזוכט און געפינט זיך איצט אינעם אַרכיוו פון ייוואָ („קאַטשערגינסקי־סוצקעווער־זאַמלונג") און אין אַנדערע יידישע אַרכיוון.

ביי די „אַרבעט־איינהייטן“; „קייליס“, ה.ק.פּ.* און געטאָ־פּאָליציי (דער ער־שטער ספּאָרט־יום־טוב איז פאָרגעקומען דעם 10טן יולי און איז איבער־געחזרט געוואָרן דעם 15טן יולי).

דעם 9טן אויגוסט 1942 איז פאָרגעקומען אַ ספּאָרט־טורניר פאַרבונדן מיט אַ גאַסן־לויף איבערן געטאָ. די באַוועגונג אין געטאָ איז אָפּגעשטעלט געוואָרן כדי צו דערמעגלעכן דעם לויף. וועגן דעם, אין פלוג מאָדנעם, ספּאָרטמעסיקן גאַסן־געלויף אין אַ געטאָ, שרייבט דוואָרזשעצקי אין זיינע זכרונות: „די טראָטואַרן פון געטאָ זענען געווען איבערפולט מיט ייִדן, וואָס זענען אַרויס זען «ווי די יוגנט וויל זיך פאַרגעסן»... די פענצטער פון די קריסטלעכע גאַסן, וועלכע האָבן אַרומגערינגלט דעם געטאָ, זענען געווען איבערפולט מיט קריסטן, וואָס האָבן פאַרחידושט געקוקט אויף דער געטאָ־אָלימפּיאַדע, ווי אויף אַן אומדערקלערלעכע דערשיינונג, ווי אויף אַ סעודה אין צייט פון אַ מגפה“.

די סעקציע האָט אויך אַרויסגעגעבן אַ „ספּאָרט־צייטונג“ (מסתמא אַ וואַנט־צייטונג) און די ביבליאָטעק האָט פאַרמאָגט העכער 100 ביכער און עטלעכע צענדליק ספּאָרט־זשורנאַלן.

די ספּאָרט־סעקציע איז געווען טעטיק ביז דעם לעצטן חודש פון דער עקסיסטענץ פון געטאָ: די לעצטע פּאָזיציע אין אַ רשימה פון טעטיקייטן פון דער סעקציע איז אַ באַריכט פאַר דער צייט פון 4טן פעברואַר ביזן 23סטן יולי 1943.

***

וואָס שייך אַנדערע געטאָס אין ליטווישן גענעראַל־קאָמיסאַריאַט האָבן מיר ידיעות נאָר וועגן קאָוונע און שאַוול. וועגן קאָוונער געטאָ שול־וועזן איז שוין אויבן בקיצור געווען די רייד. אין שאַוולער געטאָ האָט זיך די שול געעפנט זייער שפּעט, ערשט דעם 15טן יוני 1943. זי האָט זיך געפונען אין צוויי קלויזן אין ביידע טיילן פון געטאָ (טראַקער און קאַווקאַזער). די שול האָט ביי דער דערעפענונג געציילט בערך 200 קינדער איינגעטיילט אין

* ה.ק.פּ. — ר"ת פון „הערעס קראַפט־פּאַרק“, ווו עס האָבן געאַרבעט אַ פּאָר הונדערט ייִדישע אַרבעטער — איינע פון די גרעסטע „אַוסען־קאָמאַנדאָס“ מחוצן געטאָ.

7 גרופּעס. סוף חודש יוני האָט די צאָל קינדער שוין באַטראָפן 360 און די צאָל לערערס 7. מען האָט געלערנט אין אַ פּאָר משמורות פון 8 ביז 4 און פון 8 ביז 8. נישט געקוקט אויף די שווערע באַדינגונגען האָבן די קינדער געלערנט מיט גרויס חשק, בפרט די אָרעמערע פאַר וועלכע די שול האָט פאַרטראָטן די טרויעריקע און הונגעריקע היים. די שול האָט אַריינגעבראַכט אַ שטיקל התעוררות אינעם גייסטיקן לעבן פון געטאָ. זי האָט אָבער נישט געהאַט קיין אַריכת ימים. תחילת אָקטאָבער האָט די מאַכט זי געשלאָסן. די עלטערע קינדער זענען אַריינגעצויגן געוואָרן אין די אַרבעט־לאַגערן, די ייִנגערע זענען געבליבן אָן השגחה, היות די עלטערן פלעגן אַוועקגיין צו דער אַרבעט אויף 12 שעה יעדן טאָג. קינדער אין עלטער פון 10 ביז 13 פלעגן פון אייגענעם ווילן גיין צו דער אַרבעט, בכדי צו ווייזן זייער נוצלעכקייט פאַרן געטאָ. מען האָט מורא געהאַט צו עפענען אַ קינדערהיים פאַר דעם קליינוואַרג „היות עס שיקט זיך נישט, אַז קינדער און קינדערהיימען זאָלן זיך געפינען אין געטאָ".

## ד. דער לאָדזשער געטאָ

אויף דעם קולטור־לעבן אין לאָדזשער געטאָ, ווו עס האָט זיך באַלד איינגעשטעלט די סיסטעם פון פּערזענלעכער הערשאַפט פון „יודענעלטסטן", איז אויך לפי־ערך פרי אַרויפגעלייגט געוואָרן דער אָפיציעלער חותם פון רומקאָווסקיס אַדמיניסטראַציע און איז דורך איר שטרענג רעגלאַמענטירט געוואָרן. די פאַרמלחמהדיקע קולטור־אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן מיט איי־גענער איניציאַטיוו געפּרוווט אין די ראַדיקאַל געענדערטע באַדינגונגען באַנייען זייער טעטיקייט, זענען נאָך אַ קורצן פּעריאָד געפאַלן אַ קרבן פון רומקאָווסקיס הערשער־מאַניע און פאַרמאַכט געוואָרן. אויף זייער אָרט איז געקומען אַ פון אויבן אָרגאַניזירטע קולטור־טעטיקייט, וואָס האָט זיך באַ־גרענעצט צו דעם מין פאַרווייילונג־קונסט (טעאַטער און מוזיק), וואָס די דייטשן האָבן טאָלערירט. רומקאָווסקי האָט פאַרשטאַנען, אַז ער וועט נישט האָבן קיין פולע מאַכט איבערן געטאָ כל־זמן ער וועט נישט האָבן אונטער זיין שליטה אויך דאָס קולטור־לעבן. עס איז אָבער מעגלעך, אַז רומקאָוו־

סקי האָט ליקווידירט די געזעלשאַפטלעכע קולטור־אינסטיטוציעס אין געטאָ לויט אַן אינסטרוקציע פון דער דייטשער מאַכט, וואָס האָט דורך רומקאָווסקין געהאַט די פולע קאָנטראָל איבערן געטאָ, און נישט געוואָלט טאָלערירן קיין שום ייִדישע טעטיקייטן מחוץ רומקאָווסקין און זיין אַדמיניסטראַציע. די דאָזיקע טענדענץ מיט דער אויפזיכט־מאַכט צו קאָנצענטרירן אַלע דערלויבטע טעטיקייטן פון געטאָ אין די ענגע ראַמען פון די ייִדנראַטן איז געווען אַ כלל אין איר פּאָליטיק לגבי דער ייִדישער באַפעלקערונג.

נאָר אויף איין קולטור־געביט — אויפן געביט פון שול־וועזן — האָט די געטאָ־אַדמיניסטראַציע באַוויזן אויסצובויען אַ פאַרצווייגטע און פּראַגראַמאַטיש־פאַראייַנהייטלעכע שול־וועזן, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט טויזנטער קינדער און הונדערטער לערערס און איז ביז דער שליסונג פון די שולן אין אָקטאָבער 1941, מחמת דער „איינזידלונג" פון די מערב־אייראָפּעיִשע ייִדן, געווען אַ ברכה פאַרן געטאָ.

מיר וועלן איצט אין קורצן געבן אַן איבערבליק איבער די פאַרשיידענע געביטן פונעם קולטור־לעבן אין לאָדזשער געטאָ, פאַר און נאָך דער „גלייכשאַלטונג" מצד רומקאָווסקין.

1. שולוועזן

אין לאָדזש, וואָס האָט געהערט צו די פּוילישע געביטן, וואָס זענען תחילת אָקטאָבער 1939 אינקאָרפּאָרירט געוואָרן אין „רייך", האָט די דייטשע אַדמיניסטראַציע געשטרעבט תיכף צו נאָרמאַליזירן דאָס עפנטלעכע לעבן, וואָס איז צעשטערט געוואָרן דורך די מלחמה־געשעענישן.

דעם 25סטן אָקטאָבער 1939 האָט דער דייטשער שטאָט־קאָמיסאַר באַפולמעכטיקט רומקאָווסקין איבערצונעמען די זאָרג פאַר די ייִדישע שולן און זיי אויסהאַלטן דורך אַרויפלייגן אַ שטייער אויף דער ייִדישער באַפעלקערונג. אַלע פּוילישע לערערס אין די מלוכהשע פאָלקשולן פאַר ייִדישע קינדער זענען, לויט זייַנס אַ פאַראָרדענונג פון 18טן אָקטאָבער אָפּגעזאָגט געוואָרן פון זייערע שטעלעס, און רומקאָווסקין איז פאַראָרדנט געוואָרן זיי אויסצוצאָלן דעם לוין מיט אַ געהעריקער אַנטשעדיקונג. עס זענען באַזיי־

טיקט געוואָרן אויך אַלע ייִדישע לערערס אין די אַלגעמיינע שולן, אָבער אָן אַנטשעדיקונג.

צום מאָמענט פון אויסברוך פון דער מלחמה האָבן אין לאָדזש עקסיס־טירט 31 פאָלקשולן פאַר ייִדישע קינדער מיט 17.902 שילערס, 12 חדרים מיט 1.452 קינדער, 10 ייִדישע גימנאַזיעס מיט 1861 שילערס און 10 עלע־מענטאַר־שולן ביי די גימנאַזיעס מיט 1.112 שילערס, בכן צוזאַמען — 63 שולן און חדרים מיט 23.327 תלמידים.

פאָרמעל האָבן זיך די ייִדישע שולן געעפנט דעם 11טן סעפּטעמבער 1939, אָבער מחמת דעם וואָס 8 גרויסע שול־בנינים, בעיקר די גימנאַזיעס, זענען דורך דער מאַכט רעקוויזירט געוואָרן, אַ גרויסע צאָל לערערס האָט פאַרלאָזט די שטאָט, אָדער פלעגט געכאַפּט ווערן אויף צוואַנג־אַרבעט, בכלל צוליב דער אומזיכערער, אָפּט געפערלעכער סיטואַציע פאַר ייִדן אין די גאַסן, איז דאָס ייִדישע שול־וועזן געווען אינגאַנצן דעזאָרגאַניזירט. דעם 15טן דעצעמבער 1939 האָבן די שולן איבערגעריסן די לימודים און זענען ערשט באַנייט געוואָרן נאָכן פאַרענדיקן דעם גירוש אין געטאָ (תחילת מערץ 1940). מחמת דוחק אין לאָקאַלן (פון די 31 פאָלקשולן האָבן זיך נאָר 6 געפונען אויפן שטח פון געשאָפענעם געטאָ) פלעגן די לימודים פאָרקומען אין 2 אָדער אַפילו אין 3 משמורות. די קלאַסן זענען געווען איבערפולט (אין דער גימנאַזיע, למשל, 80 שילערס אין אַ קלאַס). צוליב דעם לאַנגן איבער־רייס איז דאָס ערשטע שוליאָר פאַרלענגערט געוואָרן ביז סעפּטעמבער און די פעריען זענען אויסגעפאַלן אויף די ייִדישע יום־טובים. אין דעם ערשטן שוליאָר זענען אין די פאָלקשולן געווען פאַררעגיסטרירט 10.462, אין דער גימנאַזיע — 508 און אין די צוויי ליצעאַלע קלאַסן — 125, אין דער האַנט־ווערקער־שול — 56 קינדער און יוגנטלעכע, בכן 11.151 קינדער — אַ פאַרקלענערונג אויף העכער 50%, אָבער דער פאַקטישער באַזוך אין די שולן איז געווען נאָך אַ קלענערער — אין מאַי 1940, למשל, האָבן אין אַלע טיפּן שולן (35 עלעמענטאַר־שולן, 2 רעליגיעזע שולן, 1 גימנאַזיע און 1 פאַכשול) זיך געלערנט סך־הכל 7366 תלמידים. צו אַזאַ נידעריקער און אָפּט זיך וואַקלענדיקער פרעקווענץ אין די שולן האָבן גורם געווען די שווע־רע מאַטעריעלע לאַגע פון דער ייִדישער באַפעלקערונג אין געטאָ, וואָס

האָט געצוווּנגען קינדער זיך צו באַטייליקן אינעם טראָגן דעם עול־פּרנסה פון דער משפּחה, דער אומזיכערער מצב מחמת די מאָרד־„אַקציעס" (די געטאָ־וואַך פלעגט פון צייט צו צייט אַריינשיסן אין געטאָ און מאָרדן אומ־שולדיקע פאַרבייגייער), דער אויסברוך פון עפּידעמיעס, אָנהייבנדיק פון מאַי 1940 און ווי.

די פרעקווענץ אין די שולן האָט זיך אַביסל פאַרבעסערט אַדאַנק דער צוגאָב־באַשפּייזונג, וואָס איז איינגעפירט געוואָרן אין די שולן — אין מאַי 1940 זענען געשפּייזט געוואָרן אין די שולן 5.542 קינדער.

אין צווייטן און לעצטן שוליאָר, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן דעם 29סטן אָקטאָבער 1940 איז די פרעקווענץ שוין געווען אַ פיל העכערע. עס האָבן זיך געעפנט 45 שולן (40 פאָלקשולן, דערפון 4 רעליגיעזע און צוויי פאַר שוואַכזיניקע און טויבשטומע קינדער, 2 פאַרשולן, צוויי מיטלשולן — גימ־נאַזיע און ליציי — און איין פאַכשול), וואָס דער מאַנאַטלעכער דורכשניט־לעכער באַזוך אין זיי האָט באַטראָפן 10.300 (אין יאַנואַר 1941 — 14.944 תלמידים.

די צאָל לערערס אין אַלע טיפּן שולן האָט אין יולי באַטראָפן 482 (295 פרויען און 187 מענער).

מיטן שולוועזן האָט פון אָקטאָבער 1939 אָנגעפירט אַ „שול־קאָמיסיע" אין באַשטאַנד פון 6 מיטגלידער. שפּעטער פאַרוואַנדלט אין אַ „שולראַט" (זייער פערזאָנען־צוזאַמענשטעל האָט זיך געביטן מחמת די אָפטע פאַלן פון פאַרלאָזן די שטאָט ביז דער שליסונג פון געטאָ אין מאַי 1940). אין סעפּ־טעמבער 1941 איז די אָנפירערשאַפט פון דער „שול־אָפּטיילונג" באַשטאַנען פון דריי פערזאָן (1 פאָרזיצער און 2 אינספּעקטאָרן). צוויי וויזיטאַטאָרן פלעגן קאָנטראָלירן די שולן.

אין 2טן לערניאָר האָט די שול־אָפּטיילונג אונטערן דרוק פון דער אויפזיכט־מאַכט איבערגעריסן מיטן ביז־איצטיקן פּראָגראַם, וואָס האָט אַנטשפּראָכן דעם פּראָגראַם און גייסט פון די אַמאָליקע פּוילישע שולן, און עס איז פון רומקאָווסקיס איניציאַטיוו איינגעפירט געוואָרן אַ רייכער פּראָ־גראַם פון ייִדישע לימודים (ייִדיש, העברעיִש, תנ"ך, ייִדישע געשיכטע) מיט ייִדיש ווי די לימודים־שפּראַך. אין ערשטן יאָר האָבן די לערערס גע־

לערנט אין דער שפּראַך אין וועלכער זיי זענען געווען געוווינט. די לערער־שאַפט, וואָס איז באַשטאַנען אין איר רוב פון געוועזענע לערערס פון די מלוכה־פאָלקשולן פאַר ייִדישע קינדער (319 אויף 482 בכלל), איז נישט געווען צוגעגרייט צו לערנען אין ייִדיש — אַ טייל האָט ייִדיש לגמרי נישט געקענט, און מען האָט געמוזט פאַר זיי עפענען, ווי דערמאָנט, לערער־קורסן פאַר ייִדיש. דעם 15טן מאַי 1941 האָט זיך געעפנט דער „סעמינאַר פאַר ייִדיש־קענטעניש" אין 4 גרופּעס. דער לימוד איז אָנגעגאַנגען ביז סוף סעפּטעמבער פון דעם יאָר.

אַ שול־אונטערריכט האָט זיך אויך געפירט אין די קינדער־אַנשטאַלטן אין דעם געטאָ־פערטל מאַרישין („ערהאָלונגס־היים", זומערדיקע „האַלב־קאָלאָניעס", יתומים־הויז, רעליגיעזע שול). צום 31סטן יולי 1941 זענען דאָרט געווען 1512 קינדער, פון וועלכע 1261 זענען געווען אין שול־עלטער, 1.250 קינדער האָבן זיך געלערנט אין די דערמאָנטע אַנשטאַלטן. קיין מאַ־רישין זענען אויך אַריבערגעפירט געוואָרן די צוויי מיטלשולן און די פאַך־גימנאַזיע, וואָס זענען אויף רומקאָווסקיס פאַראָרדענונג געשלאָסן געוואָרן אין יאַנואַר 1941 (די מאַכט האָט אַפּנים אָנגעהויבן קוקן קרום אויף דעם פאַקט, וואָס ייִדישע קינדער געניסן פון מיטלשול־בילדונג, און מען האָט די מיטלשולן לאָקירט וואָס ווייטער פון געטאָ־צענטער). אויך אייניקע אַנ־דערע שולן האָבן זיך געמוזט שליסן אין פעברואַר 1941, ווען די מאַכט האָט פאַרקלענערט דעם געטאָ־שטח, און מען האָט געמוזט שאַפן אַ דאַך איבערן קאָפּ פאַר בערך 7.000 נפשות פון צוויי אָפּגעטיילטע גאַסן.

פון דער איניציאַטיוו פון דריי אָנפירערס פון „עווידענץ־אָפּטייל" אין רומקאָווסקיס אַדמיניסטראַציע אין געטאָ זענען אין אויגוסט 1940 אַנט־שטאַנען „העכערע ליציאַלע קורסן" (פּאָפּולער אין געטאָ אונטערן פּויליש נאָמען „וושעכניצא"), וואָס האָבן געזאָלט ווערן דער קערן פאַר אַ הויכשול. לויטן פּלאַן זענען געווען פאָרויסגעזען 10 אָפּטיילן (מאַטעמאַטיק, פיזיק, כעמיע, ביאָלאָגיע, פּסיכאָלאָגיע, פילאָזאָפיע, פּעדאַגאָגיק, פילאָלאָגיע, יודאַיסטיק און טעכנישע לימודים) מיט קרוב 30 לעקטאָרן. בעת דער ער־שטער אימאַטריקולירונג האָבן זיך פאַרשריבן 318 צוהערער, אַלע מיט געענדיקטער מיטלשול־בילדונג און סטודענטן פון הויכשולן. ביז דעם 20־

סטן סעפּטעמבער 1940 זענען געלייענט געוואָרן 27 לעקציעס אויף פאַר־שיידענע געביטן. אין דורכשניט זענען אויף יעדער לעקציע געווען אַב־ווענדיק 250 צוהערער.

רומקאָווסקי האָט געגעבן אַ מינדלעכע דערלויבעניש אויף די קורסן, אָבער נאָך אַ קורצן עקסיסטענץ־פּעריאָד זייערן האָט ער באַפוילן זיי צו שליסן; ווייזט אויס אין דער האָפענונג, אַז די קורסן וועלן קענען באַנייט ווערן, איז נאָך זייער שליסונג פאָרגעקומען אַ צווייטע פאַרשרייבונג, בעת וועלכער עס האָבן זיך פאַררעגיסטרירט 116 צוהערערס. עס איז כדאי אָנ־צווייזן, אַז העכער ¾ פון די פאַרשריבענע זענען געווען אַרבעטסלאָזע — אַ בולטער באַווייז וועגן דעם מאַטעריעלן מצב פון דער יונגער ייִדישער אינטעליגענץ אין געטאָ.

די שולן האָבן כסדר געהאַט צו קעמפן מיט טעכנישע שוועריקייטן: גרויסער דוחק אין לערנביכער, בפרט אין דער ייִדישער שפּראַך, מאַנגל אין באַהייצונג אין די ווינטער־חדשים (דאָס געטאָ פלעגט באַקומען קוילן נאָר פאַר זיינע פאַבריקן און וואַרשטאַטן), נישט צוגעגרייטקייט פון די לע־רערס צו פירן די לימודים אין דער ייִדישער אונטעררריכט־שפּראַך אאַז״וו. אָבער מען האָט זיך ווי עס איז אַן עצה געגעבן. לערערס פלעגן אַליין צו־נויפשטעלן מימעאָגראַפירטע טעקסטן, מען האָט אַפילו געטראַכט אַרויס־געבן נייע לערנביכער, אָבער אויף דעם האָט מען זיך שוין נישט דער־וואַרט. צום גאַנצן שול־וועזן איז געקומען, ווי דערמאָנט, אַ סוף אין אָקטאָ־בער 1941, ווען די שול־בנינים האָבן געמוזט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַזילן פאַר אַ קרוב 20.000 ייִדן פון מערב־אייראָפּע, וואָס האָבן אָנגעהויבן אָנקו־מען דעם 16טן אָקטאָבער אין געטאָ.

נאָך פריִער זענען הונדערטער קינדער מחמת פאַרשיידענע סיבות אַרויסגעפאַלן פון די שולן און אַריינגעצויגן געוואָרן אין די געטאָ־וואַר־שטאַטן. אין מערץ 1941 איז ביי דער שול־אָפּטיילונג געגרינדעט געוואָרן אַן „אומשיכטונגס־קאָמיסיע״, וואָס איר אויפגאַבע איז געווען פאַך־אויס־בילדונג פון יוגנטלעכע אין עלטער פון 14 ביז 20 יאָר און זייער איינגלי־דערונג אין ווירטשאַפטלעכן לעבן פון געטאָ. צו דעם צוועק האָבן געדינט די „פאַך־גימנאַזיע״ און די „דערגאַנצונגס־קורסן פאַר יונגע האַנטווערקער״

מיט אַן אייניאָריקן פּראָגראַם. בפרט האָט זיך דער דאָזיקער אומשיכטונג־פּראָצעס פאַרשטאַרקט אין ווינטער און פרילינג 1942 בעת די ערשטע „אויסזידלונגען" פון געטאָ. אין אויגוסט 1942 זענען 13.861 יוגנטלעכע און אַפילו קינדער אין עלטער פון 8 ביז 10 יאָר (13,7% פון דער דעמאָלטי־קער געטאָ־באַפעלקערונג) געווען באַשעפטיקט אין כמעט אַלע געטאָ־וואַר־שטאַטן.

אין אייניקע וואַרשטאַטן האָבן די באַשעפטיקטע קינדער און יוגנט־לעכע געלערנט אויף ספּעציעלע קורסן, חוץ פאַך־ידיעות אויך אַביסל אַל־געמיינע ידיעות (יידיש, חשבון). אַנדערע האָבן ביי זיך געגרינדעט טאָג־היימען פאַר די קליינע קינדער פון די עלטערן, וואָס זענען אין זיי געווען באַשעפטיקט, ווו די קינדער פלעגן געניסן פון אַ געוויסן עלעמענטאַרן אונטעררי‍כט מצד דערציִערס. בכלל האָט מען אין אַ סך געטאָ־אַנשטאַלטן געהיים געלערנט מיט קינדער, אַפילו אויף אַ נישט־אָרגאַניזירטן אופן. דאָס האָבן געטאָן די געוועזענע לערערס, וואָס זענען נאָך דער שליסונג פון די שולן אָנגעקומען אויף אַרבעט אין די וואַרשטאַטן.

אַ געוויסע צייט נאָכן פאַרמאַכן די שולן איז נאָך אָנגעגאַנגען אַ לימוד אין די קינדער־אַנשטאַלטן אין מאַרישין. דאָס האָט אָנגעהאַלטן ביז סוף יולי 1942, ווען רומקאָווסקי האָט באַפוילן אָפּצושטעלן, אויף דער פאַראָר־דענונג פון דער מאַכט, אַלע מינים לעקציעס און שמועסן מיט קינדער.

## 2. ליטעראַטור, מוזיק און טעאַטער

די ערשטע מאַניפעסטאַציעס פון אַ קולטור־לעבן אין געטאָ זענען פאַרבונדן מיט די געזעלשאַפטלעכע קיכן, ווו דער קאָנסומענט האָט באַקו־מען שפּייז נישט נאָר פאַרן חומר נאָר אויך פאַרן גייסט. די פּאַרטייען, וואָס האָבן פּאַטראָניזירט די דאָזיקע קיכן, פלעגן דאָרט איינאָרדענען פאַר זייערע שטענדיקע קאָנסומענטן און געסט פאָרלעזונגען אויף ליטעראַרישע און געזעלשאַפטלעכע טעמעס, אַדורכגעפלאָכטן מיט רעציטאַציעס און לידער. אין די ציוניסטישע קיכן איז געוואָרן זייער פּאָפּולער דער אַ"ג „עונג שבת" מיט געזאַנג און דעקלאַמאַציעס אָנגעפירט פון דער יוגנט. אויף די „איב־טעליגענטן־קיך", וואָס האָט דיספּאָנירט מיט אַ גרויסן לאָקאַל, פלעגט,

בכדי צו פאַרגרעסערן אירע פאָנדן און שטיצן די אָן־באַשעפטיקונג געבלי־בענע קינסטלער, איינאָרדענען פון צייט צו צייט וואָקאַל־מוזיקאַלישע אָוונטן און קאָנצערטן. זומער 1940 האָט דער לאַנדווירטשאַפטלעכער יוגנט־קרייז מיטן פוילישן נאָמען „סלאָנצע" („זון") געשאַפן אַ קליינעם שטרייך־אָרקעסטער (11 מאַן), וואָס איז שפּעטער פאַרגרעסערט געוואָרן מיט בלאָז־אינסטרומענטן. דעם 27סטן יולי 1940 האָט שוין דער אָרקעסטער געשפּילט דעם 3טן סימפאָנישן קאָנצערט און דעם 4טן אויגוסט — דעם 4טן קאָנ־צערט אין לאָקאַל פון דער גימנאַזיע פאַר אַ צאָלרייך פּובליקום.

תחילת אָקטאָבער 1940 איז פון דער איניציאַטיוו פון „בונד" אַנטשטאַ־נען אַ „יידישע קולטור־געזעלשאַפט", וואָס צו אירע אָנפירנדיקע מיטגלי־דער האָבן געהערט טוער פון „בונד", „אָרט", „געזעלשאַפט פריינד פון ייוואָ", שרייבער און קינסטלער. די באַזע וואָס האָט פאַראייניקט די דאָ־זיקע מענטשן פון פאַרשיידענע פּאָליטישע ריכטונגען איז געווען די אָנער־קענונג פון דער נויטווענדיקייט פון קולטור־אַרבעט אויף יידיש. דער סטאַטוט פון דער געזעלשאַפט האָט פאַרגעזען די גרינדונג פון אַ ביבליאָ־טעק, פאָלקס־אוניווערסיטעט, קורסן פאַר יידיש פאַר דערוואַקסענע און לערערס, דראַמאַטישן קרייז, ספּאָרט, קאָנצערטן א"אַ. ביי דער געזעלשאַפט איז געשאַפן געוואָרן אַ רעפערענטן־גרופּע. די ערשטע אונטערנעמונג פון דער געזעלשאַפט איז געווען אַ רעפעראַט וועגן „קולטור־אַרבעט אויף יידיש אין געטאָ" דעם 19טן אָקטאָבער 1940. דעם 24סטן אָקטאָבער איז פאַרגע־קומען אַ קולטור־אַקאַדעמיע, וואָס איז אייגנטלעך געווען די פאַרמאַסקירטע יובל־אַקאַדעמיע פון „בונד", אין וועלכער עס האָבן אָנטייל גענומען דער צוריק אויפגעלעבטער כאָר פון דער „קולטור־ליגע", די דראַמאַטישע סטו־דיע „אַוואַנגאַרד" און אַ ספּאָרט־גרופּע פון „מאָרגנשטערן". די דאָזיקע צוויי אונטערנעמונגען זענען איבערגעחזרט געוואָרן אין נאָוועמבער.

סוף נאָוועמבער און תחילת דעצעמבער זענען נאָך פאָרגעקומען 2 רע־פעראַטן וועגן „די אויפגאַבן פון דער סאָציאַלער מעדיצין אין געטאָ" און וועגן „פיזיקאַלישע טעאָריעס". מחמת דער קעלט (דער זאַל איז נישט גע־ווען באַהייצט) איז די צאָל באַזוכער אויף דער לעצטער לעקציע געווען אַ קליינע. די לעצטע באַקאַנטע אונטערנעמונג פון דער געזעלשאַפט (סוף

דעצעמבער אָדער יאַנואַר 1941) איז געווען אַן אָוונט געווידמעט די יונגע יידישע שרייבער אין געטאָ.

די „קולטור־געזעלשאַפט" איז געפאַלן אַ קרבן פון רומקאָווסקיס פּאָליטיק פון ליקווידירן אין געטאָ אַלץ וואָס איז געווען אַן אויסדרוק פון זעלבשטענדיקער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט. אָבער ליטעראַרישע אָוונטן און אַקאַדעמיעס, אָפּגים אָרגאַניזירט פון די שרייבער גופא, זענען נאָך פאָרגעקומען אין מערץ 1941.

אויך אין די ציוניסטישע קיבוצים און אין בונדישן „יוגנט־קאָלעקטיוו" אין מאַרישין פלעגט ביז זייער ליקווידאַציע (אין מערץ 1941) אָנגיין אַ סיסטעמאַטישע קולטור־אַרבעט, וואָס איר ציל איז קודם־כל געווען אידעאָלאָגישע אויסבילדונג פאַר זייערע מיטגלידער. זיי האָבן אָבער דורך זייער אַרבעט געהאַט אַ קולטור־השפעה אויפן געטאָ. די קולטור־פאַראַנשטאַלטונגען וואָס זיי האָבן איינגעאָרדנט (הערצל־ביאַליק־אַקאַדעמיע, יובל־אַקאַדעמיע פון „בונד" א"א) פלעגן צוציִען אַ גרויסן עולם פון געטאָ. מען פלעגט דאָרט אָפּט הערן דאָס געזאַנג פון יידישע און העברעיִשע לידער. די קיבוצים האָבן אויך מיט זייער קולטור־אַרבעט אַרויסגעהאָלפן דער קינדער־קאָלאָניע בעת אירע יום־טוב־פייערונגען.

אין אָקטאָבער 1940 האָט באַנייט זיין טעטיקייט דער אין לאָדזש זייער פּאָפּולערער „הזמיר". עס איז רעאַקטיוויזירט געוואָרן דער כאָר, פאַרגרעסערט מיט די מיטגלידער פון געזאַנג־פאַראיין „שיר".

דעם 28סטן אָקטאָבער 1940 האָט דער „הזמיר" דורך אַן עפנטלעכן פּלאַקאַט געמאָלדן וועגן זיין ערשטן קאָנצערט, אין וועלכן עס האָבן זיך באַטייליקט דער כאָר און אַ סימפאָנישער אָרקעסטער. אין כאָר האָבן זיך באַטייליקט 75 פּערזאָן, אין סימפאָנישן אָרקעסטער — 25 פּראָפעסיאָנעלע מוזיקער און 10 אַמאַטאָרן. ביז דעם 7טן דעצעמבער 1940 זענען פאָרגעקומען זיבן קאָנצערטן.

דער „הזמיר" האָט אויך געפּלאַנט צו גרינדן אַ מוזיק־שול, אָבער דער דאָזיקער פּלאַן איז נישט רעאַליזירט געוואָרן. די לעצטע ידיעות וועגן דער טעטיקייט פון „הזמיר" איז דער אַרויסטריט פון כאָר צוזאַמען מיטן סימ־

פאָנישן אָרקעסטער אין פורים (13טער מערץ 1941). די געזעלשאַפט איז אַפּנים שפּעטער אויפגעלייזט געוואָרן.

נאָך מערץ 1941 באַקומט דאָס קולטור־לעבן אין געטאָ אַן אָפיציעלן חותם פון רומקאָווסקיס אַדמיניסטראַציע. מיטן פּלאַן אַרונטערצונעמען דאָס קולטור־לעבן אין געטאָ אונטער זיין ממשלה האָט רומקאָווסקי אַרומגעטראָגן זיך נאָך פריִער. דעם 24סטן נאָוו' 1940 האָט דער אָנפירער פון אַרבעטער־אַמט באַקומען פון אים אַן אויפטראָג צו גרינדן אַ „קולטור־הויז". עס איז רעמאָנטירט געוואָרן דער בנין אויף קראַוויעצקאַ גאַס, און דעם 1טן מערץ 1941 איז דאָס „קולטור־הויז" געעפנט געוואָרן און האָט זיך די גאַנצע צייט געפונען אונטער דער פאַרוואַלטונג פון דעם לייטער פון אַרבעטער־אַמט. צי עס האָט ביי דעם דאָזיקן אַמט עקסיסטירט עפּעס אַזוינס ווי אַ קולטור־רעפעראַט איז נישט אינגאַנצן קלאָר. פון אַ דאָקומענט, וואָס טראָגט די דאַטע פון 8טן יולי 1942 וואָלט מען געקענט דרינגען, אַז אין יענער צייט האָט אין די ראַמען פון דער געטאָ־אַדמיניסטראַציע יאָ עקסיסטירט אַ „קול־טור־רעפעראַט".

אין „קולטור־הויז" פלעגן פאָרקומען צווייערליי אימפּרעזעס: סימפאָנישע קאָנצערטן מיט סאָליסטן און רעווי־פאָרשטעלונגען פון דער טעאַטער־סטודיע „אַוואַנגאַרד", וואָס האָבן אָנגעבונדן אין דער טראַדיציע פון פאַר־מלחמהדיקן לאָדזשער קליינקונסט טעאַטער „אַראַראַט".

אין געטאָ זענען פאַרבליבן היימישע אַרטיסטישע כוחות ווי דיריגענטן, קאָמפּאָזיטאָרן, פידלערס, זינגערס, טעקסטן־שרייבערס און אַרטיסטן פון „אַראַראַט". נאָך דער „איינזידלונג" פון די מערב־אייראָפּעיִשע ייִדן איז דאָס קולטור־לעבן אין געטאָ באַרייכערט געוואָרן מיט אַ הויך־קוואַליפיצירטער גרופּע פון מוזיקערס, זינגערס און אַקטיאָרן פון פּראַג, ווין און פון בערלין. אַ טייל פון זיי, די מוזיקערס, זינגערס און עטלעכע מאָלערס זענען אַריינגע־צויגן געוואָרן אינעם קולטור־לעבן פון געטאָ.

דער סימפאָנישער אָרקעסטער, אין וועלכן עס האָבן אויך געשפּילט ייִדן — מיטגלידער פון דער פאַרמלחמהדיקער לאָדזשער פילהאַרמאָניע, פלעגט תחילת געבן קאָנצערטן לפי ערך אָפט. דעם 31סטן דעצעמבער 1941 איז פאָרגעקומען דער 100סטער יובל־קאָנצערט, ד"ה אַז אין דורכשניט האָט

ער געגעבן 10 קאָנצערטן אַ חודש, שפּעטער אין 1942, האָט זיך אין „קול־טור־הויז" איינגעשטעלט אַ טראַדיציע פון איינמאָליקע קאָנצערטן יעדע וואָך (מיטוואָך).

פון צייט צו צייט פלעגן אויך פאָרקומען רעציטאַלן פון באַליבטע פידלערס, קוואַרטעטן און טריאָס, ווי אויך קאָנצערטן פון לייכטער מוזיק, ס'רובֿ פאָלקסלידער, חסידישע מאָטיוון און ייִדישע קונסט־מוזיק. מחמת דער קאָנפיסקאַציע פון אַלע מוזיק־אינסטרומענטן, וואָס די דייטשע מאַכט האָט פאַרארדנט סוף 1943, האָט זיך דער סימפאָנישער אָרקעסטער אויפגעלייזט.

די טעאַטער־שטודיע „אַוואַנגאַרד" פלעגט דורכפירן א"ג „רעוויס", וואָס זענען באַשטאַנען פון סאַטירישע סקעטשן אויף געטאָ־מאָטיוון, שטימונגס־בילדער פון וואָדעווילישן כאַראַקטער, געזאַנג־נומערן און טענץ. עס האָט אויך עקסיסטירט אין געטאָ אַ כאָרעאָגראַפישע שטודיע. די רעווי־פאַרשטעלונגען פלעגן פאָרקומען לפי ערך אָפט (2־3 מאָל אַ וואָך) — במשך 10 חדשים פון 1941 (מערץ־דעצעמבער) זענען געוויזן געוואָרן צוויי רעוויס אויף 85 פאָרשטעלונגען. די קאָנצערטן און פאָרשטעלונגען האָבן במשך 1941 (פון מערץ) באַזוכט קרובֿ 70.000 צושויער. חוץ פאַרן אַלגעמיינעם פּובליקום פלעגן פאָרקומען, ענלעך ווי אין ווילנע, ספּעציעלע פאָרשטעלונגען פאַר די אַרבעטער פון די געטאָ־וואַרשטאַטן. דער טעאַטער־זאַל פון „קולטור־הויז" האָט געקענט אַריינגעמען מאַקסימום 400 פּערזאָן (25 רייען צו 16 זיצפּלעצער). די פּרייזן פאַר בילעטן: פון 30 פּעניג ביז 1 מאַרק פאַרן אַלגעמיינעם פּובליקום און פון 20 ביז 30 פּעניג פאַר אַ רעסאָרט־אַרבעטער.

די טעקסטן פאַר די רעווי־פאָרשטעלונגען זענען געווען סיי נייע, געשאַפענע אין געטאָ, סיי פון דעם אַלטן רעפּערטואַר פון „אַראַראַט", ווי למשל, דער נומער „ייִדן שמידן", „קלויזניקעס" פון משה בראָדערזאָן. זייער פּאָפּולער און באַליבט זענען געווען אינסצעניזאַציעס פון יצחק מאַנגערס לידער.

אין „קולטור־הויז" פלעגט אויך אַ חוץ דעם אַרויסטרעטן דער כאָר פון די גימנאַזיע־שילער. פּורים, דעם 17טן מערץ, איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ מוזיקאַליש־וואָקאַלישער אַרויסטריט פון די קינדער אין די געטאָ־שולן. די פאָרשטעלונגען פלעגט רומקאָווסקי זייער אָפט באַנוצן ווי אַן אוידי־

טאַריע פֿאַר זיינע רעדעס. די פֿאָרשטעלונגען זענען דורך אים זייער שטרענג צענזורירט געוואָרן.

אַ קורצע צייט האָט אין געטאָ אויך עקסיסטירט אַ מאַריאָנעטן־טעאַטער א״נ „חד־גדיא״. דעם 11טן דעצעמבער 1940 איז אינעם „קולטור־הויז״ פֿאָרגעקומען די פּרעמיערע א״נ „צוגעדריקט״. פֿאָרשטעלונגען זענען אויך פֿאָרגעקומען אין יאַנואַר 1941. וועגן ווייטערדיקע איז נישט באַוווּסט. די מאַריאָנעטן האָבן פֿאַראַדירט פּאָפּולערע געטאָ־פּערזענלעכקייטן.

ווי דערמאָנט, זענען אין געטאָ פֿאַרבליבן אַ צאָל מאָלערס און סקולפּ־טאָרן; זייער צאָל האָט זיך פֿאַרגרעסערט נאָך דעם אַריינקומען פֿון די מערב־אייראָפּעיִשע ייִדן. אייניקע האָבן באַקומען אַרבעט ביים מאָלן דעקאָראַציעס צו די רעווי־פֿאָרשטעלונגען. אין „קולטור־הויז״ איז אָפּגעגעבן געוואָרן די מאָלערס און סקולפּטאָרן אַ באַזונדער צימער. עס איז צוגעזאָגט געוואָרן פֿאַר די מאָלערס און סקולפּטאָרן, וואָס וועלן דאָרט אַרבעטן, בחינומדיקע שפּייז־טאַלאָנען. עס האָט זיך אויפֿגעהיט אַ באַריכט פֿון אַן אויסשטעלונג פֿון בילדער פֿון יצחק ברוינער און יוסף קאָוונער, אין וועלכער דער צונויפֿ־שטעלער (ברוינער גופא) דערציילט וועגן דעם גרויסן דערפֿאָלג פֿון דער אויסשטעלונג, וואָס עס האָבן במשך פֿון 6 וואָכן באַזוכט 12 טויזנט מענטשן.

עס האָבן זיך נאָך דער מלחמה אָפּגעזוכט בילדער אויף געטאָ־מאָטיוון, געמאָלן פֿון י. לייזעראָוויטש, י. ברוינער, מ. טרעמבאַטש*, ה. שיליס א״אַנד׳.

אין געטאָ איז אויך געווען טעטיק אַ שרייבער־פֿאַראיין, וואָס האָט זיך גרופּירט אַרום דער דיכטערין מרים אולינאָווער און אַרומגענומען בערך צוואַנציק דיכטער, פּראָזאַיִקער און זשורנאַליסטן, צווישן זיי נאָך גאַנץ יונגע אָנפֿאַנגערס, וואָס ערשט אין געטאָ האָבן זיי אָנגעהויבן שרייבן. מען האָט אין געטאָ אַ סך געשריבן: לידער, פּאָעמעס, דערציילונגען, רעפּאָרטאַזשן און טאָגביכער פֿון געטאָ־לעבן. נאָך דער מלחמה איז געפֿונען געוואָרן אין די חורבות פֿון געטאָ אַ גרעסערע צאָל ליטעראַרישע שאַפֿונגען פֿון יוסף

---

* אַ גרעסערע צאָל בילדער געפֿינט זיך אין מוזיי פֿון ייִדישן היסטאָרישן אינס־טיטוט אין וואַרשע. טרעמבאַטש איז געשטאָרבן אין געטאָ דעם 29סטן יאַנואַר 1491 אין עלטער פֿון 80 יאָר.

זעליקאָוויטש, ש. שאַיעוויטש א״אַנד׳. אַ פּאָר טאָגביכער זענען די לעצטע יאָרן דערשינען אין דרוק (שלמה פראַנקס, דוד שעראַקאָוויאַק און יאַקוב פּאָזנאַנסקיס).

צו דערגאַנצן דאָס קולטור־בילד אין געטאָ איז נאָך כדאי צו ברענגען אַ פּאָר פאַקטן וועגן ביבליאָטעקן און ספּאָרט.

3. ביבליאָטעקן.

„תיכף נאָך דער גרינדונג פון געטאָ, נאָך איידער די ייִדן פאַרטריבענע פון דער שטאָט האָבן באַוויזן זיך איינצואָרדענען אין זייער נייעם וווינאָרט, איז ביי דעם „עם־הספר״ אויפגעקומען די באַדערפעניש פון לייענען״ — לייענען מיר אין דער לאָדזשער „געטאָ־ענציקלאָפּעדיע״. פון אַלע פאַר־מלחמהדיקע ייִדישע עפנטלעכע ליי־ביבליאָטעקן, וואָס זענען ווינטער 1939־1940 ליקווידירט געוואָרן דורך דעם „הויפּט פּראָפּאַגאַנדע־אַמט, וואָרטעגאַנ נעבענשטעלע לאָדזש״, איז פאַרבליבן נאָר איין פּריוואַטע ליי־ביבליאָטעק. זי האָט תחילת פאַרמאָגט 1.900 בענד, אָבער אָנהייב 1944 — שוין 7.500 בענד מיט 4000 לייענער. דער אַבאָנעמענט־פּרייז איז געווען תחילת 1 מאַרק, שפּעטער 2 מאַרק אַ חודש.

חוץ דעם האָט אַ מוכר־ספרימניק געעפנט אַ ליי־ביבליאָטעק, וואָס האָט געציילט בערך 2000 ביכער און 2000 אַבאָנענטן. עס זענען אויך גע־ווען טעטיק אַ צאָל קלענערע ליי־ביבליאָטעקן אין פּריוואַטע דירות, וואָס אייניקע פון זיי האָבן זיך ספּעציאַליזירט אין ייִדישע ביכער און געצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון די פאַראינטערעסירטע דורך אַרויסגעהאָנגענע מו־דעות. דער רוב האָט זיך במשך פון דער צייט ליקווידירט. ווי עס דערציילט דער מחבר פון דעם כאַראַקטעריסטישן זוכוואָרט „ליי־ביבליאָטעקן״ אין דער „געטאָ־ענציקלאָפּעדיע״, האָט די מאַכט טאָלערירט די דאָזיקע ביבליאָ־טעקלעך. עס איז אָבער אויף זיי חל געווען דער פאַרבאָט צו האַלטן דייטשע מלחמה־ווערק, ווי אויך ביכער, וואָס זענען געווען פאַרבאָטן אין דעם רייך. אויך אין אייניקע „אַזילן״ פאַר די מערב־אייראָפּעיִשע גולים, למשל אין האַמבורגער „קאָלעקטיוו״, זענען אַנטשטאַנען ליי־ביבליאָטעקן פון פּריוואַטע מתנות. וועגן דעם הונגער פאַרן געדרוקטן וואָרט זאָגט עדות אַ נאָטיץ אין

ביולעטין פון דער געטאָ־כראָניק פון 9טן יוני 1942 וועגן „קילאָמעטער־לאַנגע רייען אין זאַנענבערגס לײַ־ביבליאָטעק, נישט געקוקט אויף דעם הויכן אָפּצאָל פון 2 מאַרק אַ חודש און 3 מאַרק איינשרייב־געלט".

אייגענע ביבליאָטעקן האָבן אויך איינגעהאַלטן די פּאָליטישע פּאַרטייען.

ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן דער פּעריאָד פון דעפּאָרטאַציעס פון געטאָ, זענען אין די הייזער פון די דעפּאָרטירטע פאַרבליבן אויף הפקר שטויסן ביכער און ספרים, וואָס זענען געוואָרן פאַרוועגדט אויף מאַקאַלאַטור (5 מאַרק פאַר 1 קילאָ) און אויף פאַרשידענע פּריוואַטע באַדערפעגישן. אַ דאַנק דער איניציאַטיוו פון אָנפירער פון עווידענץ־אָפּטייל, וואָס האָט באַקומען דערויף די הסכמה פון ווירטשאַפט־אָפּטייל, האָבן די הויזוועכטער און די אַדמיניסטראַטאָרן באַקומען אַ פאַראָרדענונג דורכצוקוקן די ליידיק געבליבענע פאַרחתמעטע וווינונגען, בוידעמער און קעלערן, צונויפצוזאַמלען אַלע ביכער און זיי ברענגען אין דער עווידענץ־אָפּטייל. אויף אַזאַ אופן האָבן זיך אין די צימערן און אין אַ קעלער פון דעם אָפּטייל אָנגעזאַמלט במשך פון 1942 און העלפט 1943 בערך 30.000 פאַרשידענע ספרים, וואָס זענען געוואָרן געסדרט און קאַטאַלאָגירט. אין דער דאָזיקער ביכער־זאַמלונג האָט זיך אויך געפונען די רייכע ביבליאָטעק פון לאָדזשער רב טרייסטמאַן. דאָרט זענען אויך צונויפגעזאַמלט געוואָרן עטלעכע צענדליק ספרי־תורות, תפילין, טליתים א"אַ תשמישי־קדושה.

פון דעם דאָזיקן ביכער־פאָנד זענען אָפּגעקליבן געוואָרן אַ פּאָר הונדערט ביכער פאַר יוגנט און עס זענען אַנטשטאַנען אַ פּאָר באַוועגלעכע ביבליאָטעקלעך, באַשטימט פאַר אינסטיטוציעס פון קינדער יוגנט־שוץ. איינס וואָס האָט געציילט 150 ביכער, איז אָפּגעשיקט געוואָרן אין אויסבעסערונג־הויז פאַר יוגנטלעכע.

ווי עס ווערט איבערגעגעבן אין דער „געטאָ־ענציקלאָפּעדיע" איז ביי די תושבים דער גרעסטער נאָכפרעג, חוץ אויף קרימינאַליסטישע און אַוואַנטוריסטישע ליטעראַטור, געווען אויף די ביכער פון פּוילישע שרייבערס: זשעראָמסקי, סטרוג, אָזשעשקאָוואַ, שענקעוויטש, פּרוס; פון די סאָוועטישע שרייבערס: פּילניאַק, ערענבורג, גאָרקי און אלדאַנאָוו.

די מערב־אייראָפּעישע לייענער פון דייטשע ביכער האָבן אַממייסטן

געלייענט מאָנאָגראַפּיעס, היסטאָרישע און פילאָזאָפישע ווערק. פיל גע־לייענט איז אויך געוואָרן די דייטשע קלאַסישע ליטעראַטור, ווי אויך היינע, פויכטוואַנגער און לודוויג. פון די יידישע שרייבער זענען אַממייסטן גע־לייענט געוואָרן פּרץ און שלום אַש.

4. ספּאָרט

נאָך דער רעלאַטיווער סטאַביליזאַציע פונעם לעבן אין געטאָ הייבן אָן אויפצולעבן די ספּאָרט־קלובן. אין סעפּטעמבער 1940 הערן מיר שוין וועגן דער עקסיסטענץ פון אַ „פאַראיין פון פוטבאָל אין געטאָ". עס האָבן שוין דעמאָלט עקסיסטירט 9 ספּאָרט־קלובן, געטיילט אויף צוויי ליגעס.

צווישן 14טן און 19טן סעפּטעמבער 1940 זענען פאָרגעקומען 5 פאַר־מעסטונגען אין דער ערשטער און צווייטער ליגע. מחוץ דעם דאָזיקן פאַר־איין איז געשטאַנען דער צוריק־אויפגעלעבטער ספּאָרט־קלוב „מאָרגן־שטערן", וואָס האָט נישט פאַרלוירן זיינע פאַרמלחמהדיקע אינסטרוקטאָרן. גימנאַסטישע גרופּעס פון „מאָרגנשטערן" זענען אַרויסגעטראָטן אויף קול־טור־אונטערנעמונגען.

רומקאָווסקי האָט אין אַ ספּעציעלער באַקאַנטמאַכונג (נומ' 146) פון 22סטן אָקטאָבער 1940 געמאָלדן וועגן דער דערלויבעניש צו אָרגאַניזירן אין געטאָ אַ ספּאָרט־באַוועגונג און צו שאַפן אַ ספּאָרט־אָנפירונג. אָנזאָגנדיק, אַז ער נעמט איבער די אַפּוטרופּסות איבער ספּאָרט אין געטאָ, פאָדערט ער אויף די באַפעלקערונג זיך צו פאַרשרייבן אין ספּאָרט־פאַראיין.

# נאַצישע אַנטיסעמיטישע פּראָפּאַגאַנדע צווישן די סלאַווישע פעלקער אין מזרח־אייראָפּע אין די יאָרן 1942־1944

דער נאַצישער פּראָפּאַגאַנדע־אַפּאַראַט, זיין אָרגאַניזאַציע, זיינע אַר־בעט־מעטאָדן, זיין וואָקאַבולאַר, זיינע דערגרייכונגען און דורכפאַלן זענען ביז היינט נאָך נישט געוואָרן קיין אָביעקט פון אַן אויסשעפּיקער, סינטע־טישער היסטאָרישער פאָרשונג.

דאָ און דאָרט זענען פּובליקירט געוואָרן מאָנאָגראַפישע שטודיעס, למשל, וועגן געבעלסעס פּראָפּאַגאַנדע־פּרינציפּן פון ל. וו. דוב (Doob) אין 1950, אין באַנד 14, נומ׳ 30 פון Public Opinion Quarterly, וועגן דער פּובליציסטיק אין דריטן רייך פון וואַלטער האַגעמאַן (1948), אָדער Presse in Fesseln (1947). מיר געפינען אויך אין אַלגעמיינע ווערק וועגן נאַ־ציזם קאַפּיטלעך אָדער פראַגמענטן געווידמעט דער נאַצישער פּראָפּאַגאַנדע. דאָס איז אַ בפירושער שאָד. די נאַצישע פּראָפּאַגאַנדע־מאַשין איז געווען דער גרעסטער ביז איצט באַקאַנטער פּרוווו פון אַ מאַסן־אינדאָקטרינאַציע אין גיגאַנטישע מאַסשטאַבן, אַן אַ פּרעצעדענס אין דער מענטשלעכער גע־שיכטע.

אויף דעם ייִדישן אָפּשניט האָט זי, דאַכט זיך, געמאַכט די גרעסטע אָנשטרענגונגען. עס איז ממש צו שטוינען איבער דער ריזיקער קוואַנטי־טעט פון דעם אַנטי־ייִדישן פּראָפּאַגאַנדע־מאַטעריאַל, וואָס די דאָזיקע מאָנסטרועזע מאַשין האָט פּראָדוצירט און פאַרשפּרייט כמעט אין אַלע צי־ווילוזירטע לענדער פון אונדזער פּלאַנעט.

איך בין מסופּק צו איין מענטש איז בכוח צו באַהערשן און באַאַרבעטן דעם דאָזיקן אָקעאַן פון פּראָפּאַגאַנדע־ליטעראַטור. דאָס איז אַן אויפגאַבע

פאַר אַ גרעסערער גרופּע פאָרשער וואָס זאָלן פאַרטיילן צווישן זיך דעם שטאָף און באַאַרבעטן אים מאָנאָגראַפיש.

די דאָזיקע אָפּהאַנדלונג איז בלויז אַ פּרוּוו אַרומצונעמען נאָר איין אָפּ־שניט פון דער נאַצישער פּראָפּאַגאַנדע, נעמלעך, איר אַרבעט צווישן די סלאַווישע פעלקער אין מזרח־אייראָפּע אין די לעצטע צוויי דעצידירנדיקע מלחמה־יאָרן פון העלפט 1942 ביז סוף 1944, קאָנקרעט צווישן די פּאָליאַקן, ווייסרוסן און אוקראַינער. הגם דער דאָזיקער אָפּשניט פון דער נאַצישער פּראָפּאַגאַנדע איז, ווי געזאָגט, אַ שמאָלער, איז אָבער די טעמע גענוג אַ ברייטע און איך וועל מוזן זיך באַגרענעצן צו די סאַמע עיקרדיקסטע פאַקטן און אינטערפּרעטאַציעס.

## 1. נאַצישע אַנטיסעמיטישע פּראָפּאַגאַנדע צווישן דער פּוילישער באַפעלקערונג אין די יאָרן 1943—1944.

די נאַצישע פּראָפּאַגאַנדע אין אָקופּירטן פּוילן האָט געוווּסט געשיקט אויסצונוצן די אַנטיסעמיטישע געפילן, וואָס האָבן טיף געוואָרצלט ביי די ברייטע מאַסן פון דער פּוילישער באַפעלקערונג, פאַר אירע צוועקן. דער אַנטי־ייִדישער מאָטיוו האָט געהערט צו די צומייסטן דורך איר גענוצטע און אויך ווירקזאַמסטע פּראָפּאַגאַנדיסטישע מיטלען, מיט וועלכע זי האָט זיך באַנוצט אין אירע באַמיִונגען צו געווינען פאַר זיך די פּוילישע באַפעל־קערונג שוין פון די ערשטע וואָכן פון דער אָקופּאַציע פון באַזיגטן פּוילן.

דאָס אַרויסוואַרפן ייִדן דורך דייטשע פּאָליציאַנטן פון די רייען פון די שפּייז־געוועלבער האָט געהאַט אַן אָרט שוין אין די ערשטע וואָכן פון סעפּ־טעמבער 1939; אין די טעג פון 15טן ביזן 18טן אַפּריל 1940 איז אָנגע־גאַנגען אויף די וואַרשעווער גאַסן אַ דורך די נאַצים רעזשיסירטער פּאָגראָם אויסגעפירט דורך פּוילישע כוליגאַנעס, וואָס האָט זיך איינגעשטילט ווען די באַפאַלענע ייִדן האָבן אָנגעהויבן שטעלן אַ שטאַרקן ווידערשטאַנד; דאָס איינפירן די געטאָס האָט די נאַצישע פּראָפּאַגאַנדע פאָרגעשטעלט ווי אַ מיטל צו שיצן די פּוילישע באַפעלקערונג קעגן דער עפּידעמיע־געפאַר, וואָס דראָט איר מצד דער ייִדישער באַפעלקערונג; ייִדן טראָגן אויך די שולד פאַר

דעם שלעכטן מצב אין לאַנד מחמת זייער „שלייכן האַנדל”; דאָס פאַרמלחמה־דיקע פּוילן איז פאַרגעשטעלט געוואָרן ווי אַ מלוכה וואָס איז געווען באַהערשט פון ייִדן אאַז״וו.

עס איז ווייט נישט קיין צופאַל וואָס דווקא פּוילן איז אויסגעקליבן געוואָרן ווי דאָס געאייגנסטע אָרט אויף דורכצופירן אין די אויפגעבויטע פאַרניכטונג־לאַגערן די מאַסן־פאַרלענדונג פון מיליאָנען ייִדן אַהערגעבראַכטע פון גאַנץ אייראָפּע.

אין דער לפי־ערך רייכער דאָקומענטאַציע וועגן דער נאַצי־פּראָפּאַגאַנדע אין דער גענעראַל־גובערניע שטויסן מיר זיך כסדר אָן אויף דעם מאָטיוו פון דעם טיף־איינגעוואָרצלטן אַנטיסעמיטיזם צווישן דער פּוילישער באַפעלקערונג. איינער פון די הויפּט־באַאַמטע פון דעם פּראָפּאַגאַנדע־אָפּאַראַט ד״ר פרידריך גאָלערט, מחבר פון אַ מעמאָראַנדום וועגן דער נאַצישער פּאָליטיק אין אָקופּירטן פּוילן (פון 29סטן מערץ 1943) האָט באַדויערט פאַרוואָס מען האָט אין דער צייט פון די „אויסזידלונג־אַקציעס” פון דער ייִדישער באַפעלקערונג צו ווייניק אויסגענוצט „די שטאַרקע אַנטי־ייִדישע שטרעמונגען צווישן פּוילישן פאָלק און אויף אַזאַ אופן געקאָנט אַריינטרייבן אַ קלין אין דער פּוילישער באַפעלקערונג”.

פּוילישע קאָלאַבאָראַציאָניסטן פלעגן פון זייער זייט אויפמערקזאָם מאַכן די נאַציס אויף דעם דאָזיקן שטאַרקן אַטוט אין זייערע הענט, בפרט ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן דער אַנטי־באָלשעוויסטישער אַגיטאַציע צווישן דער פּוילישער באַפעלקערונג. אין אַ געהיימען ס״ד־באַריכט פון 13טן אויגוסט 1942 לייענען מיר וועגן אַ פּוילישן זשורנאַליסט וואָס האָט צוגעשטעלט „אַן אויסערגעוויינלעך קאָנסטרוקטיוון מעמאָראַנדום”, אין וועלכן ער מאַכט אויפמערקזאָם אַז „אונדזערע בלעטער (געמיינט די פּראָ־נאַצישע פּרעסע אין פּויליש) שענקען צו ווייניק אויפמערקזאַמקייט דעם קאַמף קעגן יודעאָ־באָלשעוויזם” און ער ברענגט ווי אַ מוסטער די בערלינער רוסישע נאַצישע צייטשריפט „נאָוואָיע סלאָוואָ”, וואָס האָט די גאַנצע אַנטי־סאָוועטישע אַגיטאַציע צוגעשפּיצט צום ייִדישן מאָמענט.

די דאָזיקע נאַצישע, אַנטי־ייִדישע פּראָפּאַגאַנדע צווישן דער פּוילישער באַפעלקערונג איז געפאַלן אויף אַ פרוכטבאַרן באָדן, אויף וועלכן קערנער

פון שאַרפן, כמעט זאָאָלאָגישן אַנטיסעמיטיזם זענען פאַרזייט געוואָרן דורך פּוילישע הענט במשך לאַנגע יאָרן פאַרן אויסברוך פון דער מלחמה און זענען נאָך אינטענסיווער קולטיווירט געוואָרן דורך געוויסע פּוילישע פּאָליטישע גרופּירונגען במשך דעם אָקופּאַציע־פּעריאָד.

בפרט האָט זיך די דאָזיקע אַנטיסעמיטישע אַגיטאַציע פאַרשטאַרקט נאָכן אויסברוך פון דער דייטש־סאָוועטישער מלחמה אין יוני 1941. דאָס שטעלן אַ גלייכצייכן צווישן ייִדנטום און קאָמוניזם (אַן אויפלעבונג פון דער אַלטער, נאָך פאַרמלחמהדיקער לאָזונג „זשידאָ־קאָמונאַ") האָט פאַר דער דאָזיקער אַגיטאַציע געשאַפן דעם סאַמע גינסטיקן באָדן. מען האָט אין דעם פאַל געקאָנט אַפּעלירן גלייכצייטיק סיי צו דער אַנטי־ייִדישער, סיי צו דער אַנטי־סאָוועטישער (אַנטי־רוסישער) שטעלונג פון ברייטע שיכטן פון דער פּוילישער באַפעלקערונג.

די „פּוילישע אַנטי־קאָמוניסטישע אַגענטור" (קריפּטאָנים, „אַנטיק", „בלאָק"), וואָס האָט זיך נאָך פאַר דער מלחמה אונטערן נאָמען „אינסטיטוט צו פאָרשן דעם קאָמוניזם" ספּעציאַליזירט אין אַנטי־קאָמוניסטישער (און אַנטי־ייִדישער) פּראָפּאַגאַנדע האָט אין דער דאָזיקער ריכטונג געפירט איר אַנטיסעמיטישע „אויפקלערונג" צווישן די אונטערערדישע פּאָליטישע גרופּירונגען, נישט אָפּשטעלנדיק זיך פאַר אָנווייזן אין אירע פונאַנדערגעשיקטע באַריכטן אַדרעסן ווו עס האַלטן זיך אויף ייִדן און נעמען פון פּאָליאַקן ביי וועלכע זיי האָבן געפונען שוץ.

אַזעלכע ראַדיקאַל־אַנטיסעמיטישע און נאַציאָנאַליסטישע פּוילישע גרופּירונגען ווי די Falanga, Obóz Narodowo-Radykalny (O.N.R.) א"א **האָבן** נאָר געדאַרפט איבערחזרן וואָס זיי האָבן געשריבן אין זייערע פאַרמלחמהדיקע אָרגאַנען וועגן ייִדן און באָלשעוויזם, כדי עס זאָל זיך באַקומען כמעט אַ פולע איינשטימיקייט מיט געבעלסעס פּראָפּאַגאַנדע־אַמטן אין אָקופּירטן פּוילן. אין זייערע אונטערערדישע אָרגאַנען ,Zaloga, Placówka Szaniec, האָבן זיי פּאַקטיש באַרעכטיקט די היטלעריסטישע רציחות מיטן אַרגומענט, אַז די ייִדן האָבן די שטראָף פאַרדינט און נישט איין מאָל געשטעלט די מערדער און זייערע קרבנות אויף איין ברעטל.

די מיליטערישע אונטערערדישע אָרגאַניזאַציע פון דער אָ. נ. ר., די

N.S.Z. (Narodowe Siły Zbrojne) האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט פון באַגיין רציחות איבער ייִדישע פּאַרטיזאַנער אין די וועלדער, ניצול־געוואָרענע פון די שחיטות אין די געטאָס, ווי למשל איבער אַ גרופּע פון 13 אָפּגעראַטעוועטע קעמפער פון וואַרשעווער געטאָ אין אַ דאָרף לעבן קאָניעצפּאָל (טשענסטאָכאָווער קרייז). אַפילו אין די אָפיציעלע אונטערערדישע אויסגאַבעס פון דער לאַנד „דעלעגאַטור" און איר באַוואָפנטן אָרעם — Armia Krajowa, ווו אין שייכות מיט דער דערנענטערונג צו דער פּוילישער טעריטאָריע פון סאָוועטיש־דייטשן פראָנט, איז געוואַקסן די השפּעה פון די רעכטע, אַנטי־סאָוועטישע קרייזן, הערן זיך אָפּ טער אַנטי־ייִדישע טענער.

אין איר אַנטי־ייִדישער אַגיטאַציע האָט די נאַצישע פּראָפּאַגאַנדע אין פּוילן געהאַט דעריבער אַ פּאַרלייכטערטע אויפגאַבע. וועגן דעם דאָזיקן אַטוט אין אירע הענט האָבן די אָנפירער פון דער פּראָפּאַגאַנדע־אַרבעט אין אָקופּירטן פּוילן גאַנץ קלאָר געוווסט. אַזוי, למשל, ווערט אין אַ געהיימען מעמאָראַנדום צום שעף פון וואַרשעווער דיסטריקט פאַרפאַסט פון אַ באַאַמטן פון פּראָפּאַגאַנדע־אַמט מיט דער דאַטע פון 27סטן נאָוועמבער 1942, פעסטגעשטעלט, אַז די פּאָליאַקן איז לייכטער צו געווינען פאַר די צילן פון דער דייטשער פּאָליטיק, היות „זיי זענען דאַנקבאַר דעם פירער פאַר באַזייטיקן די ייִדן... און אַז די פּראָפּאַגאַנדע דאַרף אָנווענדן אַלע מיטלען בכדי צו ווייזן דער פּוילישער עפנטלעכקייט, וואָס זי האָט שוין געוווּנען ווי אַ רעזולטאַט פון פאַרענטפערן די ייִדנפראַגע, וואָס פאַר אַ מעגלעכקייטן עס דערוואַרטן זי אויפן געביט פון האַנדל, אינדוסטריע און לאַנדווירטשאַפט, און וואָס זי קען פאַרלירן אין פאַל פון אַ נצחון פון קעגנערישן צד". פון דער אַנדערער זייט, האָט זי זיך אָבער די דאָזיקע אויפגאַבע באַשווערט אַ דאַנק דער שאַרפער אַנטי־פּוילישער פּאָליטיק פון די אַדמיניסטראַטיווע און פּאָליציייִשע אָרגאַנען אין אָקופּירטן פּוילן. וויפל ברייטע קרייזן פון דער פּוילישער באַפעלקערונג האָבן נישט פיינט געהאַט ייִדן און געגעבן זייער שטילן אָדער אָפענעם הסכם צו דער נאַצישער „לייזונג" פון דער ייִדנפראַגע (אָפּגרענעצנדיק זיך דאָ און דאָרטן פון אירע מעטאָדן), האָבן זיי מער פיינט געהאַט דעם ברוטאַלן אָקופּאַנט. די דאָזיקע שנאה האָט אָפּט צונישט געמאַכט, יעדנפאַלס נייטראַליזירט, דעם עפעקט פון דער אַנטיסעמיטישער

אַגיטאַציע, ווי אַ מיטל צו געווינען די פּוילישע באַפעלקערונג פאַר די צילן פון דער נאַצישער מלחמה־פּאָליטיק.

ווי ווייט די פּוילישע באַפעלקערונג איז געווען באַאומרויִקט אַפילו וועגן איר פיזישן קיום באַווייזט דער פאַקט, וואָס ווערט אָפט ציטירט אין נאַצישע דאָקומענטן וואָס פאַרנעמען זיך מיט אַנאַליזירן די הנחות און רעזולטאַטן פון דער נאַצישער פּאָליטיק אין אָקופּירטן פּוילן, אַז ביי דער פּוילישער באַפעלקערונג איז געווען פאַרשפּרייט די איבערצייגונג, אַז נאָך דער „עוואַקואַציע" פון די ייִדן וועט קומען אויך איר ריי און אַז עס דערוואַרט זי דער זעלביקער גורל, וואָס די ייִדן. די אכזריותדיקע פאַרטרייבונג פון די פּוילישע פּויערים פון 297 דערפער אין זאַמאָשטשער געגנט אין דער צייט פון נאָוועמבער 1941 ביז אויגוסט 1943 איז געווען נאַטירלעך עלול זי צו פאַרפעסטיקן אין דער דאָזיקער שרעק.

ווי לאַנג היטלער איז געגאַנגען פון איין נצחון צום אַנדערן האָט מען זיך אין די פּראָפּאַגאַנדע־אַמטן ווייניק פאַרטראַכט אויף די דאָזיקע נעגאַטיווע אויסווירקונגען פון דער ברוטאַל־רעפּרעסיווער פּראַקטיק לגבי די פּאָליאַקן אין די אָקופּירטע געביטן. זיי זענען דאָך אין דעם נאַצישן פּלאַן פון דער נאָכמלחמהדיקער איינאָרדענונג פון די פּוילישע שטחים סיי ווי געווען פאַרמישפּט אַראָפּצופאַלן צו דער מדרגה פון אַ שקלאַפן־פאָלק, וואָס זיין איינציקער זכות־הקיום איז צו אַרבעטן פאַרן דייטשן „מייסטער־פאָלק", און די גענעראַל־גובערניע — צו דער שטופּע פון אַ דייטשער קאָלאָניע, וואָס דאַרף צושטעלן דעם רייך אַגראַר־פּראָדוקטן און ביליקע אַרבעט־קראַפט.

אָבער נאָך על־אַלמיין און סטאַלינגראַד, ווען דאָס געשפּענסט פון אַ פאַרשפּילטער מלחמה האָט אָנגעהויבן וואָס אָפטער אַריינצוקוקן אין די פענצטער פון דייטשע אַמטן, האָט מען אין פּראָפּאַגאַנדע־אַמט אָנגעהויבן טראַכטן צו מילדערן אַביסל די רעפּרעסיווע פּאָליטיק און אַזוי אַרום זיין ביכולת צו פאַרשטאַרקן די פּראָפּאַגאַנדע צווישן דער פּוילישער באַפעלקערונג אין דער ריכטונג פון געווינען זי צום קאַמף קעגן די זיך פאָרויסבאַוועגנדיקע סאָוועטישע אַרמייען. אין דעם דאָזיקן פּרט איז זייער כאַראַקטעריסטיש דער אויבן־ציטירטער מעמאָראַנדום פון גאָלערטן, אין וועלכן

ער קריטיקירט די ביז־איצטיקע זיגזאַג־פּאָליטיק פון די אָקופּאַציע־אָרגאַנען, וואָס האָט נייטראַליזירט אַלע באַמיִונגען פון דער נאַצישער פּראָפּאַגאַנדע אין דער דאָזיקער ריכטונג.

קיין ממשותדיקע הנחות לטובת דער פּוילישער באַפעלקערונג לייגט נאַטירלעך דער נאַצי גאַלערט נישט פאָר — ער שטעלט די פּאָליאַקן וואָס װעלן ראַסיש זיין ראוי „איינגעדויטשט" צו װערן, אין אויסזיכט, אַז לכל הפחות זייערע קינדער װעלן, ביי אַנטשפּרעכנדיקער לאָיאַלער דערציִונג, קאָנען האָפן צו דערגרייכן אַ געוויסע מדרגה פון דייטשע מלוכה־בירגערשאַפט. ער לייגט אָבער פאָר אָפּצושאַפן די געזעצלעכע פאַראָרדענונגען וואָס שטעלן גלייך יִדן און פּאָליאַקן (למשל, וואָס שייך קרימינאַל־רעכט, טראָגן אין דייטשלאַנד דעם אידענטיפיקאַציע־צייכן .P). ער מאָטיווירט זיין פאָרשלאַג מיט דעם סימפּטאָמאַטישן אַרגומענט, אַז „די פּאָליאַקן, וואָס זייער איבערוויגנדיקער רוב איז תמיד געוועזן איינגעשטעלט שטאַרק יִדנפיינטלעך, האָבן די דאָזיקע גלייכשטעלונג מיט די פאַרהאַסטע פון זיי יִדן אָפּגעפילט תמיד ווי אַ שווערע אומגערעכטיקייט און אַלס אַ ספּעציעלע דעפאַמירונג".

איינער פון די זיינע פאָרשלאַגן איז צו פאַרשטאַרקן די פּראָפּאַגאַנדע־אַרבעט צווישן דער פּוילישער באַפעלקערונג, וואָס דאַרף גיין אין דער ריכטונג פון „איינשפּאַנען די דאָזיקע פּוילישע כוחות, וואָס האָבן דערצו דעם גוטן ווילן, אין דעם אידייִשן קאַמף קעגן באָלשעוויזם".

ווי מיר וועלן ווייטער זען, איז דער דאָזיקער פּונקט אין גאַלערטס פּראָפּאַגאַנדע־פּראָגראַם רעאַליזירט געוואָרן מיט אַ ברייטער האַנט אין די לעצטע אַנדערטהאַלבן יאָר (העלפט 1943—1944) פון דער דייטשער אָקופּאַציע אין פּוילן.

פאַר דייטשע מיטלען און ביי דער מיטאַרבעט פון פּוילישע קאָלאַבאָראַנטן איז געשאַפן געוואָרן אַן אַנטיסעמיטישע העץ־ליטעראַטור אין דער פּוילישער שפּראַך, וואָס האָט נישט בראַקירט מיט קיין שום שטאָף, אָנהייבנדיק מיט די „ריטועלע" מאָרד־פּראָצעסן אין פריִען מיטלאַלטער, דורך די „פּראָטאָקאָלן פון די זקני־ציון" ביז די לעצטע פאַרסמטע פיילן פון געבעלסעס פּראָפּאַגאַנדע־אַרסענאַל.

בכדי צו געבן דעם דאָזיקן אַנטי־יִדישן און אַנטי־סאָוועטישן קאַמף אַ ריין־פּוילישן כאַראַקטער און אַזוי נייטראַליזירן דעם גוט־באַרעכטיקטן אומצוטרוי פון דער פּוילישער באַפעלקערונג צו אַלעם, וואָס טראָגט אויף זיך אַ נאַצישן אָפּשטאַם־חותם, זענען געמאַכט געוואָרן פּרווון צו שאַפן אַ פּוילישע אַנטי־סאָוועטישע אָרגאַניזאַציע (Antykomintern polski), וואָס אין איר שפּיץ זאָלן זיך שטעלן פּראָמינענטע פּאָליאַקן.

דער דאָזיקער פּראָפּאַגאַנדע־טריק איז אין די נאַצישע פּראָפּאַגאַנדע־אַמטן רייף געוואָרן אַפּנים סוף יאַנואַר, אָדער תּחילת פעברואַר 1944, ווען די סאָוועטישע אַרמייען האָבן זיך שוין געפונען אויף דער מזרח־טעריטאָריע פון פּוילן.

דעם 9טן פעברואַר האָט דער פּראָפּאַגאַנדע־אַמט אין וואַרשע איבער־געשיקט צום „הויפּט פּראָפּאַגאַנדע־אַפּטייל" אין קראָקע אַ רשימה פון פּאָ־ליאַקן — קאַנדידאַטן פאַר אָנפירנדיקע פּאָזיציעס אין דער דאָזיקער אַנטי־סאָוועטישער ליגע. ווי אַן ענטפער איז געקומען אַ „שטרענג־פאַרטרוילעכע" ווענדונג פון קראָקע, דאַטירט דעם 14טן פעברואַר, וועגן צוציִען צום פּרע־זידיום פון פּראָיעקטירטן „פּוילישן אַנטי־קאָמינטערן" 2 פּראָמינענטע פּוי־לישע שרייבערס י. ע. סקיווסקי און פערדינאַנד געטעל, דעם פאַרמלחמה־דיקן פּאָרזיצער פון פּוילישן פּען־קלוב. אין דער ווענדונג ווערט אָנגעוויזן, אַז צו דער טעטיקייט פון פּרעזידיום וועט געהערן דאָס אַרויסגעבן אַן אַנטי־באָלשעוויסטישע צייטשריפט און אַ סעריע פון פלוגבלעטלעך. אין געשפּרעך מיט זיי דאַרף מען אָנווייזן, אַז עס ווערט געפּלאַנט צו פאַרוואַנדלען מיט דער צייט דאָס פּרעזידיום אין „אַ פּוילישע פאָלקס־פאַרטרעטונג".

אַן „אַקטן־נאָטיץ" פון וואַרשעווער פּראָפּאַגאַנדע־אַמט דאַטירט מיט 3 טעג שפּעטער (דעם 17טן) גיט איבער דעם פאַרלויף פון די אינטער־וויוען מיט סקיווסקין, געטעלן און פּראָפ׳ וולאַדיסלאַוו סטודניצקי, וואָס איז אין דער ווענדונג פון קראָקאָווער הויפּט־אַמט פון 14טן פעברואַר נישט דערמאָנט געוואָרן, איז אָבער, ווייזט אויס, בינתיים אויסגעקליבן געוואָרן ווי אַן עווענטועלער פּרעזידיום־קאַנדידאַט.

לויט ווי עס גיט איבער דער אַנאָנימער אינטערוויוער אין זיין גע־הײמען באַריכט, האָט פון אַלע דריי דער שרייבער סקיווסקי אַרויסגעוויזן

„די גרעסטע גרייטקייט מיטצומאַכן ביי דעם פּלאַן פון גרינדן דעם „אַנטי־קאָמינטערן". סקיווסקיס יעזויִטיזם איז דאָ געקומען בולט צום אויסדרוק (ער האָט געהערט אין פאַרמלחמהדיקן פּוילן צו דער גרופּע פּראָמינענטע קאַטוילישע שרייבער): לויט דעם לעצטנס מיינונג — שרייבט דער באַריכט־אָפּגעבער — דאַרף מען מצד דער מאַכט אויסאיבן אַ לייכטן דרוק אויף די פּערזאָנען, וואָס קומען אין באַטראַכט, בכדי פון זיי אַראָפּצונעמען אַ טייל פון אחריות פאַר דעם דאָזיקן נישט־פּאָפּולערן שריט אין די אויגן פון דער פּוילישער באַפעלקערונג. סקיווסקי האָט לגבי זיין אינטערוויוער אויסגע־דריקט זיין ווונטש, אַז פאַר דער גרינדונג פון דער ליגע זאָל כל־הפּחות אין אַן אַלגעמיינער פאָרעם, געשטעלט ווערן מצד דער אָקופּאַציע־מאַכט די אויסזיכט פון נאָכקומען געוויסע פּוילישע פּאָדערונגען וואָס זענען נוגע קולטור־וועזן און אַ טיילווייזע אַמנעסטיע, ווי אויך אַן אויטאָריטאַטיווע פאַרזיכערונג, אַז אין דעם „נייעם אייראָפּע" וועט די פּאָליאַקן פאַרזיכערט ווערן אַן אַנטשפּרעכנדיקע פּאָזיציע. דער באַריכט־אָפּגעבער איז אָבער מוסיף, אַז סקיווסקי האָט אויסגעדריקט זיין גרייטקייט מיטצואַרבעטן מיטן „אַנטי־קאָמינטערן", אַפילו ווען די דאָזיקע באַשיידענע פאָדערונגען וועלן נישט דערפילט ווערן.

נעגאַטיוו זענען אויסגעפאַלן די רעזולטאַטן מיט די צוויי לעצטע אינ־טערוויויִרטע: פּראָפ' סטודניצקי (אַ באַקאַנטער פאַרמלחמהדיקער פּראָ־דייטשישער פּאָליטיקער) האָט אָפּגעזאָגט זיין מיטאַרבעט, היות ער האַלט, אַז ערשט אַן ענדערונג אין דער גאַנצער פּאָליטישער אַטמאָספער אין דער גענעראַל־גובערניע און אין די הערשנדיקע באַציִונגען צווישן דייטשן און פּאָליאַקן וועט מעגלעך מאַכן דאָס באַטייליקן זיך פון מאַסגעבנדיקע פּאָ־ליאַקן אין דער געפּלאַנטער אונטערנעמונג. איצט, ווען די סיטואַציע פון דער פּוילישער באַפעלקערונג איז טיילווייז אַפילו ערגער פון דער, וואָס האָט געהערשט אין די געביטן וואָס זענען ביז יוני 1941 געווען אונטער סאָוועטישער אָקופּאַציע, מוז ער אַזאַ פאָרשלאַג אָפּוואַרפן.

אויך פערדינאַנד געטעל האָט אָפּגעזאָגט „מיטצומאַכן" מיטן מאָטיוו אַז אין איצטיקן מאָמענט וועט יעדער, וואָס וועט זיך באַטייליקן אין דעם פּראָיעקטירטן פּוילישן „אַנטי־קאָמינטערן", באַטראַכט ווערן פון פּוילישן

פאָלק ווי אַ פּאַררעטער, וואָס איז געקויפט געוואָרן פאַר דייטש געלט. דער־מאָנענדיק זיין אַנטייל אין דעם קאָרעספּאָנדענטן־אויספלוג קיין קאַטין, האָט ער אונטערגעשטראָכן אַז זיין קאַטין־באַריכט האָט דעריבער געהאַט די גרעסטע השפּעה אויפן פּוילישן פאָלק, ווייל ער האָט זיך כלפּי־חוץ נישט צו שטאַרק אַנגאַזשירט אין דינסט פון דער דייטשער פּראָפּאַגאַנדע. אַזוי ווי סקיווסקי, שטעלט ער אויך אַרויס די פאָדערונג פון אַן עפנטלעכער אויטאָריטאַטיווער דערקלערונג מכוח אַנערקענען פאַר פּוילן איר פּלאַץ אין דער „נייער אייראָפּע". אָבער ער האָט דערקלערט זיין גרייטקייט מיטצו־אַרבעטן אויב עס וועלן דערפילט ווערן געוויסע פאַר־הנחות.

ווי עס ווייזט אויס, האָט דער פּלאַן פון אַוועקשטעלן בראש פון א פּוילישער אַנטי־סאָוועטישער ליגע פּאָליאַקן פון אַזאַ געזעלשאַפטלעכן פּרעסטיזש ווי סטודניצקי און געטעל, געליטן אַ פּיאַסקאָ. אָבער אַנטיסע־מיטישע און אַנטי־סאָוועטישע פּוילישער מיטאַרבעטער minoris gentium האָט די נאַציס אין אָקופּירטן פּוילן קיינמאָל נישט געפעלט. צו זיי האָבן געהערט דער דערמאָנטער י. ע. סקיווסקי, פעליקס בורדעצקי א"אַנד'.

די דאָזיקע גרופּע פּוילישע קאָלאַבאָראַציאָניסטן איז אין פרילינג 1944 צוגעטראָטן מסתמא מיט דער ברכה און פאַר די מיטלען פון הויפּט־פּראָ־פּאַגאַנדע־אַמט אין קראָקע, אַרויסצוגעבן אַ צוויי־וואָכן־שריפט, א"נ Przełom („דורכברוך"), ביז דעצעמבער 1944 איינשליסלעך זענען דערשינען 14 נומערן. דער 14טער נומער איז אַפּנים געווען דער לעצטער (אָדער אפשר איז, אויב דער דאָזיקער נומער איז פון דער ערשטער העלפט דעצעמבער, דערשינען נאָך אַ נומער פאַר די צווייטע העלפט פון חודש): דעם 12טן יאַנואַר 1945 האָט זיך אָנגעהויבן די סאָוועטישע אָפענסיווע און דעם 17טן איז שוין די רויטע אַרמיי געווען אין וואַרשע. אַלע אַרטיקלען און נאָטיצן מיטן אויסנאַם פון די אַרטיקלען פון י. ע. סקיווסקי און פעליקס בורדעצקי זענען אַנאָנים.

די צייטשריפט „פּזשעלאָם" איז געגאַנגען אויף דער אויסגעטראָטענער ליניע פון אידענטיפיצירן יידנטום מיט באָלשעוויזם — אין נומ' 11 פון אָקטאָבער איז פאַראַן וועגן דעם אַ גרויסער אידעאָלאָגישער אַרטיקל פון סקיווסקין א"נ די „יידנפראַגע", און ווי דעם איינציקן אויסוועג פאַר פּוילן

זעט זי אין דעם שטעלן זיך אויפן דייטשן צד אין קאַמף מיטן שונא נומ׳ 1 — דעם סאָוועטישן פאַרבאַנד, וואָס איז באַהערשט פון ייִדן. דאָס איז געווען די אָפיציעלע ליניע פון דער נאַצישער פּראָפּאַגאַנדע אין פּוילן אין די דאָזיקע גורלדיקע חדשים פון 1944 פאַרן ענדגילטיקן צוזאַמענברוך.

„פּזשעלאָם" האָט געדינט די אינטערעסן פון דער דייטשער פּראָפּאַגאַנדע אָן שום פאַרבאַהאַלטן, נישט נאָר לגבי ראַטנפאַרבאַנד, אויך לגבי די אַליאירטע מערב־מלוכות איז איר שטעלונג אָן אויסגעשפּראָכן פיינטלעכע און חזרט אויך דאָ איבער די באַקאַנטע געבעלסישע פּראָזעאָלאָגיע וועגן ייִדישער פּלוטאָקראַטיע און פאַרפוילטער און פאַררעטערישער מערב־בורזשואַזיע.

אין ייִוואָ־אַרכיוו געפינט זיך אַ זאַמלונג פון אַנטיסעמיטישער העץ־ליטעראַטור אין דער פּוילישער שפּראַך, על פּי רוב פון די יאָרן 1943 און 1944. זי באַשטייט פון בראָשורן, פלוגבלעטלעך, וואַנט־צייטונגען, לאָזונגען און פּלאַקאַטן, וואָס אַלע טראָגן זיי דעם שטעמפּל פון „רייכס־פּראָפּאַגאַנדאַ־אַרכיוו ביים רייכס־מיניסטעריום פאַר פאָלקס־אויפקלערונג און פּראָפּאַגאַנדאַ", מיט אַ לויפיקן נומער. זי באַשטייט פון 32 איינסן: 16 בראָשורן, 5 פלוגבלעטלעך, 8 וואַנט־צייטונגען און 3 גרויסע פּלאַקאַטן.

על פּי רוב פאַרמאָגן זיי אויך אַ דייטשע איבערזעצונג.

צי איז מצד געוויסע קרייזן פון דער פּוילישער געזעלשאַפט געווען אַ פּרווו קעגנצווווירקן דער נאַצישער אַנטיסעמיטישער פּראָפּאַגאַנדע? אין ליכט פון די ביז איצט באַקאַנטע פאַקטן מוז מען פעסטשטעלן, אַז עס זענען געווען פאַראיינצלטע פּרוון, אָבער זייער שוואַכע און האָבן דעריבער נישט געהאַט דעם געהעריקן אָפּקלאַנג און ווירקונג.

עס איז באַקאַנט, אַז די פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי (פּ.פּ.ס.) האָט אין שייכות מיטן שאַפן דאָס וואַרשעווער געטאָ אַרויסגעלאָזט אין נאָוועמבער 1940 אַן אויפרוף אין וועלכן זי האָט פאַראורטיילט דעם דאָזיקן אַקט ווי אַ באַרבאַרישן און גערופן צו סאָלידאַריטעט צווישן פּוילישע און ייִדישע אַרבעטער. דער „קאַטוילישער פראָנט פון באַנייטן פּוילן" האָט דעם 10טן יולי 1942 אַרויסגעלאָזט אַן אויפרוף אין איר אונטערערדישן אָרגאַן קעגן נאַצישן מאָרד איבער די פּוילישע ייִדן. אין אַ בריוו פון אַ גרופּע פּוי־

לישע פרויען צו שיקאַרסקין פון אויגוסט 1942 פאָדערט זי אָנצונעמען קעגנ־מיטלען קעגן דער דייטשער ציווילער באַפעלקערונג פאַר די רציחות קעגן דער פוילישער און יידישער באַפעלקערונג.

דער ראַט צו העלפן יידן Rada Pomocy Żydom przy Delegaturze Rządu, וואָס האָט זיך ענדגילטיק אָרגאַניזירט סוף נאָוועמבער 1942 און איז באַשטאַנען פון פאָרשטייער פון די צוויי סאָציאַליסטישע פאַר־טייען (וו.ר.נ. און ר.פ.פ.ס.* — די לעצטע פון יולי 1943, ביז דער דאָ־זיקער דאַטע איז אויך אין ראַט געווען פאַרטראָטן דער „קאַטוילישער פראָנט פון באַנייטן פוילן"), פון 2 דעמאָקראַטישע פאַרטייען און פון דער פויערים־פאַרטיי, האָט געפּרוווט קעגנווירקן דעם פּלאָג פון שאַנטאַזשיסטן. דער ראַט האָט אויך פאַרשפּרייט פלוגבלעטלעך אין וואַרשע, אין וועלכע די שאַנטאַ־זשיסטן זענען געשטעמפּלט געוואָרן ווי פאַרברעכער, וואָס זייער יום־הדין וועט קומען אין באַנייטן פוילן און די פוילישע געזעלשאַפט ווערט גערופן צו העלפן יידן און באַקעמפן די דערשיינונג פון שאַנטאַזש דורך באַמיען זיך צו געבן עפנטלעכע מעלדונגען וועגן טויט־אורטיילן וואָס זענען אויס־געפירט געוואָרן קעגן די דאָזיקע היענעס. לײדער זענען די דאָזיקע מעל־דונגען נישט פּלאַקאַטירט געוואָרן אין די גאַסן ווי דער ראַט האָט געפאָ־דערט, נאָר אין דער פוילישער אונטערערדישער פרעסע, וואָס איז דאָך צו דער פאָלקס־מאַסע נישט דערגאַנגען.

אין דער צייט פון דעם געטאָ־אויפשטאַנד (אַפּריל־מאַי 1943) האָבן זיך אין דער פוילישער אונטערערדישער פרעסע פון די סאָציאַליסטישע, קאָמו־ניסטישע און דעמאָקראַטישע ריכטונגען (אַפילו פון דער „סאַנאַציע"־פרע־סע) באַוויזן אַרטיקלען מיט סימפּאַטיע־אויסדרוקן און באַוווּנדערונג פאַר די העלדישע קעמפער. אָבער נאָר די קאָמוניסטישע „טריבונאַ וואַרשאַווסקאַ" האָט גערופן צו געבן הילף דעם קעמפנדיקן געטאָ (אַפילו נישט די פּ.פּ.ס.). דאָס איז געווען אין הסכם מיט דער אַלגעמיינער איינשטעלונג פון דער דע־

---

* וו.ר.נ. — ר"ת פון „וואָלנאָשטש", „רוווּנאָשטש", „ניעפּאָדלעגלאָשטש" איז געווען דער נאָמען פון פּ.פּ.ס. בעת דער אָקופּאַציע; ר.פּ.פּ.ס. — „ראַבאָטניטשאַ פּאַרטיאַ פּאָלסקיך סאָציאַליסטוו", דער לינקער פליגל פון דער פּ.פּ.ס. וואָס האָט זיך אָפּגעשפּאָלטן פון דער פּאַרטיי.

לעגאַטור נישט אַרויסצורופן אין דעם פעריאָד קיין באַוואָפנטע צוזאַמענשטויסן מיט דער אָקופּאַציע־מאַכט, נאָר זיין גרייט „מיט דער ביקס ביים פוס". אָבער קיין שום פּוילישע פּאָליטישע גרופּירונג האָט נישט געוואַגט צו פירן אַן עפנט־לעכע אויפקלערונג־אַרבעט צווישן דער פּוילישער באַפעלקערונג קעגן אַנ־טיסעמיטיזם. מען האָט העכסטנס אויסגעדריקט יידן מיטלייד און פאַראור־טיילט די באַרבאַרישע נאַצישע מעטאָדן. שיקאָרסקיס רוף דורכן לאָנדאָנער ראַדיאָ וועגן הילף פאַר די געררודפטע יידן איז כמעט פאַרשוויגן געוואָרן. מען האָט מורא געהאַט זיך אָפּן צו אַנגאַזשירן לטובת יידן מחמת די אַנטי־סעמיטישע שטימונגען אין לאַנד. און אויב עס זענען געווען פאַלן פון אויס־שטרעקן אַ פאַרפאָלגטן ייד אַ ברידערלעכע האַנט אָפטמאָל מיט דער ריזי־קע פון אייגענעם לעבן, איז דאָס געווען אַ רעזולטאַט נישט פון קיין אָרגאַ־ניזירטער און באַוווסטזיניק געלענקטער טעטיקייט פון דער פּוילישער גע־זעלשאַפט ווי אַזעלכער, נאָר אַן אינדיווידועלער טאַט מחמת גאָר אַנדערע סיבות; אין רוב פאַלן צוליב די גרויסע מאַטעריעלע פאַרדינסטן וואָס מען האָט דערפון געקענט ציִען און אויך — אין גאָר אַ קליינער צאָל פאַלן — מחמת הומאַניטאַרע אָדער רעליגיעזע איינשטעלונגען פון די דאָזיקע יחידים.

די נישט־הייליקע אַליאַנס צווישן דעם טיף־איינגעוואָרצלטן אַנטיסע־מיטיזם ביי ברייטע שיכטן פון דער פּוילישער באַפעלקערונג מיט געבעלסעס אַנטי־יידישער העץ־פּראָפּאַגאַנדע האָט געבוירן אַזעלכע גיפטיקע פּירות ווי די פאַרשפּרייטע דערשיינונג פון פּוילישע שאַנטאַזשיסטן (א"ב „שמאַלצאָוו־ניקעס") וואָס האָבן אויף זייער געוויסן אפשר צענדליקער טויזנטער יידישע קרבנות, אָדער די אָפענע אָדער שטילשווייגנדיקע הסכמה מיט דעם ווי די נאַציס „פאַרענטפערן" די יידנפראַגע אין פּוילן (אָפּגרענעצנדיק זיך פון די באַרבאַרישע מעטאָדן) ביי צאָלרייכע שיכטן פון פּוילישן פּראָסטן פאָלק, אינ־טעליגענץ און קלער.

מיט דער העץ־פּראָפּאַגאַנדע אַרום דעם פאַל קאַטין האָט זיך געבעלסן איינגעגעבן צו הייבן אין לאַנד די טעמפּעראַטור פון יידן־שנאה צו גאָר אַ הויכן גראַד, און פיל פאַרקלענערט די שאַנסן פון ראַטעווען זיך אַדאַנק הילף מצד פּאָלאַקן. עס איז קיין ספק נישט, אַז ווען נישט די נאַצישע העצע אַרום קאַטין, וואָס איז גראָד אויסגעפאַלן אין די טעג פון וואַרשעווער געטאָ־אויפ־

שטאַנד, וואָלטן פיל מער ייִדן געקענט ניצול ווערן פון געטאָ אויף דער א״ג „אַרישער״ זייט.

דער דאָזיקער ענין פאַרטשעפּעט שוין אָבער די גאָר ברייטע טעמע פון ייִדיש־פּוילישע באַציִונגען אין די דאָזיקע בלוטיקע מלחמה־יאָרן און איך מוז זיך דאָ אָפּשטעלן, אָפּשיקנדיק דעם פאַראינטערעסירטן לייענער צו רינ־געלבלומס גלענצנדיקער אַרבעט אויף דער טעמע (געשריבן אין זיין בונ־קער אויף דער אַרישער זייט), וואָס איז פּובליקירט געוואָרן אין די נומערן 28, 29, 30 און 31 פון פּוילישן בולעטין פון ייִדישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע.

## 2. נאַצישע פּראָפּאַגאַנדע צווישן די ווייסרוסן

מיר וועלן איצט איבערגיין צו ווייסרוסלאַנד, וואָס איז געווען איינע פון די פיר אַדמיניסטראַטיווע פּראָווינצן פון א״ג „אָסטלאַנד״, וואָס האָט חוץ ווייסרוסלאַנד אַרומגענומען אויך ליטע, לעטלאַנד און עסטלאַנד.

דער דאָזיקער מזרח־שטח, „דער אָסטן״, צו וועלכן מען דאַרף נאָך צו־רעכענען דעם רייכסקאָמיסאַריאַט „אוקראַיִנע״ איז געווען דאָס פּילבאַרסטע ראָד אין דער נאַצישער פּראָפּאַגאַנדע־מאַשין. דאָ האָט זי געהאַט צו טאָן מיט אַ קאָנגלאָמעראַט פון פעלקער: ליטווינער, לעטן, עסטן, ווייסרוסן, אוק־ראַיִנער, רוסן (נישט רעכנדיק ייִדן) מיט פאַרשידענע היסטאָרישע און פּאָ־ליטישע טראַדיציעס, מיט פאַרשידענע שטופעס פון נאַציאָנאַלער אַנטוויק־לונג און איינשטעלונגען צו זייערע ייִדישע שכנים. אויף דעם דאָזיקן שטח האָט די נאַצי־פּראָפּאַגאַנדע אַריינגעלייגט אַ מאַסע אַרבעט בכדי צו געווי־נען די דאָזיקע פעלקער פאַר אירע מלחמה־צילן. אָבער די רעזולטאַטן זענען געווען נישטיקע. די סיבה איז געווען אַ גאַנץ פּשוטע: די אַדמיניסטראַטיווע און פּאָליצייאישע אָקופּאַציע־פּראַקטיק האָט צונישט געמאַכט די שענסטע פּראָפּאַגאַנדע־לאָזונגען. אָבער אויף איין אָפּשניט, אויף דעם ייִדישן אָפּשניט זענען די לאָזונגען פון דער נאַצישער פּראָפּאַגאַנדע געווען אין הסכם מיט דער נאַצישער פּראַקטיק צו דער פולער אָפּטמאָל ענטוזיאַסטישער צופרידנ־קייט פון גרויסע טיילן פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג.

וועגן דער דאָזיקער ריזיקער אָנשטרענגונג מצד די פּראָפּאַגאַנדע־אַמטן אין ריגע און ראָוונע איז כדאי צו ברענגען אַ פּאָר ציפערן:

אין אַ שטרענג־געהיימען „לאַגע־באַריכט איבער די אָסט־פּראָפּאַגאַנדאַ" פאַרפאַסט פון פּרעסע־שעף פאַר די אָקופּירטע אָסט־געביטן, דאַטירט דעם 18טן אַפּריל 1942, זענען אָנגעגעבן אַזעלכע ציפערן:

„אין די אָקופּירטע מזרח־געביטן דערשיינען: 1) 127 צייטונגען, פון זיי 62 אין אוקראַיִניש, 20 אין לעטיש, 13 אין עסטיש, 13 אין רוסיש, 11 אין ליטוויש, 6 אין ווייסרוסיש, 1 אין טאַטעריש און 1 אין דער פּוילישער שפּראַך, וואָס זייער טיראַזש באַטרעפט בערך צוויי מיליאָן עקזעמפּלאַרן. 2) 7 זענדער־גרופּע (ראַדיאָ־נעץ) אָסטלאַנד [מיט ראַדיאָ־סטאַנציעס] אין ריגע, רעוועל, קאָוונע און מינסק [מיט לאָקאַלע אָפּצווייגונגען] אין ליבאַו, דאָרפּאַט, ווילנע, באַראַנאָוויטש אאַז״וו. „זענדער־גרופּע" אוקראַיִנע [מיט ראַדיאָ־סטאַנציעס] אין קיִעוו, וויניצאַ און ראָוונע. [חוץ דעם] „סאָלדאַטן־זענדערן" אין פּסקאָוו, סמאָלענסק, דניעפּראָפּעטראָווסק און סימפּעראָפּאָל... פון די 50 דייטשע פילמען מיט טעקסטן אין אוקראַיִניש, רוסיש און ווייס־רוסיש זענען ביז איצט צעשיקט געוואָרן 460 פילם־קאָפּיעס... ביז איצט זע־נען דערשינען 25 פּלאַקאַטן, וואַנט־צייטונגען און אילוסטראַציעס, צווישן זיי 3 פּלאַקאַטן און 1 וואַנט־צייטונג מיט אַנטי־סאָוועטישער און אַנטי־ייִדישער פּראָפּאַגאַנדע. פלוגבלעטער ביז איצט קרוב 800, וואָס זייער אויפלאַגע באַ־טרעפט פיל הונדערטער מיליאָנען עקזעמפּלאַרן. 3) בראָשורן און ביכער: 3 בראָשורן פאַר אַנטי־סאָוועטישער פּראָפּאַגאַנדע און 1 בראָשור „די אוק־ראַיִנע אין ייִדישע פּעסעלן" (קייטן). די באַזונדערס אונטערגעשטראָכענע טענדענצן אין דער אָנגעווענדטער פּראָפּאַגאַנדע־פּראַקטיק: 1) דער ייִדי־שער איינפלוס אין מאָסקווע, דעריבער די קרובהשאַפט („פערזיפּפונג") צווישן די סאָוועטישע מאַכטהאָבער און דער ייִדישער פּלוטאָקראַטיע".

מען דאַרף געדענקען, אַז דאָס איז ערשט געווען דער אָנהייב (אַפּריל 1942), אין די ווייטערדיקע יאָרן איז די אַרבעט אָוועק מיט מער פּאַרע.

וואָס שייך דעם כאַראַקטער פון דער פּראָפּאַגאַנדע צווישן דער ווייס־רוסישער באַפעלקערונג, דאַרף מען פעסטשטעלן, אַז זי איז מער אַנטי־סאָ־וועטיש ווי אַנטי־ייִדיש. געבעלסעס פּראָפּאַגאַנדע־מייסטערס האָבן אָפּנים

געוווסט אַז אַנטיסעמיטיזם איז פאַר דער ווייסרוסישער באַפעלקערונג, בפרט אויף דער טעריטאָריע פון סאָוועטיש רוסלאַנד נישט קיין איבעריק עפעק־טיווער פּראָפּאַגאַנדע־מיטל. עס איז היסטאָריש ריכטיק פעסטצושטעלן, אַז פון אַלע סלאַווישע פעלקער אין מזרח־אייראָפּע איז דער אַנטיסעמיטיזם ביי דער ווייסרוסישער באַפעלקערונג, וואָס איז אין איר איבערוועגנדיקער מער־הייט געווען אַ פּויערישע, געווען דער שוואַכסטער. די פּאָגראָמען פון די 80ער יאָרן האָבן דעם דאָזיקן שטח כמעט נישט אָנגערירט. דער ביאַליס־טאָקער פּאָגראָם אין 1906 איז געווען אַ פּאָליציייִש שטיקל אַרבעט. אויך אין דער צייט פון בירגערקריג זענען דאָרט קיין אַנטי־ייִדישע פּאָגראָמען נישט פאָרגעקומען.

אָט לייענען מיר טאַקע אין אַ מעמאָראַנדום פון אַ ווייסרוסישן קאָלאַ־באָראַטאָר צום „ווערמאַכט־באַפעלסהאַבער" אין אָסטלאַנד פון אויגוסט 1942, אַז „פאַר דעם ווייסרוסישן פאָלק עקסיסטירט נישט קיין ייִדן־פּראָבלעם. דאָס איז אַ רייך־דייטשער ענין. דאָ האָט געווירקט די סאָוועטישע דערציִונג, אַז עס זענען נישט פאַראַן קיין ראַסן־אונטערשיידן... די ווייסרוסן סימפּאַטי־זירן און האָבן מיטלייד מיט די ייִדן און קוקן אויף די דייטשן ווי באַרבאַרן און ייִדן־הענקער, היות דער ייִד איז [פאַר זיי] פּונקט אַזאַ מענטשלעכע באַ־שעפעניש ווי דער ווייסרוס... דער המון פאַרהאַלט זיך לגבי דער דייטשער פּראָפּאַגאַנדע בפירוש גלייכגילטיק... מען פרעגט זיך נאָך [ביי די ראַדיאָ־הילכער] אויף פּאַפּיראָסן, אויב עס איז נישטאָ קיין פאַרטיילונג, ציט זיך דער המון צוריק, מען הערט זייער גערן סאָוועטישע פאָלקס־מוזיק... דער אויפרוף אַריינצוטרעטן אין די ווייסרוסישע פרייווילי קע פאָרמאַציעס האָט נישט געפונען קיין אָפּקלאַנג" אאַז"וו.

עס איז אויך כדאי צו באַמערקן אַז צווישן די פּאָזיטיווע רעזולטאַטן פון דער דייטשער אָקופּאַציע, וואָס דער דאָזיקער ווייסרוסישער קאָלאַבאָ־ראַטאָר רעכנט אויס פעלט לחלוטין דער ייִדישער מאָמענט.

אין אַ פאַר אַ"ג „עררייגניסמעלדונגען" פון דער איינזאַץ־גרופּע B וואָס האָט אָפּערירט אויפן שטח פון ווייסרוסלאַנד, ווערט אויפמערקזאַם געמאַכט אויף דער הינטערשטעליקייט וואָס שייך ראַסישן באַוווסטזיין מצד דער ווייסרוסישער באַפעלקערונג. אַזוי למשל, ראַפּאָרטירט די איינזאַץ־

גרופּע דעם 7טן אָקטאָבער 1941, אַז אין ראַיאָן פון סמאָלענסק האָט זיך נישט איינגעגעבן אויפצוהעצן די באַפעלקערונג קעגן די ייִדן. אַנדערע ראַפּאָרטן פון ווייסרוסלאַנד שטעלן פעסט „אַז די שאַרפע מאָסמיטלען קעגן ייִדן, בפרט די עקזעקוציעס, האָבן באַדייטנדיק פאַרשטאַרקט די אַנטי־דייטשע שטימונג" און „אַז מחמת די פּאַסיוויקייט און פּאָליטישער אומוויסנ־קייט פון די ווייסרוסן, איז געווען אוממעגלעך צו אָרגאַניזירן פּאָגראָמען קעגן ייִדן".

ווי טראַגיש אַנדערש האָט אין דעם פּרט אויסגעזען אין אַן אַנדערער פּראָווינץ פון „אָסטלאַנד", אין לאַטוויע. אין אַ באַריכט וועגן דעם פּאָלי־טישן מצב אין דער פּראָווינץ פון טראַמפּעלדאַך, שעף פון פּאָליטישן דע־פּאַרטאַמענט פון רייכסקאָמיסאַריאַט אָסטלאַנד פון 16טן אויגוסט 1941, זאָגט זיך וועגן די לעטישע „פּערקאָנקרוסט" („פּייערקרייצלער"), „אַז וואָס שייך די עקסטערמינאַציע פון ייִדן און באָלשעוויקעס זענען זיי געווען פאַר־לאָזלעך און אין אָנפאַנג נישט פאַרטרעטבאַר".

אַנדערש האָט אויך אין דעם פּרט אויסגעזען אין דעם טייל ווייסרוס־לאַנד וואָס איז ביז דעם 17טן סעפּטעמבער 1939 געווען אַ באַשטאַנדטייל פון דער פּוילישער מלוכהשער טעריטאָריע און איז ביז דעם אויסברוך פון דער דייטש־סאָוועטישער מלחמה אין יוני 1941 געווען אונטער סאָוועטישער אָקופּאַציע. אויף דעם טייל ווייסרוסלאַנד האָט, פאַרקערט, די קנאַפּע 2־יאָ־ריקע סאָוועטישע אָקופּאַציע פאַרשטאַרקט אין אַ גרויסער מאָס די אַנטי־ייִדישע שטימונגען ביי דער ווייסרוסישער באַפעלקערונג. דאָ זענען די אָפט מאָל איבערגעטריבענע ידיעות וועגן דעם פאַרהאַלטן זיך פון דער ייִדישער באַפעלקערונג אויף די דאָזיקע שטחים, וואָס איז בדרך־כלל פּאָ־זיטיוו געווען איינגעשטעלט צום פאַקט פון דער סאָוועטישער אָקופּאַציע, וואָס האָט זיך דאָך צייטווייליק געראַטעוועט פון דער געפאַר אַרונטערצו־פאַלן אונטער דער נאַצישער הערשאַפט, און דער לפי־ערך גרויסער אַנטייל פון דער ייִדישער קאָמוניסטישער יוגנט און ייִדישע פּאַכלייט אין סאָוועט־טישן אַדמיניסטראַטיוון אוןווירטשאַפטלעכן אַפּאַראַט, געווען ווי אייל אויפן פייער פון דער נאַצישער העצע, וועגן דעם דאָמינירנדיקן ייִדישן עלעמענט אין באָלשעוויזם, וואָס איז אָן דעם גענוג געווען פאַרהאַסט ביי ברייטע שיכטן

פון דער ווייסרוסישער באַפעלקערונג אויף די דאָזיקע געביטן. דאָ האָט די קאָלאַבאָראַציע פון אַ היפּשן טייל פון דער ווייסרוסישער באַפעלקערונג, בפרט שטאָטישער, מיטן אָקופּאַנט אָנגענומען אַזעלכע פאָרמען ווי די ווייס־רוסישע הילפס־פּאָליציי, וואָס האָט זיך אין פיל פאַלן אַקטיוו באַטייליקט אין ייִדן־עקזעקוציעס און אין פאַרפאָלגן די אויסבאַהאַלטענע ייִדן.

אין דעם אָקופּירטן סאָוועטישן (מזרחדיקן) טייל ווייסרוסלאַנד האָט די קאָלאַבאָראַציאָניסטישע באַוועגונג וואָס די דייטשן האָבן דאָרט געשאַפן (דער ווייסרוסישער צענטראַלער ראַט אין מינסק מיט ראַדאָסלאַוו אָסטראָווסקין בראש, פּראָקלאַמירט ערשט דעם 1טן מערץ 1944) געטראָגן בעיקר אַ בולט אַנטי־סאָוועטישן כאַראַקטער. עס איז סימפּטאָמאַטיש אַז אַן אויפרוף צו די פּאַרטיזאַנער פון דעם „ווייסרוסישן צענטראַלן ראַט" פון 13טן מערץ 1944 מיט אַ ווענדונג זיך אומצוקערן אומבאַשטראָפט פון די וועלדער שווייגט איגנאָרירט ייִדן ווען אין דער צייט ווען דער ייִדישער אָנטייל אין דער ווייס־רוסישער פּאַרטיזאַנקע איז געווען אַ גאַנץ אָנזעעוודיקער סיי אין די רייען פון דער אַלגעמיינער פּאַרטיזאַנקע, סיי אין די באַזונדערע ייִדישע אָפּטיילן.

נאַטירלעך זענען אויפן אַ״ג „ווייסרוסישן קאָנגרעס" וואָס איז זיך צו־נויפגעקומען אין מינסק אין דער העלפט יוני 1944, געהערט געוואָרן רעדעס מיט די געוויינטלעכע אַנטי־ייִדישע אַקצענטן, אָבער זיי זענען גיכער גע־ווען באַשטימט פאַרן אָנוועזנדיקן גענעראַל־קאָמיסאַר גאָטבערג ווי פאַר דער ווייסרוסישער צוהערערשאַפט. איבעריקנס, צוויי וואָכן שפּעטער איז שוין דער צענטראַלער ראַט געלאָפן אין בהלה קיין מערב.

אין דער זאַמלונג פון נאַציש פּראָפּאַגאַנדע־מאַטעריאַל אין ווייסרוס־לאַנד, וואָס געפינט זיך אין ייִוואָ־אַרכיוו, איז פאַראַן נאָר איין פלוגבלעטל מיט אַ בולט אַנטי־ייִדישער טענדענץ. דאָס איז אַ קליין פלוגבלעטל אונ־טערן קעפּל „צי ווייסט איר?" וואָס אַנטהאַלט אַ סטאַטיסטיק וועגן דער ראָל פון די ייִדן אין דעם פּאַרטייִשן און ווירטשאַפטלעכן לעבן פון ראַטנ־פאַרבאַנד.

פון די אַנדערע פּאָליטישע ריכטונגען האָט נאָר די „ביעלאָרוסקאַיאַ נאַראָדנאַיאַ רעספּובליקאַ", געגרינדעט אין 1918, וואָס איז על־פּי־רוב באַ־שטאַנען פון צוריקגעקומענע עמיגראַנטן, געהאַט מער ווייניקער אַ פּראָ־

נאַציִשע שטעלונג. וועגן דער איינשטעלונג פון אַ דריטער פּאָליטישער ריכטונג די אַ״ג „וואָסווישענצי״ („דערוועקער״) און די „נאַצדעמיס״ (נאַציאָנאַל־דעמאָקראַטן), וואָס זענען באַשטאַנען פון רעשטלעך פון די בימי סטאַלין ליקווידירטע „נאַציאָנאַליסטישע אָפּנייגלער״ דריקט זיך אויס דער מחבר פון דעם אויבן־ציטירטן מעמאָראַנדום פון אויגוסט 1942, אַז זיי באַטראַכטן ווי אַ פאַררעטער יעדן איינעם וואָס שטעלט זיך באַוווסטזיניק אויפן דייטשן צד און פאַרלירט דערמיט יעטוועדן צוזאַמענהאַנג מיט זיינע פאָלקסגענאָסן.

עס וואָלט געווען אינטערעסאַנט אויסצופאָרשן און פעסטצושטעלן די שייכות צווישן דעם שוואַכערן אָפּקלאַנג פון דער נאַצישער אַנטיסעמיטישער פּראָפּאַגאַנדע ביי די ווייסרוסן און דעם גורל פון דער ייִדישער באַפעלקערונג אויף די ווייסרוסישע געביטן.

מיר שיינט, אַז די כמעט מאַסנהאַפטע דערשיינונג פון דער ייִדישער פּאַרטיזאַנקע אויף די דאָזיקע געביטן, די ייִדישע אַ״ג פאַמיליע־לאַגערן אין די וועלדער, וואָס מיר טרעפן נישט אויף קיין שום אַנדערע אָקופּירטע געביטן, האָט יאָ אַ שייכות מיט דעם דאָזיקן פאַקט. די סטאַטיסטיק פון דער צאָל געראַטעוועטע ייִדן אין די ווייסרוסישע געטאָס, אין פאַרגלייך מיט אַנדערע פּראָווינצן, וואָלט אונדז געקענט עפּעס לערנען.

### 3. די נאַצישע אַנטיסעמיטישע פּראָפּאַגאַנדע צווישן די אוקראַיִנער

מיר ווילן איצט איבערגיין צו די אוקראַיִנער.

די לייכסטע אויפגאַבע האָט די נאַצישע אַנטיסעמיטישע פּראָפּאַגאַנדע געהאַט ביי די אוקראַיִנער. פון איין זייט האָבן אוקראַיִניש־ייִדישע באַציִונגען געהאַט הינטער זיך אַן אַלטע היסטאָרישע טראַדיציע פון בלוטיקע קאָנפליקטן און שפּאַנונגען, פון דער אַנדערער זייט, איז די פּראָ־דייטשע און שפּעטער פּראָ־נאַצישע אָריענטאַציע געווען פאַרשפּרייט צווישן אַ ברייטן ספּעקטרום פון אוקראַיִנישע פּאָליטישע און מיליטערישע גרופּירונגען, אָנהייבנדיק מיט דער סקאָראָפּאַדישטשינע אין 1918.

עס איז נישט נויטיק איבערצוחזרן דאָ באַקאַנטע פאַקטן וועגן אוקראַיִ־

ביש־דייטשע צוזאַמענאַרבעט צווישןביידע וועלט־מלחמות און נאָך סעפּ־טעמבער 1939. מען קען זיי געפינען אין דער רייכער היסטאָרישער לי־טעראַטור וועגן דער פראַגע.

עס איז אָבער כדאי אונטערצושטרייכן, אַז אַפילו נאָך די ביטערע אַנ־טוישונגען וואָס די דאָזיקע קאָלאַבאָראַציע האָט געבראַכט אין יולי־אויגוסט 1941 די אוקראַיִנישע נאַציאָנאַליסטן פון מעלניקס און באַנדעראַס חדר, וואָס האָט ביי זיי אַרויסגערופן אַן אַנטי־נאַצישן קער, איז דער אַנטי־ייִדי־שער עלעמענט געבליבן אַ קאָנסטאַנטער פאַקטאָר אין דעם פּאָליטישן פּראָ־גראַם פון דער אָ.או.נ. („אָרגאַניזאַציאַ אוקראַיִנסקיך נאַציאָנאַליסטיוו"). באַנדעראַס קאַמף־לאָזונג איז ביזן סוף פאַרבליבן: „אַן אוקראַיִנע פריי פון ייִדן, פּאָליאַקן און דייטשן".

דער צווייטער קאָנגרעס פון דער אָ.או.נ. אין אַפּריל 1941 אין קראָקע האָט אין זיין רעזאָלוציע אָנגענומען די קלאַסישע אַנטי־ייִדישע לאָזונג פון „ייִדן־באָלשעוויקעס".

אומעטום אין די אָקופּירטע אוקראַיִנישע געביטן זענען אין דער או־קראַיִנישער געזעלשאַפט געקומען צו דער מאַכט די פּראָ־נאַצישע און קאָ־לאַבאָראַציאָניסטישע עלעמענטן, וואָס האָבן זיך געפליסט נושא־חן צו זיין ביי די דייטשן דורך אַנטיסעמיטישע אַרויסטרעטונגען. די באַקאַנטע ביל־בולים קעגן ייִדן, אַז זיי האָבן באַהערשט די סאָוועטיש־אָקופּירטע גאַליציע און וואָלין, אָדער אַז ייִדן האָבן פאַרמסרט פאַר דער נקוו"ד אוקראַיִנישע אַנטי־סאָוועטישע טוערס און קעמפערס, וואָס די באָלשעוויקעס האָבן דער־נאָך אומגעבראַכט אין די טורמעס פאַר זייער צוריקטריט, זענען איבער־געדרוקט געוואָרן אין די אוקראַיִנישע צייטונגען און אין די פּראָקלאַמאַ־ציעס צום פאָלק מצד לאָקאַלע אוקראַיִנישע קאָמיטעטן.

זינט דעם ערשטן מאָמענט פון דער אָקופּאַציע האָבן די נאַציס פאַר־פלייצט די אוקראַיִנישע געביטן מיט אַנטי־ייִדישער פּראָפּאַגאַנדע, וואָס איז פלייסיק איבערגעדרוקט געוואָרן אין די קאָלאַבאָראַציאָניסטישע אוק־ראַיִנישע צייטונגען אין די אָקופּירטע געביטן, אין דייטשלאַנד און אין טשעכיע. דער דייטשער אַריינמאַרש אויף אוקראַיִנישע געביטן איז אין פיל שטעט און שטעטלעך באַגלייט געוואָרן מיט אַ כוואַליע פון אַנטי־ייִדישע

פּאָגראָמען אין גאַליציע און וואָלין. געווען איינצלנע פאַלן ווען די אוקראַיִנישע באַפעלקערונג האָט אויף אייגענער האַנט אָרגאַניזירט קאָנצענטראַציע־לאַגערן פאַר ייִדן. אין עטלעכע שטעט אין מזרח־גאַליציע האָבן ייִדן־רעפערענטן פון דער ציווילער אוקראַיִנישער פאַרוואַלטונג אַרויסגעגעבן אַנטי־ייִדישע פאַראָרדענונגען. אוקראַיִנישע קאָמיטעטן האָבן אויסגעאַרבעט פּלענער פון „יודען־אַקציעס" און זיך געווענדט צו דער אויפזיכט־מאַכט וועגן אַ דערלויבעניש זיי אַדורכצופירן.* באַקאַנט איז די טרויעריקע ראָל פון אוקראַיִנישער הילף־פּאָליציי אין די רדיפות און שחיטות אויף ייִדן אין די אוקראַיִנישע געביטן און מחוץ זייערע גרענעצן, למשל אין דער גענעראַל־גובערניע. אין דעם פּרט איז להיפּוך צו ווייסרוסלאַנד, נישט געווען קיין וועזנטלעכער חילוק צווישן דער איינשטעלונג פון דעם רוב אוקראַיִנישער באַפעלקערונג אין דער אָקופּירטער סאָוועטישער אוקראַיִנע און אין מזרח־גאַליציע און מערב־וואָלין, וואָס זענען ביז סעפּטעמבער 1939 געווען אין די גרענעצן פון דער פּוילישער רעפּובליק.

אין אַ געהיימען דייטשן רייזע־באַריכט וועגן דער סאָוועטישער אוקראַיִנע פון יוני 1943 שטעלט זיין מחבר פעסט, אַז בעת זיין נסיעה האָט ער אָנגעטראָפן נאָר אויף 4 ייִדן און דאָס אין אַ שטראָף־לאַגער פון דער „עט־דע" ווו זיי זענען געווען באַשעפטיקט אַלס שניידערס און „אַז די אוקראַיִנער האָבן גאַנץ גלייכגילטיק אויפגענומען די עקזעקוציעס איבער די ייִדן".

ביי די אוקראַיִנער איז, דאַכט זיך, דער חילוק געווען אַ פאַרקערטער ווי ביי די ווייסרוסן: אין די געביטן וואָס זענען געווען ביז סעפּטעמבער 1939 אונטער פּוילישער הערשאַפט זענען געווען לפי־ערך מער פאַלן פון הילף און סימפּאַטיע לגבי די פאַרפאָלגטע ייִדן ווי אין דער סאָוועטישער אוקראַיִנע. צוויי ציפערן וועלן אפשר דאָס בולט אילוסטרירן: ווען די סאָוועטן האָבן צוריק דעראָבערט קיִעוו האָבן זיי אָנגעטראָפן נאָר אַ פּאָר ייִדן וואָס האָבן זיך געראַטעוועט אַדאַנק הילף פון זייערע אוקראַיִנישע שכנים, אין לעמבערג האָט זייער צאָל דערגרייכט לכל־הפחות צו עטלעכע צענד־

* פיליפּ פרידמאַן, אוקראַיִניש־ייִדישע באַציִונגען בעת דער נאַצי־אָקופּאַציע, ייִוואָ־בלעטער, באַנד 41, 1957/1958, ז' 238.

ליק, וואָס זענען ניצול געוואָרן מיט דער הילף פון אוקראַיִנער און פּאָלאַקן. אַן אָפּיציעלער דייטשער באַריכט פאַר אָקטאָבער 1942 צונויפגעשטעלט פון הויפּט־פּראָפּאַגאַנדע־אַמט אין קראָקע שטעלט פעסט פאַר לעמבערג, אַז אויף די דורכשניטלעך גוטע שטימונג פון דער [אוקראַיִנישער באַפעלקע־רונג] איז געפאַלן אַ שאָטן מחמת די אַנהאַלטנדיקע ווערבירונג פון אַרבע־טער פאַר דעם רייך און צוליב די נאָך אַנגייענדיקע אומזידלונג פון די יידן". דער באַריכט פּרוּווט דעם לעצטן פאַל דערקלערן חלילה נישט מיט סימפּאַטיעס צו די יידן, וואָס וועגן דער נויטווענדיקייט פון זייער ליקווי־דאַציע איז, לויט דעם באַריכט, די באַפעלקערונג (סיי די רייכסדייטשישע, סיי די אָרטיקע) איינגאַנצן איבערצייגט, נאָר מיט די „אויסזידלונג"־מעטאָדן, וואָס זענען לויט דער מיינונג פון זייער מחבר — „נישט ווירדיק פאַר אַ קולטור־פאָלק און פּראָוואָצירן דירעקט צו פאַרגלייכן די מעטאָדן פון דער געסטאַפּאָ מיט די פון דער „געפּעאו".

מיר האָבן אַ גרונט צו צווייפלען אין דער ריכטיקייט פון דער גענע־ראַליזירנדיקער פעסטשטעלונג אין דעם דאָזיקן פּראָפּאַגאַנדע־דאָקומענט. מיר ווייסן, אַז נישט אַלע אוקראַיִנער זענען געווען איבערצייגט אין דער דאָזיקער „נויטווענדיקייט". עס איז געווען אַנצווייזן אויף מעטראָפּאָליט שעפּטיצקיס בריוו צו הימלערן פון פעברואַר 1942, אין וועלכן ער האָט פּראָטעסטירט קעגן די יידן־אַקציעס, אויף זיין „הירטנבריוו" פון נאָוועמ־בער 1942 קעגן מאָרדן יידן, אויף די רעטונג־אַקציע פון די אוניאַטישע סטודיטישע קלויסטערס און אויף די צענדליקער אינדיווידועלע פאַלן פון ראַטעווען יידן, וואָס פיליפּ פרידמאַן ציטירט אין זיין דערמאָנטער אָפּ־האַנדלונג. פון דער אַנדערער זייט, מוז מען אָבער פעסטשטעלן, אַז פון אַלע סלאַווישע פעלקער אין מזרח־אייראָפּע אונטער נאַצישער אָקופּאַציע, האָט זיך ביי קיין שום פאָלק נישט מאַניפעסטירט אַזוי אַקטיוו און מיט אַזאַ רוצ־חישער התמדה באַגלייטער אַנטייל אין דער אויסראָטונג פון דער יידישער באַפעלקערונג, ווי ביים אוקראַיִנישן.

די קאָמבינאַציע פון אַן אַלטן, אין היסטאָרישן באָדן פאַרוואָרצלטן אַנטיסעמיטיזם, מיט נאַצישער מענטשן־פרעסערישער יידן־שנאה האָט דאָ, אויף דער אוקראַיִנישער ערד, אַרויסגעבראַכט דעם „רייכסטן" און בלוּ־טיקסטן שניט.

# אָפּגעראַטעוועטע יידישע קולטור־אוצרות נאָך דער מלחמה

דער נאַצישער פּלאַן אויסצוראָטן דאָס ייִדישע פאָלק אין אייראָפּע האָט געצילט נישט בלויז אין זיין פיזישן, נאָר אויך אין זיין גייסטיקן קיום. צוזאַמען מיטן ייִדישן פאָלק האָט אויך, לויט היטלערס טייוולאָנישער פאַנטאַזיע, געזאָלט פאַרשווינדן דער זכר פון ייִדישער גייסטיקער שאַפונג אין אייראָפּע פאַר די לעצטע 1.000 יאָר.

העכסטנס האָט ייִדיש לעבן און ייִדישער גייסט געזאָלט עקסיסטירן, ווי אַ פאַרשוווּנדענער היסטאָרישער פענאָמען, אין די נאַצישע מוזייען אין דער פאָרעם פון מוזעאַלע עקספּאָנאַטן און קאַריקאַטורן. זיי האָבן שוין אַפילו באַצייטנס געגרייט אַזעלכע מוזייען, וואָס זאָלן אָפּשפּיגלען דאָס לעבן פון פאַרשוווּנדענעם אייראָפּעיִשן ייִדנטום, אין פּראַג, לאָדזש און אַפנים אויך אין אַנדערע ערטער. (אין לאָדזשער געטאָ האָבן זיי אַפילו געפונען אַ ייִדישן „פּראָפעסאָר", וואָס האָט צוזאַמען מיט אַ שטאַב ייִדישע מיטאַרבעטער געגרייט קאַריקאַטורן פון ייִדישע טיפּן און ייִדיש לעבן; אַ צאָל עקספּאָנאַטן געפינען זיך איצט אין מוזיי פון ייִדישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע).

ייִדישע ביבליאָטעקן, אַרכיוון, קונסט־זאַמלונגען האָבן געקענט עקסיסטירן נאָר ווי אַ מאַטעריעלער באַשטאַנדטייל פון פּסעוודאָ־וויסנשאַפטלעכע נאַצישע פאָרש־אינסטיטוטן פאַר „יודען־קונדע". איבעריקנס האָבן די נאַציס די דאָזיקע רויב־פּאָליטיק פון קולטור־אוצרות אָנגעווענדט נישט נאָר לגבי ייִדן, נאָר אויך לגבי אַנדערע פעלקער, וואָס זענען געוואָרן קרבנות פון נאַצישער אַגרעסיע. פאַר דעם צוועק איז געשאַפן געוואָרן נאָך אין יאָר 1939 אַ ספּעציעלער אַמט, דער א"ג „איינזאַץ־שטאַב ראָזענבערג", מיטן נאַצי־טעאָרעטיקער אַלפרעד ראָזענבערג בראש.

ראָזענבערגס באַאַמטע האָבן זיך ווי אַ גענגסטער־באַנדע פאַרשפּרייט

איבער דער אָקופּירטער אייראָפּע, געגנישטערט ווו מען האָט באַדאַרפט, פון ריגע, ווילנע, מינסק, אין מזרח, פּאַריז, בריסל, אַמסטערדאַם אין מערב, ביז רוים, בעלגראַד, סאַלאָניק אין דרום. דער איינזאַץ־שטאַב האָט געהאַט צענדליקער אָפּצווייגונגען אין אַלע באַזעצטע לענדער און ער האָט געטאָן זיין אַרבעט בשלימות. אין מזרח־אייראָפּע אַליין האָט ער „באַזוכט" 375 אַרכיוון, 957 ביבליאָטעקן, 535 אינסטיטוטן און 402 מוזייען. די קאָנפּיס־קירטע מאַטעריאַלן זענען צוגעשטעלט געוואָרן אין דער בערלינער צענ־טראַלע פון וואַנען זיי זענען פאַרטיילט געוואָרן אין קאָלעקציעס צווישן די פאַרשיידענע דייטשע אינסטיטוציעס, אוניווערסיטעטן, צווישן דער נאַצי־פּאַרטיי, אַרמיי־שולן א״אַ. יידישע אַרכיוון און ביבליאָטעקן זענען אַריבער־געפירט געוואָרן אין ראָזענבערגס „אינסטיטוט צור ערפאָרשונג דער יודענ־פראַגע" אין פראַנקפורט אַם מיין, אין געבעלס' „אינסטיטוט צור סטודיום דער יודענפראַגע" אין בערלין אאַז״וו. ראָזענבערג האָט אויך נישט פאַרזען זיינע קאָלעגן. דער „קונסט־ליבהאָבער" גערינג האָט געקראָגן טייערע ביל־דער, טעפּיכער, אַנטיקן פון יידישע מוזייען, פּריוואַטע בילדער־קאָלעקציעס פון פּאַריז, בריסל און אַמסטערדאַם. דער סאַמעראָדנער „פירער" אַליין האָט חלילה נישט פאַרבראַקירט ראָזענבערגס „מתנות", וואָס זייער ווערט האָט זיך געשאַצט אין מיליאָנען דאָלאַרן. אַזוי איז אין משך פון יאָרן אָנ־געגאַנגען פון מלוכה־געזעצן „לעגאַליזירטע" גזילה פון פרעמדן קולטור־אייגנטום בכלל און פון יידישן קולטור־פאַרמעגן בפרט.

דאָס וואָס האָט אין די אויגן פון די „יודענקענער" נישט געהאַט קיין ווערט איז וואַנדאַליש פאַרניכטעט געוואָרן. אין ווילנער ייִוואָ־בנין ווו מען האָט קאָנצענטרירט אָנגעראַבעוועטע ביבליאָטעקן און אַרכיוון פון דער גאַנצער געגנט, זענען גרויסע ביכער־טראַנספּאָרטן פאַרקויפט געוואָרן אין פּאַפּיר־פאַבריקן אָדער אויף מאַקולאַטור.

שפּעטער ווען עס האָבן זיך אָנגעהויבן די סיסטעמאַטישע באָמבאַר־דירונגען פון דייטשע שטעט מצד דער אַליירטער אַוויאַציע, האָבן די נאַציס פאַרטיילט די דאָזיקע קאָלעקציעס אויף קליינע טיילן און זיי אויסבאַהאַלטן אין קלענערע שטעטלעך און דערפער. ווען די אַרמייען פון דער זיגרייכער קאָאַליציע האָבן זיך אָנגעהויבן צו דערנענטערן פון מזרח און פון מערב

זענען אין אייניקע ערטער אין נידערשלעזיע אין קעלערן פון אַ שלאָס לעבן גלאַץ (היינט קלאָצקאָ אין פוילן) דעפּאָנירט געווען גרויסע טיילן פון די אַנגעראַבעוועטע ייִדישע קולטור־אוצרות.

נאָך דער קאַפּיטולאַציע פון די דייטשע אַרמייען אין מאַי 1945 האָט מען אין פאַרשיידענע ווינקלען פון דייטשלאַנד אָנגעהויבן אויפצודעקן די אויסבאַהאַלטענע גזילה. אין אָפענבאַך (בייערן) ווו עס איז געווען דער צענטראַלער דעפּאָ פון דער אַמעריקאַנער זאָנע (אין דעם בנין פון דער אי. ג. פאַרבנאינדוסטריע) האָט זיך במשך מערץ־נאָוועמבער 1946 אָנגעקליבן העכער 2,300,000 ביכער און אַרכיוו־טעקעס.

אין די אונטערערדישע קעלערן פון דעם שלאָס ביי גלאַץ (סאָוועטישע אָקופּאַציע־זאָנע) איז צוו״אַנד געפונען געוואָרן אַ טייל פון די רייכע מאַנוסקריפּטן־זאַמלונגען פון ייִדישן טעאָלאָגישן סעמינאַר, אין ברעסלע, פון דעם ראַבינער־סעמינאַר אין ווין, פון דער סינאַגאָגע־ביבליאָטעק אין וואַרשע. אין קעלערן און בוידעמער פון פוילישע מאָנאַסטירן און קירכן זענען געפונען געוואָרן צענדליקער טויזנטער ספרים און ביכער פון די רייכע ייִדישע געזעלשאַפטלעכע און פּריוואַטע ביבליאָטעקן אין פוילן, ווו עס איז כמעט נישט געווען קיין ייִדישער ישוב אָן אַ ביבליאָטעק.

די געשיכטע ווי אַזוי טיילן פון די דאָזיקע קולטור־אוצרות זענען אָפּגעראַטעוועט און אומגעקערט געוואָרן אין ייִדישע הענט קלינגען ווי פאַנטאַסטישע מעשיות.

## 1. די קולטור־אוצרות פון ווילנער ייִוואָ

נאָך אין 1944 ווען די מלחמה האָט זיך געפונען אין פוילן גאַנג האָט דער אַמעריקאַנער ייִוואָ געמאַכט אומאויפהערלעכע באַמיִונגען ביים סטייט־דעפּאַרטאַמענט און קריגס־מיניסטעריום כדי צו פאַרזיכערן אַז די אַרויסגעפירטע מאַטעריאַלן פון ווילנער ייִוואָ, וואָס זענען אַריבערגעבראַכט געוואָרן אין ראָזענבערגס „ייִדנקענערישן״ אינסטיטוט זאָלן נאָכן נצחון איבער די נאַציס אומגעקערט ווערן צו זייער לעגאַלן בעל־הבית — דעם ייִדישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט אין ניו־יאָרק.

נאָך לאַנגע און אָנשטרענגענדיקע אינטערווענצן אין דער דאָזיקער אַק־ציע, אַדאַנק דער פּאָזיטיווער שטעלונג צום ענין סיי מצד דעם סטייט־דע־פּאַרטאַמענט, סיי מצד דעם שעף פון דער אַמעריקאַנער אָקופּאַציע־מאַכט אין דייטשלאַנד און נישט אין קיין קלענער מאָס, אַדאַנק דעם וואַרעמען אינטערעס און באַמיִונגען אויפן אָרט מצד די פריינד פון ייִוואָ, וואָס איי־ניקע פון זיי האָבן פאַרנומען פאַראַנטוואָרטלעכע פּאָסטנס אין דער אָקופּאַ־ציע־אַרמיי, איז געלונגען צו אידענטיפיצירן און אָפּקלייבן אין דעם ריזיקן אָפּענבאַכער דעפּאָ 420 גרויסע קאַסטנס מיט ביכער, ספרים און אַרכיוו־מאַטעריאַלן פון אַמאָליקן ווילנער ייִוואָ. דעם 1טן יולי 1947 זענען זיי אָנ־געקומען קיין ניו־יאָרק און זיי זענען איבערגעגעבן געוואָרן צו זייערע לע־גאַלע אייגנטימער — דעם אַמעריקאַנער ייִוואָ. איצט בילדן זיי דעם הויפּט־קערן פון דער ביבליאָטעק און אַרכיוו פון ייִוואָ. אויך אַנדערע ייִדישע ביבליאָטעקן און אַרכיוון ווי למשל די באַרימטע יודאַיִסטישע ראָזענטאַל־ביבליאָטעק, די ביבליאָטעק פון דער שפּינאָזע־געזעלשאַפט אין אַמסטער־דאַם א״אַ זענען אומגעקערט געוואָרן צו זייערע בעלי־בתים.

## 2. די ייִדישע ביבליאָטעקן און אַרכיוון פון די קהילות איןברעסלוי און ווין

די דאָזיקע רייכע זאַמלונגען וואָס האָבן געהאַט אַ שם מיט זייערע אומשאַצבאַרע כתב־ידן און יקר־המציאותן, זענען נאָך דער מלחמה געפו־נען געוואָרן אין אַזעלכע ערטער ווי אין טהרה־שטיבל פון דעם ברעסלער ייִדישן בית־עולם, אין די קעלערן פון דעם גלאַצער שלאָס, אַלץ ערטער וואָס האָבן זיך געפונען אין דער סאָוועטישער אָקופּאַציע־זאָנע. זייער גורל איז דעריבער געווען אַן אַנדערער, אין הסכם מיט דער סאָוועטישער פּאָ־ליטיק אין די אָקופּירטע געביטן. מען איז שפּעטער געוויר געוואָרן, אַז די זעלנער פון סאָוועטישן גאַרניזאָן האָבן ווינטער־צייט געהייצט מיט דעם פּאַר זיי ווערטלאָזן פּאַפּיר און אויך פאַרקויפט צו אָרטיקע ייִדן, וואָס זע־נען ווי רעפּאַטריאַנטן פון ראַטנפאַרבאַנד באַזעצט געוואָרן אין נידערשלע־זיע, מענטשלעך, ספרים א״אַ ריטועלע חפצים. דער גרעסטער טייל איז

שפּעטער וואַגאָנענווייז אַרויסגעפירט געוואָרן קיין מאָסקווע. עס האָט זיך דאָך איינגעגעבן אַריבערצופירן קיין וואַרשע אין ווינטער פון 1947 אין אַרכיוו און ביבליאָטעק פון ייִדישן היסטאָרישן אינסטיטוט אַ גרויסן טייל פון דעם ברעסלער קהילה־אַרכיוו און פון דער ביבליאָטעק פון ייִדישן טעאָלאָגישן סעמינאַר ווי אויך צענדליקער כתב־ידן פון אַרכיוו און ביבליאָטעק פון דער ווינער קהילה. זיי געפינען זיך היינט אין ייִדישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין פּוילן.

## 3. די אונטערערדישע חורבן־אַרכיוון

באַוווסטזיניקע קולטור־טוער און יחידים אין פאַרשיידענע געטאָס האָבן במשך פון יאָרן געזאַמלט דאָקומענטן וועגן ייִדישן אומקום און ייִדישן ווידערשטאַנד אונטער די נאַציס.

פילנדיק אַז עס דערנענטערט זיך דער טראַגישער סוף און ווילנדיק אַז עס זאָל פאַר די צוקונפטיקע ייִדישע דורות בלייבן אַ זכר פון דער ביישפּיללאָזער ייִדישער מאַרטיראָלאָגיע און העלדישן ווידערשטאַנד, האָבן זיי די דאָזיקע בלוטיקע חורבן־דאָקומענטן איבערגעגעבן דער מאַמע ערד, זי זאָל זיי אויסהיטן פאַר דער צוקונפט. דאָס האָט געהאַט אַן אָרט אין די געטאָס אין וואַרשע, ווילנע, ביאַליסטאָק, לאָדזש און אַנדערע שטעט. ווי נאָר די מלחמה האָט זיך פאַרענדיקט איז מען אומעטום צוגעטראָטן אויפצוגראָבן די באַהאַלטענע דאָקומענטן און אין אַ צאָל פאַלן זענען די באַמיִונגען געקרוינט געוואָרן מיט דערפאָלג. אַזוי האָט מען אין צוויי ערטער ביים גראָבן פונדאַמענטן אויפן שטח פון געוועזענעם וואַרשעווער געטאָ, פון וועלכן עס איז פאַרבליבן נאָר אַ מדבר פון ציגל און שטיינער, אין סעפּטעמבער 1946 און נאָוועמבער 1950 געפונען דעם גרעסטן טייל פון דעם באַגראָבענעם געטאָ־אַרכיוו, היינט — רינגעלבלום־אַרכיוו. זיי זענען געווען באַהאַלטן אין 10 מעטאַלענע קעסטלעך און אין 2 הערמעטיש־פאַרמאַכטע גרויסע מילך־קאַנען.

וויכטיקע טיילן פון דעם ווילנער געטאָ־אַרכיוו זענען נאָך דער מלחמה אָפּגעפונען געוואָרן דורך די דיכטער סוצקעווער און קאַטשערגינסקי און

זיי געפינען זיך היינט אין ייוואָ. די דיכטער האָבן אויך נאָך דער מלחמה אויפגעזוכט און אַרויסגעראַטעוועט פון אונטערן אייזערנעם פּאָרהאַנג, וויכ־טיקע ייִוואָ־מאַטעריאַלן, וואָס די ייִדישע געצוווּנגענע מיטאַרבעטער פון ראָזענבערג־שטאַב אין ווילנע (צו וועלכע זיי האָבן אויך געהערט) פלעגן מיט דער גרעסטער מסירות־נפש אַריבערשמוגלען פון ייִוואָ־בנין אין גע־טאָ אַריין און דאָרט זיי אויסבאַהאַלטן.

אין ביאַליסטאָק און אין לאָדזש זענען אויפן שטח פון די געוועזענע געטאָס אויסגעגראָבן געוואָרן גרויסע געהיימע חורבן־אַרכיוון, וואָס געפי־נען זיך היינט אין ניו־יאָרק, וואַרשע און ירושלים (טאַמאַראָף־אַרכיוו אין יד־ושם, זאַנאַבענד־זאַמלונג אין ייִוואָ, דער רייכער אַרכיוו פון לאָדזשער געטאָ אין ייִדישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע אאַז״וו).

געוועזן אָבער פיל פאַלן ווען דאָס זוכן נאָך באַגראָבענע מאַנוסקריפּטן און דאָקומענטן האָבן זיך פאַרענדיקט אָן רעזולטאַטן. אָדער זיי זענען דורך אַ צופאַל בעת דער מלחמה אַנטדעקט און פאַרניכטעט געוואָרן, אָדער זיי זענען געווען שלעכט פאַרזיכערט קעגן פייכטקייט און מען האָט זיי גע־פונען אין צושטאַנד פון טיילווייזער אָדער פולשטענדיקער צעפוילטקייט. וויכטיקע זאַמלונגען פון דאָקומענטן, ליטעראַרישע שאַפונגען און אַנדערע קולטור־ווערטן זענען אַזוי אַרום געגאַנגען לאיבוד.

עס איז אָבער זיכער, ווי עס האָט באַוויזן דער לעצטער פאַל פון אויס־גראָבן אין אוישוויץ אַ טאָגבוך פון לאָדזשער געטאָ, אַז די ערד באַהאַלט נאָך טיף אין איר שויס נישט ווייניק פאַרגראָבענע דאָקומענטן וועגן לעבן און אומקום פון אייראָפּעיִשן ייִדנטום.

# רשימה פון נעמען

ד



ה



וו



ז

## פון זעלבן מחבר:

אַ יידישע קהילה אין פוילן ביים סוף פון אַכצנטן יאָרהונדערט. **וואַרשע**, 1934.

געשיכטע פון די יידן אין פּלאָצק. **ערשטער באַנד** (1237—1657), **וואַרשע**, 1939.

לערנבוך פון יידישער געשיכטע. **ערשטער טייל** (אַלטערטום), **וואַרשע**, 1947.

# דאָס פוילישע יידנטום

ביכער-סעריע פון דעם צענטראַל-פאַרבאַנד פון פוילישע יידן
אין ארגענטינע

רעדאַקטאָר: מאַרק טורקאָוו

פאַרלאַג־לייטער: אברהם מיטלבערג

## ביז איצט דערשינען:

31) **שמחה פאַליאַקיעוויטש — אַ טאָג אין טרעבלינקע**

32) **מרדכי שטריגלער — אין די פאַבריקן פון טויט** (אויספאַרקויפט)

33) אברהם נחתומי — אין שאָטן פון דורות

34) **יחיאל לערער — מיין היים** (אויספאַרקויפט)

35) יוסף וואָלף — לייענענדיק פרצן...

36) **צפורה קאַצענעלסאָן־נאַכומאָוו — יצחק קאַצענעלסאָן**

37) י. הירשהויט — פינצטערע נעכט אין פאַוויאַק

38) נחום סאָקאָלאָוו — פערזענלעכקייטן

39) **רחל קאָרן — היים און היימלאָזיקייט** (לידער)

40) **א. אלמי — מאָמענטן פון אַ לעבן**

41) מנשה אונגער — פשיטכע און קאָצק (אויספאַרקויפט)

42) מ. בורשטין — איבער די חורבות פון פלוינע

43) מ. קיפּניס — הונדערט פאָלקס־לידער (אויספאַרקויפט)

44) ז. סעגאַלאָוויטש — מיינע זיבן יאָר אין תּל־אביב (אויספאַרקויפט)

45) ד״ר ה. שאָשקעס — אַ וועלט וואָס איז פאַרביי... (אויספאַרקויפט)

46) שלמה וואָגאָ — חורבן טשענסטאָכאָוו

47) אברהם זאַק — יאָרן אין וואַנדער (לידער)

48־49) **ש. איזבאַן — פאַמיליע קאַרפּ** (אויספאַרקויפט)

(פּרעמירט דורכן צבי־קעסעל־ליטעראַטור־פאָנד, מעקסיקע 1950)

50) **ד״ר א. מוקדוני — מיינע באַגעגענישן** (זכרונות)

51) **ר. שושנה־קאַהאַן — אין פייער און פלאַמען** (אויספאַרקויפט)

52) **י. י. טרונק — די יידישע פראַזע אין פוילן**

53) **יאָנאַס טורקאָוו — אין קאַמף פאַרן לעבן** (אויספאַרקויפט)

54) **יצחק פערלאָוו — די מענטשן פון „עקזאָדוס 1947" (ראָמאַן)**

55) פנחס ביזבערג — שבת־יום־טובדיקע יידן

56־57־58) **שלום אַש — פעטערבורג — וואַרשע — מאָסקווע**

59) ד״ר פיליפּ פרידמאַן — אָשוויענטשים

60) **ב. ראָזען — טלאָמאַצקע 13**

61־62) **דוד פלינקער — אין שטורעם (ראָמאַן)**

63) **יאַנוש קאָרטשאַק — משהלעך, יאָסעלעך, ישראליקלעך** (אויספאַרקויפט)

64־65) **מרדכי שטריגלער — „ווערק צע"** (אויספאַרקויפט)

(פּרעמירט דורכן האָפּער־לייב ליטעראַטור־פאָנד ביים
יידישן קולטור־קאָנגרעס, בוענאָס־איירעס, 1951)

66) **חיים גראַדע — שיין פון פאַרלאָשענע שטערן**

67) **רבקה קוויאַטקאָווסקא — פון לאַגער אין לאַגער**

68) **יואל מאַסטבוים — מיינע שטורמישע יאָרן** (זכרונות)

69) אליהו טראַצקי — גלות דייטשלאַנד

70) **ד״ר י. שאַצקי — קולטור־געשיכטע פון דער השכלה** (אויספאַרקויפט)

71) **נחמן מייזיל — געווען אַמאָל אַ לעבן...** (אויספאַרקויפט)

72) **י. י. טרונק — סימכע פלאַכטע פון נאַרקאָווע** (אויספאַרקויפט)

(פּרעמירט דורכן צבי־קעסעל־פאָנד, מעקסיקע, 1951)

73) יהודה עלבערג — אונטער קופערנע הימלען (אויספארקויפט)
(פרעמירט דורכן ליטעראטור־פאנד אין סאן־פאולא, בראזיל, 1951)
74) ד״ר א. מוקדוני — אויסלאנד
75) זיגמונט טורקאוו — פראגמענטן פון מיין לעבן
76) יהושע פערלע — יידן פון א גאנץ יאר
(פרעמירט מיט דער פרץ־פרעמיע פון יידישן פען־קלוב אין פוילן און ליטעראטור־פרעמיע פון „בונד" אין פוילן, ווארשע, 1937
77) יעקב לעשצינסקי — ערב חורבן
78) דניאל טשארני — ווילנע
79) ז. סעגאלאוויטש — דער לעצטער לאדזשער ראמאן (אויספארקויפט)
80) יזכור־בוך — בעלכאטאוו (אויספארקויפט)
81) מ. י. שעליובסקי — אויף א פולער וואך
82—83) יצחק פערלאוו — דער צוריקגעקומענער (ראמאן)
84) יוסף אקרוטני — דאס בוך פון די עלנטע
85—86) מרדכי שטריגלער — גורלות (אויספארקויפט)
87) ד״ר יוסף טענענבוים — גאליציע — מיין אלטע היים
88) זלמן שזר — שטערן פארטאג (זכרונות)
89) משה דוד גיסער — דאס געזאנג פון א לעבן (אויספארקויפט)
90) ז. י. אנכי — ר׳ אבא און אנדערע כתבים
91—92) עמנואל רינגעלבלום — קאפיטלען געשיכטע
93) שמעון האראנטשיק — אין גערויש פון מאשינען (ראמאן)
94) גרשם באדער — מיינע זכרונות (קראקע)
95—96) יאנאס טורקאוו — פארלאשענע שטערן (אויספארקויפט)
(פרעמירט דורכן צבי קעסעל ליטעראטור־פאנד, מעקסיקע 1954).
97—98) אלטער קאציזנע — שטארקע און שוואכע (ראמאן)
99) פועה ראקאווסקי — זכרונות פון א יידישער רעוואלוציאנערין
100) מארק טורקאוו — די לעצטע פון א גרויסן דור (אויספארקויפט)
101) י. הירשהויט — יידישע נאפט־מאגנאטן
(פרעמירט דורכן מרדכי־סטאליאר־ליטעראטור־פאנד, ביי „די אידישע צייטונג", בוענאס־איירעס, 1955).
102) משה זאנשיין — יידיש ווארשע
103) פ. מינץ (אלעקסאנדער) — די געשיכטע פון א פאלשער אילוזיע
104) י. י. טרונק — די וועלט איז פול מיט נסים (ראמאן)
105־106־107) מיכאל בארוויטש — ארישע פאפירן
(פרעמירט דורכן ניימאן־פאנד, פאריז, 1958).
108—109) מרדכי שטריגלער — געארעמט מיטן ווינט (ראמאן)
110—111) ד״ר א. מוקדוני — ווארשע און לאדזש
(פרעמירט דורכן האפער־לייב ליטעראטור־פאנד, ניו־יארק, 1956).
112) ברוך האגער — מלכות חסידות
(פרעמירט דורכן מרדכי־סטאליאר־ליטעראטור־פאנד, בוענאס־איירעס, 1956).
113) ב. שעפנער — נאוואליפיע 7 (אויספארקויפט)

114) פנחס שטיינוואַקס — ייִדן צום געדענקען
115) ק. צעטניק — דאָס הויז פון ליאַלקעס (אויספאַרקויפט)
116) מאַקס ווײַנרײַך — פון בײדע זײַטן פּלויט
117) אליעזר וויזל — און די וועלט האָט געשוויגן
118) ש. בערלינסקי — ירושה
(פּרעמירט דורכן ייִדישן קולטור־קאָנגרעס, ניו־יאָרק, 1957)
119) ד״ר יוסף טענענבוים — צווישן מלחמה און שלום
120) יוסף אָקרוטני — סוף קאַפּיטל
121) זיגמונט טורקאָוו — טעאַטער־זכרונות פון אַ שטורמישער צײַט
122) בער י. ראָזען — פּאָרטרעטן
123) אברהם טענענבוים־ארזי — לאָדזש און אירע ייִדן
124—125) משה קאַגאַנאָוויטש — די מלחמה פון ייִדישע פּאַרטיזאַנער
126—127) אברהם זאַק — קנעכט זענען מיר געווען
(פּרעמירט דורך דער באָריס סוראַוויטש־פּרעמיע, ניו־יאָרק, 1957)
128) יעקב גלאַטשטיין — ווען יאָש איז געפאָרן
129—130) דוד פלינקער — נײַע צײַטן (ראָמאַן)
(פּרעמירט דורך דער מרדכי סטאָליאַר־פּרעמיע, בוענאָס־איירעס, 1958)
131) משה יודל שעליובסקי — אין דער וועלט אַרײַן
(פּרעמירט דורך דער האָפּער־לייב־פּרעמיע, ניו־יאָרק, 1958)
132) ד״ר יצחק שוואַרצבאַרט — צווישן בײדע וועלט־מלחמות
133) לעאָן לענעמאַן — דער חשבון בלײַבט אָפן
134) שלמה פראַנק — טאָג־בוך פון לאָדזשער געטאָ
135) מ. באַקאַלטשוק — זכרונות פון אַ ייִדישן פּאַרטיזאַן
136) פנחס וועלנער — אין יענע טעג
137) אלימלך ראַק — זכרונות פון אַ ייִדישן האַנטווערקער־טוער
138) הירש אַבראַמאָוויטש — פאַרשווּנדענע געשטאַלטן
(פּרעמירט דורכן צבי־קעסעל־פאָנד, מעקסיקע 1959)
139) ב. טערקעל — צווישן שאָקאַלן
140) י. ל. וואַלמאַן — פּוילישע ייִדן (ראָמאַן)
141—142) נ. שמן — דאָס געזאַנג פון חסידות (אויספאַרקויפט)
143—144) צבי כהן — שטורמישע דורות (ראָמאַן)
145) יאָנאַס טורקאָוו — נאָך דער באַפרײַאונג
146) העלענאַ שערעשעווסקאַ — צווישן צלם און מזוזה (אויספאַרקויפט)
147) פנחס שטיינוואַקס — ייִדישע מאַמעס צום געדענקען
148) וואָלף מערקור — די וועלט איז כּעלעם (אויספאַרקויפט)
149) ראובן בן־שם — פּוילן ברענט...
150) יצחק טורקאָוו־גרודבערג — פּנימער און מאַסקעס
151) שלמה פריזאַמענט — בראָדער זינגער
152) דוד לעדערמאַן — פון יענער זײַט פּאַרהאַנג (אויספאַרקויפט)

153) שיינע־מרים בראָדערזאָן — מיין ליידנס־וועג מיט משה בראָדערזאָן
154) פּאָלאַ אַפּענשלאַק — יאַנוש קאָרטשאַק
155) שלמה ברייַנסקי — מענטשן פון זשעלעכאָוו
156) זיגמונט טורקאָוו — די איבערגעריסענע תקופה
157־158) אינזש׳ דוד דאַווידאָוויטש — קונסט־געשיכטע פון שולן אין פוילן
159) א. אַלמי — זאַמלבוך
160) ד״ר יצחק לעווין — ייִדן אין אַלטן פוילן
161) מלך ראַוויטש — דאָס מעשה־בוך פון מיין לעבן
162) ישראל עמיאָט — פאַרדעקטע שפיגלען
163־164) הערשל ה. ווייַנרויך — קאָמיסאַרן (ראָמאַן)
165) ישעיה טרונק — געשטאַלטן און געשעענישן

## עס גרייט זיך צום דרוק:

אברהם זאַק — אין אַנהייב פון אַ פרילינג
נינאַ טענענבוים — מרדכי טענענבוים־טאַמאַראָף
ג. קאַנטאַראָוויטש — פאַרשווּנדענע ישובים
ד״ר ל. וואָלמאַן — ייִדישע דאָקטוירים אין פוילן
יעקב צינעמאַן — די שטאָט ביים טייך סאַן
ב. טערקעל — די זון פאַרגייט ביים אמור

פּרעסע־שטימען וועגן דער ביכער־סעריע

# דאָס פּוילישע ייִדנטום

י. אַקרוטני שרייבט וועגן ד״ר יצחק לעווינס בוך „ייִדן אין אַלטן פּוילן“ („די אידישע צייטונג“, בוענאָס־איירעס, דעם 6טן מאַי 1962):

— 1 —

דער אויפקום פון די ערשטע ייִדישע ישובים אין פּוילן איז פֿאַרשפּונען מיט לעגענדע. שוין צום סוף פון אַכטן יאָרהונדערט האָבן ייִדישע וואַנדער־סוחרים, וואָס האָבן געפירט אַ האַנדל צווישן אַזיע און אייראָפּע אָנגעשפּאַרט צו די ברעגעס פון דער ווייסל און וואַרשע. זינט דעמאָלט דאַטירט זיך ייִדנס באַוווינשאַפט אויף פּוילנס ערד. צומאָל האָבן אויך כוזרישע ייִדן פֿאַרבלאָנדזשעט קיין פּוילן, אגב, אַ פאָלקס־לעגענדע דערציילט אַז אין 8טן יאָרהונדערט האָבן די פּאָליאַקן נישט געקענט דורכקומען צווישן זיך מכוח דעם, ווער עס זאָל אויסגעקליבן ווערן פֿאַרן נייעם פירשט — נאָכן טויט פון פירשט פּאָפּיעל. ביי די חכמי־כאם איז דעמאָלט געבליבן, אַז צומאָרגנס נאָך דער פֿאַרזאַמלונג אין קרושוויץ זאָל מען אין דער פרי אַרויסגיין אויפן וועג און דער ערשטער וואָס וועט אריינקומען אין שטאָט וועט ווערן דער פירשט. איז גראָד אָנגעקומען דער ייִד אברהם פּראָכאָווניק (דער הענדלער פון שיספּולווער, וואָס איז אין יענער צייט נאָך נישט געווען אויסגעפונען) און אים האָט מען פּראָקלאַמירט פֿאַרן פירשט. דער ייִד האָט אָבער מוחל געווען דעם גרויסן כבוד. ער איז באַשטאַנען דערויף אַז פֿאַרן פירשט פון פּוילן זאָל מען באַשטימען דעם קלוגן פּאָליאַק פּיאַסט, וועלכער איז געוואָרן דער שטאַמפֿאָטער פון דער פּיאַסט־דינאַסטיע.

אַן אַנדער פאָלקס־מסורה גיט איבער אַז צום סוף פון 11טן י״ה האָבן ייִדישע שלוחים פון דייטשלאַנד זיך געווענדט צום פּוילישן פירשט לעשעק מיט דער בקשה אַז ער זאָל אַריינלאָזן ייִדן קיין פּוילן. לעשעק האָט זיך צוערשט נאָכגעפרעגט וועגן דעם מהות פון דער ייִדישער רעליגיע און האָט דערנאָך געגעבן זיין הסכם. דעמאָלט האָבן ייִדן אָנגעהויבן קומען מאַסנווייז פון דייטשלאַנד קיין פּוילן, ווו זיי האָבן דעמאָלט אויך באַקומען ספּעציעלע פּריווילעגיעס. אָבער די געשיכטע־שרייבערס וואַרפן אָפּ דאָס רוב לעגענדעס. זיי זענען זיך סומך נאָר אויף דאָקומענטן און אויף אַלטע כראָניקעס. וועדליק דובנאָוון האָבן ייִדן זיך באַזעצט אין פּוילן ערשט צום סוף פון 9טן י״ה. זיי זענען געקומען פון דייטשלאַנד און בעמען. בעמען האָט דעמאָלט געהערט צו די הויפּטמערק פון סלאַווישן שקלאַפן־האַנדל.

דער אַריינקום פון ייִדן קיין פּוילן רעכנט זיך בעיקר זינט נאָך דעם ערשטן קרייצצוג (אין יאָר 1096), ווען ייִדן אין מיטל־אייראָפּע האָבן מוראדיק געליטן פון גוייִשן ערבֿ־רבֿ, וואָס איז אָרגאַניזירט געוואָרן ווי אַן אַזוי־גערופענע פאָלקס־אַרמיי אויף צו ראַבעווען און פֿאַרגיסן ייִדיש בלוט.

די שוידערלעכע פּאָגראָמען פון מאַינץ, שפּייער און וואָרמס זענען אומפֿאַרגעסלעך אין דעם היסטאָרישן ייִדישן זכרון. וועגן זיי זענען פֿאַרפאַסט געוואָרן מערערע כראָני־

קעס פון עדי־ראיה. כדי נישט אַריינצופאַלן אין די מערדערישע לאַפּעס פון די קרייצפאָרערס וואָס האָבן געצוווּנגען ייִדן צו שמד, האָבן ייִדן ליבערשט מקדש־השם געווען און זענען אויסגעגאַנגען אין גרויסע יסורים. אַנדערע האָבן זיך מאַסנווייז אַליין אויסגעשאָכטן. מענער האָבן געקוילעט זייערע פרויען און קינדער, מאַמעס האָבן געשאָכטן זייערע געליבטע קינדער. דער רב פון מאַינץ, רבי יצחק בן משה, איינגעהילט אין טלית האָט אויסגעשטרעקט זיין האַלדז און אים האָט מען דעם ערשטן אָפּגעהאַקט דעם קאָפּ, און די איבעריקע זענען געבליבן זיצן גרייט צו טאָן דעם רצון פון זייער באַשעפער, אַבי זיך נישט צו שמדן. מאַסן ייִדן האָבן בגוואַלד זיך געשמדט אין מעץ. אין רעגנסבורג איז די גאַנצע קהילה אָפּגעשמדט געוואָרן אויף אַ מוראדיקן אופן: די קרייצפאָרערס און די שטאָטלייט האָבן אַריינגעטריבן די ייִדן אין טייך דונאַי, אַוועקגעלייגט אַ צלם אויפן וואַסער און אַלעמען איינגעטונקט אין טייך.

די צעווילדעוועטע האָרדעס האָבן געבושעוועט אין די געגנטן פון די טייכן רהיין און דונאַי במשך גאַנצע דריי חדשים מאַי, יוני און יולי 1096. קיין בעמען האָבן זיי זיך אַריינגעריסן ווען דער פירשט וראַטיסלאַוו דער צווייטער האָט מלחמה געהאַלטן מיט פוילן. די ייִדן פון פּראָג האָט מען געצוווּנגען צו שמד, אַנדערע האָט מען דערהרגעט. אָפּקלאַנגען פון די דאָזיקע קריסטלעכע רציחות זענען געבליבן ביי אונדז אין אַ סך קינות און סליחות.

זינט יענע גרויליקע געשעענישן אין דייטשלאַנד, בעמען, פראַנקרייך האָבן ייִדן אָנגעהויבן זיך ראַטעווען קיין פוילן, ווו זיי האָבן גענומען אויפשטעלן ישובים אין וועלכע ס׳האָט זיך איינגעוואָרצלט דער באַזונדערער פּויליש־ייִדישער לעבנס־שטייגער, וואָס איז שוין באַשריבן און געלויבט אין צאָלרייכע ביכער פון ייִדישע און נישט־ייִדישע מחברים.

— 2 —

אַזאַ ווערק, וואָס פירט אונדז אַריין אינעם לעבנס־פיר פון ייִדן אין אַלטן פוילן, געהערט דער פּען פון דעם פּאַרדינסטפולן פאָרשער ד״ר יצחק לעווין. אַליין אַ פּוילישער ייִד מיט שטאַרקן אינטערעס פאַר געשיכטע פון זיין פאָלק אויף פּוילישער ערד, האָט ד״ר יצחק לעווין שוין אָנגעשריבן אין ייִדיש, פּויליש און ענגליש אַ ריי שטודיעס, וואָס האָבן דערגרייכט די אויפמערקזאַמקייט מצד געשיכטלערס און פאָרשערס פון אונדזער נאָענטן און וייטן עבר. בעיקר אינטערעסירט דעם אָנגערופענעם היסטאָריקער דאָס שטייגערישע אין ייִדישן לעבן פון די פאַרגאַנגענע דורות. זיין נייסט בוך רופט ער טאַקע אָן: „ייִדן אין אַלטן פוילן״ און איז אַרויסגעגעבן געוואָרן פון בוענאָס־אייַרעסער פאַרלאַג „דאָס פּוילישע ייִדנטום״, וואָס ווערט אָנגעפירט פון מאַרק טורקאָוו (רעדאַקטאָר) און אברהם מיטלבערג (אַדמיניסטראַטיווע לייטונג).

שוין דער אויבנאויפיקער אינהאַלט פון ד״ר לעווינס בוך גיט אַ באַגריף וועגן זיין נייעם פאַרמעסט צו געבן פאַרכאַפּנדיקע בילדער פון אַמאָליקן ייִדישן לעבן, געשילדערט אויפן סמך פון געשיכטלעכע אויטענטישע דאָקומענטן. יאָ, די באַזונדערע קאַפּיטלען פון דעם בוך זענען געשריבן אין אַזאַ לייכטן ייִדיש און אין אַ פאָרם אַז יעדער עפּיזאָד לייענט זיך ווי אַן אינטערעסאַנטע דערציילונג. און יעדע דערציילונג איז דורכאויסיקע געשיכטע, געבויט אויף דער באַזע פון מאַטעריאַלן וואָס לאָזן זיך נישט אָפּלייקענען, הגם דער סיפּור פון זיי איז אָפטמאָל שפּאַנענדיק.

אין דער שטודיע „יצחק אַבראַמאָוויטש

פּון לעמבערג און בת־שבע פּון ווין" פּירט אַרויס דער מחבר די געשטאַלט פּון דעם גאון מהר"ם מלובלין, וואָס האָט פּאַר אַ שטיק צייט פאַרנומען דאָס כסא רבנות פּון לעמבערג. אויפן פּאָן פּון אַ גט־סכסוך צווישן דעם אָנגעזעענעם לעמבערגער תושב ר' אברהם וואָלפש, וואָס איז געווען אַ שוואָגער פּון ר' מאיר בן גדליה (מהר"ם) און דעם ווינער גרויסן גביר ר' שמואל־פּייוויש, וואַקסט אויס אין זיין גייסטיקער גרויס דער מהר"ם — אַנטקעגן אַנדערע באַרימטע לומדישע חריפים, דעם בעל „מאירת עינים", רבי יהושע־פאַלק כהן און ר' מנוח הענדעל, אַ צדיק וואָס האָט מחבר געווען אַ פּירוש אויפן „חובות הלבבות". עס האָט זיך געמלעך געהאַנדלט וועגן אַ „גט על תנאי" וואָס דער ווינער גביר האָט אַרויסבאַקומען פּון זיין יונגן לעמבערגער איידעם, וואָס איז שווער קראַנק געוואָרן אין ווין און ס'איז געווען אַ סכנה אַז ער וועט שטאַרבן. היות דאָס פּאָרפאַלק האָט נאָך נישט געהאַט קיין קינדער, איז כלומרשט געווען אַ מורא אַז דער ברודער פון „שכיב מרע" וועט נאָכדעם נישט וועלן געבן קיין חליצה דער יונגער אלמנה. די דערמאָנטע צוויי באַוווּסטע לעמבערגער לומדים זענען גראָד געווען אין ווין, איז דעם פאָטער פּון דעם יונגן ווייבל געלונגען זיי צו געווינען פאַרן פּלאַן אַרויסצוקריגן פּון קראַנקן יונגנמאַן אַ גט על תנאי. די צוויי רבנים האָבן צוגערעדט דעם חולה און ער האָט מסכים געווען צו געבן דעם גט. די לעמבערגער רבנים האָבן מקבל קנין געווען מיט ר' שמואל־פּייוויש און זיין פרוי. מ'האָט גערופן צוויי עדות און דער גביר האָט דערקלערט פאַר זיי אַז אויב זיין ביז איצטיקער איידעם וועט געזונט ווערן, וועט במשך פון דרייסיק טעג געפּראַוועט ווערן אַ נייע חתונה צווישן אים און זיין ווייב בת־שבע. דער צד וואָס וועט חרטה האָבן, וועט אַריינפאַלן אין אַ שווערן חרם און מוזן באַצאָלן אַ קנס פון צוויי טויזנט גילדן. דעמאָלט האָט מען אויסגעשריבן דעם גט און אַלע האָבן זיך געחתמעט. מ'דאַרף נאָך צוגעבן, אַז די רבנים האָבן געזאָגט דעם שכיב מרע אַז „אַמאָליקע צייטן" פלעגט מען אין אַזאַ פאַל געבן אַ גט על תנאי, „איצט האָט דאָס שוין אויפגעהערט. אַ שכיב מרע גיט איצט זיין ווייב אַ גט אָן באַוואָרענישן, מען פאַרבינדט זיך אָבער דורך אַ חרם און מען וואַרפט זיך אונטער אַ געלט־קנס, אַז נאָך דעם... וועט מען נאָכאַמאָל חתונה האָבן".

דער סוף איז געווען אַ שווינדל... דער יונגערמאַן איז געזונט געוואָרן, ער איז באַשטאַנען אויף אַ חתונה מיט זיין ווייבל בת־שבע, אלא איר משפּחה האָט אים אויסגעלאַכט. ער איז נאָך אַזוי פאַרטומלט געוואָרן, אַז ער האָט געמוזט צוריקגעבן דעם שווער דאָס הויז וואָס מ'האָט אים געסילוקט אין נדן; דערצו האָט אים נאָך געדראָעט צו מוזן צאָלן דעם ווייבלס צד אַ גרויסן קנס — אַלץ אין הסכם מיט אַ כתב וואָס מ'האָט ביי אים אויסגענאַרט אין דער אויסזיכט ווידעראַמאָל חתונה צו האָבן מיט זיין בת־שבע. און געשלאָגן האָט מען דעם יונגנמאַן אויך אויפן סמך פון דעם גט, וואָס איז געווען אַ גט אָן באַוואָרענישן.

די צדדים האָבן זיך פאַרמאָסטן אין אַ געראַנגל. דער יונגערמאַן האָט געמאָנט זיין ווייב און דער שווער האָט אים אָפּגעשטויסן מיטן גט, ווייל ער האָט שוין געפינען אַן אַנדערן מאַן פאַר זיין טאָכטער. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ קאָך אַרום דעם גט. דער פעטער פונעם אָפּגענאַרטן יונגנמאַן, דער מהר"ם, האָט אויסגעפונען אַז על פּי דין איז דער גט נישט קיין גט. בת־שבע איז דאָס ווייב פון ר' ישראל־יצחק וואָלפש און ס'קען גאָרנישט זיין קיין רייד וועגן אַ נייער

חתונה. ס׳איז דערגאַנגען אַזוי ווייט אַז דער וועד ארבע ארצות אין יאַראָסלאַוו האָט אין אלול שע״א (1611) זיך באַשעפטיקט מיטן „ווינער גט״. דער לעמבערגער רב ר׳ מאיר בן גדליה האָט געזוכט איבערצייגן די פאַרזאַמלטע רבנים אין דער עוולה וואָס מ׳איז באַגאַנגען מיט דעם גט, אָבער ר׳ יהושע פאַלק כהן, וואָס האָט מסדר־געווען דעם גט, האָט אויך נישט געשוויגן. ער האָט פאַרזי־כערט אַז דער גט איז געווען כדת וכדין. היות ביידע שטרייטנדיקע גדולים זענען גע־ווען זייער אָנגעזען, איז געוואָרן אַ טומל אַרום דער זאַך. צו דער אויפרעגונג האָט מיטגעווירקט דער קלאַגג וואָס די מקורבים פון לעמבערגער רב האָבן פאַרשפרייט אַז יצחקן, דעם געקריוודעטן יונגנמאַן, האָט מען אין ווין אומיסטן פאַרסמט, כדי דאָקטוירים זאָלן קענען דערקלערן אַז זיין מצב אין אַ סכנהדיקער. דער חולה וועט נישט אויס־האַלטן. דער גט איז בכן אַ נויטווענדיקייט. די רבנים פון גרויס־פוילן, קליין־פוילן, רוס־לאַנד און וואָלין האָבן געמוזט אויסהערן ר׳ יהושע פאַלק כהנס געשרייען אַז ס׳איז שקר די שמועה בכן מ׳האָט אים אומיסטן קראַנק געמאַכט דעם יונגנמאַן, אַז מ׳האָט אונטער־געשטעלט די דאָקטוירים וואָס האָבן געזאָגט אַז דער קראַנקער איז געפערלעך; דער שכיב מרע האָט גוטוויליק געגעבן דעם גט און מ׳זאָל פון אים און זיין חבר ר׳ הענדעל, וואָס צוזאַמען האָבן זיי מסדר־געווען דעם גט, אַראָפּנעמען דעם חשד.

אויפן יאַראָסלאַווער יריד האָט מען פון אויסנווייניק ציטירט די גמרות (ווייל אין דעם ישוב איז דעמאָלט נישט געווען קיין איינציקער ספר) און ס׳איז לסוף געבליבן אַזוי, ווי ר׳ יהושע פאַלק האָט עס אויסגע־טייטשט. דער גט הייסט עס, איז גט. דעם פּסק פון וועד ארבע ארצות האָט מחבר גע־ווען דער פּאָדהייצער רב ר׳ בנימין אהרן סאלניק, אָבער ר׳ מאיר בן גדליה האָט דעם פּסק אָפּגעפרעגט. ער האָט, פאַרקערט, דער־וויזן אַז דער גט איז פסול על פּי דין. זיין תשובה האָט ער מייסטערהאַפט באַגרינדעט אויף אַ גמרא אין „בבא מציעא״ דף ס״ה, ער האָט זיך אָוועקגעלאָזן אין אַ טיפן פּילפּול וועגן דעם באַגריף פון דעם „תנאי כפול״. ער פאַררופט זיך אויף מערערע מקורים און צעקלאַפּט די הנחה פון דעם צד שכנגד וואָס האָט דווקא געוואָלט כשרן דעם גט וועלכער האָט אַרויסגערופן אַ בהלה צווישן די גדולי התורה. די תשובה פון מהר״ם איז פונאַנדער־געשיקט געוואָרן צו די רבנים פון דער מדינה און „דאָס גרויסע פייער פון מחלוקת האָט זיך באַלד מוראדיק צעפלאַקערט״.

די ווייטערדיקע פּרטים פון דעם תורה־שטרייט וואָלטן אונדז צו ווייט פאַרפירט. גענוג צו זאָגן אַז די שאַרפסטע קעפּ צווישן יידן זענען אַריינגעצויגן געוואָרן אין דעם ענין. אַזוי האָט ר׳ יואל סירקעס, דער ב״ח זיך געשטעלט אויף דער זייט פון ר׳ יהושע פאַלק און אויף דער זייט פון ר׳ מאיר בן גדליה האָט זיך אייזן־פעסט אַוועקגעשטעלט אַזאַ גאון ווי ר׳ מרדכי יפה, דער מחבר פון די „לבושים״, דערמאָלט רב פון פּויזן.

ר׳ מרדכי יפה האָט מיט זיין אויטאָריטעט באַקרעפטיקט די אויספירן פון מהר״ם, ער האָט געפּסלט דעם אָנגערופענעם גט, אָבער — דער לעמבערגער רב האָט דאָך פאַרשפּילט. דער וועד ארבע ארצות האָט נאָכאַמאָל באַ־שטעטיקט די גילטיקייט פון גט. דער מהר״ם האָט „פאַרשפּילט נישט נאָר דעם דין פון אַ גט שכיב מרע״ — זאָגט דער היסטאָריקער — „ער האָט אויך פאַרלוירן דאָס לעמבער־גער רבנות״. אַן אַלטע פאַרצייכענונג אין אַ פּנקס זאָגט אַז „ס׳איז אָנגעקומען אַ שריפט פון קעניג אַז מהר״ם מוז פאַרלאָזן לעמ־בערג״. „דאָס האָט געזאָלט זיין דער סוף פון זיין מחלוקת מיט ר׳ אברהם שרענצל ראַ־

פּאַפּאָרט״, פירט אויס ד״ר לעווין. ער טייטלט אָן אויפן לעמבערגער תקיף, וועלכער איז געווען באַליידיקט פון דעם שטאָטישן רב. דער היסטאָריקער גיט צו אַז דער מהר״ם איז געשטאָרבן צום יאָר נאָך דעם לעצטן באַשלוס פון „וועד״ וועגן ווינער גט און אַז זיין פּטירה איז פאָרגעקומען ביי מיסטעריעזע אומשטענדן. אַפילו זיין קבר איז פאַרשווּנדן.

מיר האָבן זיך אומיסטן אָפּגעשטעלט אויף דער גרעסטער שטודיע פון ד״ר לעווינס נייעם בוך, מחמת די דאָזיקע אָפּהאַנדלונג איז כאַראַקטעריסטיש פאַר אַלע אַנדערע עסייען אין דעם דאָזיקן באַנד. מיט ממש בעלעטריסטישער געניטשאַפט צייכנט דער געשיכטע־שרייבער די געשטאַלטן, וועלכע ער פירט אַרויס; ער שילדערט מיט טעמפּעראַמענט די געגעבענע סביבה און די געשיכטלעך־סאָציאַלע באַדינגונגען, אין וועלכע עס וויקלען זיך אויס די באַזונדערע עפּיזאָדן. און אַלע זענען זיי אָנגעשריבן מיט אַ וואַרעמער פאָלקסטימלעכער שפּראַך. דערפאַר לייענט זיך מיט שפּאַנונג די עסיי „ווי אַ רייכער גוי איז אַמאָל געוואָרן אַ סוחר מיט אתרוגים״. ס׳איז אויך אַ מעשה פון 17טן י״ה אין פּוילן, ווען יידישע קהילות זענען געווען איינגעבאָדן אין חובות און אין גוואַלדיקע הוצאות, וואָס זענען געווען פאַרבונדן מיט אַרויסהעלפן די ניצול געוואָרענע קרבנות פון באָגדאַן כמעלניצקיס באַנדעס. די קהילות זענען געבליבן ביי גרויסע בודזשעטן און מיט ליידיקע קאַסעס; זיי האָבן זיך געמוזט באָרגן געלט ביי גלחים, ביי רייכע פּריצים און ביי גוייִשע סוחרים אויף די מערק, און יענע האָבן געשונדן די הויט, גענומען שווערע צינזן און אויף די צינזן זענען אָנגעוואַקסן נייע צינזן. ס׳געווען אַ מעשה אָן אַן עק. די הויפּט־קאַסע איז געווען ביים „וועד ארבע ארצות״ און דער וועד האָט זיך פאַרחובט ביים ברעסלער סוחר קריסטאָף אויף אַ גרויסער סומע און פון אים נישט געקענט אַרויסקריכן. עס איז געקומען דערצו אַז דער מלך של חסד פון פּוילן, יאַן סאָביעסקי האָט געמוזט בעטן איינזעעניש פאַר זיינע יידן. מען האָט אַפּעלירט צום שטאָט־ראַט פון דער שלעזישער שטאָט ברעסלע אַז מ׳זאָל פּועלן רחמים ביי זייער סוחר קריסטאָף. ס׳נישט געווען קיין לייכטער עסק. געשיקט פּעטיציעס, שלוחים און סוף־כל־סוף איז מען געפאַלן אויף אַ המצאה צו געפינען אַ קוואַל פון הכנסה אויף צו דעקן דעם פאַרלאָזענעם חוב:

אַ מסחר מיט אתרוגים. דער וועד ארבע ארצות האָט אין געשטאַלט פון זיינע פאַרטרעטערס, יידן פון לעמבערג, פּויזן, קראָטאָשין און פּינטשעוו געשלאָסן אַן אָפּמאַך מיט זיין דייטשן מאַיעסטעטס קאַמעריי, אַריינצופירן קיין פּוילן אתרוגים און דער טראַקטאַט זאָל גיין אויסשליסלעך דורך ברעסלע. מיט דעם אָפּצאָל פאַר די אתרוגים וועלן זיך באַגינסטיקן אי זיין מאַיעסטעט דער דייטשישער קעניג און אי די יידן, ד״ה דער „וועד ארבע ארצות״. אין שותּפות צו די יידן האָט מען אַריינגענומען דעם דייטש קריסטאָף, פאַר אַ שותּף צום אתרוגים־מאָנאָפּאָל; דער צווייטער צד איז געווען דער בענדינער ייד הערשל־בנימין. ס׳איז געווען אַן אָפּמאַך אויף 20 יאָר. דער בענדינער קאָנצעסיאָנער האָט דעם וועד געגעבן אַ געוויסן אָפּצאָל פאַר דער רעכט צום אימפּאָרטירן די אתרוגים און זיין אַ שותּף אויף 50 פּראָצענט. אָבער די אתרוגים האָט באַדאַרפט ברענגען קיין ברעסלע דער גוי קריסטאָף.

אין 1693 האָט דער דייטש געבראַכט פון גענוא אַ גרויסן טראַנספּאָרט אתרוגים, אָבער עס איז מיט זיי געשען אַן אומגליק: אַלע פּיטומס זענען אָפּגעבראָכן געוואָרן אין וועג, און דער מסחר איז דורכגעפאַלן. האָט דער

בענדינער ייִד הערשל־בנימין געמוזט באַ־צאָלן, לויט דעם אָפּמאַך, אַ מטמון געלט, און האָט ער נישט געהאַט קיין מזומנים, האָט הערשל־בנימין געגעבן דעם גוי אַ משכון פון 1400 פּערל אויף 4 שנירלעך און נאָך אַ וועקסל אויף 194 רייכס טאַלער.

אַריינגעקראָכן אין מסחר האָט דער ערל געמוזט ברענגען אויך „מירטן אונד פּאַלמען" (הדסים און לולבים), ווייל דערפון איז געווען אָפּהענגיק דאָס צאָלן די ראַטע, וועלכע דער וועד ארבע ארצות האָט זיך מתחייב געווען ביי קריסטאָפן. אַזוי איז עס געגאַנגען — „דער גוי האָט זיך כסדר מיט דעם געמוטשעט, — זאָגט דער היסטאָריקער אין זיין זאַפטיקן ייִדיש — ביז דער ענין אתרוגים איז געוואָרן אַן אָפּיציעלער ענין פאַר דעקרעטן פון פּוילישע מלכים". הכלל, „פּיקאַנטע", טראַגישע ייִדישע היסטאָריע.

מיט נישט ווינציקער אינטערעס לייענען זיך אויך די אַרבעטן „ווי ר' חיים כהן ראַפּאָפּאָרט האָט זיך געלאָדן מיט לעמבערגער קהל וועגן זיין געהאַלט", „אַ סדרה קהילה־וואַלן אין לעמבערג אין 18טן י"ה", „אַ קאַפּיטל ייִדישע שתדלנות אין אַלטן פּוילן" א"אַ. אינעווייניקדיקער פּירוד אין ייִדישן ציבור־לעבן, דער שפּלער רעכטלעכער מצב פון די ייִדן אין פּוילן, די תקיפות פון גבירים און עם־הארצים, די פּאָזיציע פון שתדלן וואָס האָט פאַרטראָטן די ייִדישע פּאָליטיק און די ייִדישע „דיפּלאָמאַטיע" אַנטקעגן דעם פאַרריסענעם פּוילישן און רוסישן מאַכטהאָבער אין דער ווייסל־מדינה. מיט זאַכקענטעניש און וויסנשאַפטלעכער פּרעציזקייט זענען דאָס גלייכן געשילדערט די געשטאַלטן פון ייִדישן געלערנטן, אַסטראָנאָם און היסטאָריקער ר' דוד גאַנז (געלעבט אין 16טן י"ה) און פון ר' חיים אלעזר וואַקס, דעם בעל „נפש חיה", אַ ספר פון גרויסן פּירסום. מיט לירישער ווייכקייט, הגם אויך מיט נישט ווייניקער בקיאות אין היסטאָרישן מאַטעריאַל, איז געשריבן דער עטיוד „ר' מרדכי יפה און זיין מצבה אין פּויזן".

יצחק לעווינס „ייִדן אין אַלטן פּוילן" איז אַזאַ ייִדיש ווערק וואָס לפי זיין תוכן איז עס מיט ליבשאַפט פאַרקוקט צו דער ייִדישער פאַרגאַנגענהייט פון דעם פּוילן, וואָס איז אין איר ממשות שוין פאַרשניטן פאַר דער צוקונפט.

ס'איז טראַגיש: בעת דער שקיעה פון ישוב־פּוילן, ווי מיר האַלטן איצט נאָך די גזירות־היטלער וסטאַלין ימ"ש — קערן מיר זיך אום נאָסטאַלגיש צו די פּריִע אָנהייבן פון אונדזער התישבות אויף אָט־דער סלאַווישער ערד. מיט ווייטיק און מיט בענקשאַפט דערמאָנען מיר זיך אָן די גילגולים וואָס דעם גרויסן ייִדן־צענטער איז באַשערט געוואָרן אויף די ברעגעס פון דער ווייסל, פון דער וואַרטע, דער בזורע און דער פּיליצע און מיר פילן אַ האַרציקע דאַנקשאַפט צו יעדן וואָס ברענגט אונדז גייסטיק צוריק צו די ליכטער, וועלכע האָבן אויפגעשיינט אַפילו אין יענע טריבקייטן. אויך ד"ר יצחק לעווינס געשיכטלעכע צייכענונגען גרייכן צו דער דאָזיקער באַשטימונג. כאָטש עס זענען פאַראַן אַ סך פּינצטערע פלעקן אויף די פלאַכן, וואָס ער האָט פונאַנדערגעשפּרייט, בלענדן אָבער אַרויס צו אונדז יענע איידעלע שיינקייטן וואָס זענען אויפגעגאַנגען און געדייעט צווישן ייִדן אין דעם אַמאָליקן פּוילן.

